שואל פֿערדמאן

# בילדער און געשטאַלטן

ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע

ערשטער טייל

צווייטע  אויפֿלאַגע

1974

ייִדישע שול אין מעקסיקע

שואל פֿערדמאַן

# בילדער און געשטאַלטן

## ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע

ערשטער טייל

צווייטע



אויפֿלאַגע

1974

יידישע שול אין מעקסיקע

# עטלעכע ווערטער פֿון צונויפֿשטעלער
# צו דער צווייטער אויפֿלאַגע

מיט אַ גרויסער באַפרידיקונג גיב איך איבער אין די הענט פון די יידיש־לע־רערס די צווייטע אויפלאַגע פון ערשטן טייל „בילדער און געשטאַלטן". דאָס געפיל קומט, ערשטנס, פון דעם עצם פאַקט וואָס די כרעסטאָמאַטיע איז אַקטיוו אויסגענוצט געוואָרן, אויסהאַלטנדיק דעם פרוּוו פון דער צײַט און פראַקטיק; צווייטנס, ווײַל דאָס דערשײַנען פון דער צווייטער אויפלאַגע פאַלט זיך צונויף מיטן אַרײַנגעבן צום דרוק דעם צווייטן טייל, און סך־הכּל מיט עטלעכע חדשים צוריק איז אַרויס פון דרוק דער דריטער און לעצטער טייל.

דאָס הייסט, אַז ענדלעך איז דאָ אַ גאַנצקייט — אַ ליטעראַטור־כרעסטאָמאַטיע פאַר יעדן פון די דרײַ קלאַסן פון דער מיטלשול. אין הײַנטיקע צײַטן, בײַ די איצטיקע באַדינגונגען פון אַרויסגעבן אַ יידיש בוך בכלל און אַ יידיש לערנבוך בפרט — איז דאָס זיכער אַ דערגרייכונג סײַ פאַרן מחבר סײַ פאַר דעם יידיש־לימוד.

קומט טאַקע אַנערקענונג דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער שול אין מעקסיקע פאַר דעם פינאַנציעלן אַנשטרענג, און דער דירעקטאָרין פון דער שול, חיה טאַרענ־בערג, פאַר דעם אינטערעס, אַז אַלע טיילן פון דער כרעסטאָמאַטיע זאָלן אַרויסגיין וואָס גיכער, כּדי די תּלמידים זאָלן האָבן אַ יידיש טעקסטבוך אין האַנט.

אַ דאַנק אויך דעם לערער פון דער יידישער שול, חבֿר שלום לאָקער, פאַר זײַן הילף בײַם באַשטעטיקן דעם ענדגילטיקן אָפּקלײַב פון צוגעשטעלטן מאַטעריאַל.

•

ווי די לערערס וועלן קאָנען באַמערקן, זײַנען נישטאָ קיין וועזנטלעכע שינויִים אין דער צווייטער אויפלאַגע פון בוך, חוץ וואָס מיר האָבן, אין פאַרשטענדיקונג מיט די לערערס פון שול, אַרויסגענומען אַ טייל מאַטעריאַל, נישט ווײַל זיי זיינען געווען נישט־צוגעפּאַסטע, נאָר ווײַל די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז אַ סך טעקסטן פון ערשטן טייל ווערן צוליב צײַטמאַנגל בכלל נישט אויסגענוצט, אַפילו ווען מע לערנט דאָס בוך אין צוויי קלאַסן מיטלשול (אין ערשטן און טייל טעקסטן אין צווייטן). מיר מיי־נען, אַז עס איז געבליבן גענוג מאַטעריאַל סײַ פאַרן לימוד אין קלאַס סײַ צום פאַר־זיכיקן לייענען פון די קינדער.

•

לסוף אַ קליינע אויפקלערונג, פאַר וואָס דער דריטער טייל פון דער כרעסטאָ־מאַטיע איז דערשינען פריִער פון דעם צווייטן: טאַקע ווײַל דער ערשטער טייל איז געוואָרן געלערנט אין ערשטן און צווייטן קלאַס, האָט מען זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן מיט מאַטעריאַל פאַר דעם צווייטן קלאַס. דעריבער האָט זיך געפאָדערט וואָס גיכער צו געבן אַ טעקסטבוך פאַרן דריטן קלאַס, וואָס האָט אין גאַנצן קיין פּאַסיקן לערן־מאַטעריאַל נישט פאַרמאָגט.

שואל פֿערדמאַן

## מאַרק וואַרשאַווסקי | דער אַלף-בית

אויפֿן פּריפּעטשיק(1) ברענט אַ פֿײַערל,
און אין שטוב איז היים;
און דער רבי(2) לערנט קליינע קינדערלעך
דעם אַלף-בית.

זעט זשע, קינדערלעך, געדענקט זשע, טײַערע,
וואָס איר לערנט דאָ!
זאָגט זשע נאָך אַ מאָל און טאַקע נאָך אַ מאָל:
קמץ אַלף-אָ!

לערנט, קינדער, מיט גרויס חשק —
אַזוי זאָג איך אײַך אָן;
ווער ס'וועט גיכער פֿון אײַך קענען עבֿרי(3),
דער באַקומט אַ פֿאָן.

לערנט, קינדער, האָט ניט מורא,
יעדער אָנהייב איז שווער;
גליקלעך דער, וואָס האָט געלערנט תּורה —
צי דאַרף דער מענטש נאָך מער?

---

1. פּריפּעטשיק — אַן אויוון, אַ פֿײַערפּלאַץ.
2. רבי (רעבע) — מלמד, לערער פֿון חדר.
3. עבֿרי (איווריע) — דאָס לייענען.

איר וועט, קינדער, עלטער ווערן,
וועט איר אַליין פֿאַרשטיין,
וויפֿל אין די אותיות ליגן טרערן
און ווי פֿיל געוויין...

אויפֿן פּריפּעטשיק ברענט אַ פֿײַערל,
און אין שטוב איז היים;
און דער רבי לערנט קליינע קינדערלעך
דעם אַלף־בית.

## איסר קאַצאָוויטש — איך שרײַב אויפֿן זאַמד

מײַן עלטערער ברודער מרדכי לערנט אין מינסק. ערשט איז אָנגע־קומען פֿון אים אַ בריוו. דער טאַטע לייענט פֿאַר דער מאַמען דעם לשון־קודשדיקן(1) בריוו און פֿאַרטײַטשט. די מאַמע זאָגט נאָך יעדן וואָרט און וויינט. איך בעט בײַם טאַטן דעם בריוו. איך זע שיינע, קײַלעכדיקע אותיות, נאָר לייענען קען איך ניט. שרײַבן האָט מען מיך נאָך ניט געלערנט. בעט איך דעם טאַטן, אַז ער זאָל מיט מיר איבערלייענען דעם בריוו. ער לייענט מיט מיר איבער און פֿאַרטײַטשט מיר די שווערע ווערטער. איך גיי אַוועק צום ברעג טײַך, לייג זיך אַוועק אויפֿן געלן זאַמד, און מיט די פֿינגער שרײַב איך אויף דעם פֿײַכטן זאַמד יעדן וואָרט, ווי אין בריוו. אַפֿילו דעם „שלום" אויסגעדרייט, פּונקט ווי אין בריוו.

אין אַ וואָך צײַט האָב איך שוין דעם גאַנצן בריוו אייניקע מאָל איבערגעשריבן אויפֿן זאַמד, און מיר פֿאַרגלוסט זיך עפּעס אַנדערש צו שרײַבן, און טאַקע שרײַבן ניט אויפֿן זאַמד. אין שטוב איז אָבער ניטאָ ניט קיין טינט־און־פּעדער און ניט קיין פּאַפּיר. נאָר וועגן טינט־און־פּעדער האָב איך זיך אַן עצה געגעבן: אָנגעשאַרט סאַזשע(2) פֿון קוימען, אַרײַנ־געשאָטן אין אַ פֿלעשעלע, אָנגעגאָסן וואַסער, אויסגעמישט, געלאָזן שטיין, ביז עס האָט אויסגעזען גאַנץ שוואַרץ. און אַ פּעדער האָב איך באַקומען פֿון אַ געגנדזענעם פֿליגל, וואָס די מאַמע האָט געהאַט פֿון אַמאָל. אַלץ פֿאַרטיק, נאָר ווו נעמט מען פּאַפּיר? און איך דערמאָן זיך, אַז בײַם פֿעטער זײַנען פֿאַראַן אַזוי פֿיל ספֿרים, און אין יעדן ספֿר איז פֿון ביידע זײַטן

1. לשון־קודש — העברעיִש. 2. סאַזשע — hollín.

פֿאַראַן אַ ריינע בלאַט פּאַפּיר. לויף איך צום פֿעטער, גנבֿע זיך אַרײַן אין חדר, רײַס אויס עטלעכע ריינע בלעטער, קום אַהיים, נעם אַ נאָדל, מאַך אַ ביכעלע, און זעץ זיך איבערשרײַבן פּסוקים פֿון משלי(3). מײַן טינט איז עפּעס געלבלעך, לאַנג טריקנט עס ניט, און ווען עס טריקנט אויס, איז קוים וואָס מען קאָן לייענען, דאָך האָב איך אין אייניקע טעג פֿאַר־שריבן מײַן ביכעלע. איך לויף ווײַטער אָנרײַסן פּאַפּיר פֿון די ספֿרים.

צום אומגליק, האָט מען מיך געכאַפּט גלײַך בײַ דער אַרבעט, און באַלד איז אַרײַן דער פֿעטער, האָט מיך אָוועקגעלייגט, גוט אָפּגעשמיסן, גערופֿן „גנבֿ" און נאָך מיאוסע נעמען און האָט מיך אַרויסגעטריבן. לויף איך, אַן אָפּגעשמיסענער, אָן פּאַפּיר, און איך בין זייער אין כּעס אויפֿן פֿעטער. פֿאַר וואָס האָט ער מיך גערופֿן גנבֿ? איך האָב דאָך אויס־געריסן דאָס פּאַפּיר, וואָס קיינער דאַרף עס ניט האָבן! ער מיינט, אַז איך דאַרף דאָס פּאַפּיר צו שפּילן זיך דערמיט. ער ווייסט גאָר ניט, אַז איך דאַרף שרײַבן, און פֿאַר וואָס צו קויפֿן פּאַפּיר איז ניטאָ... וואָס מער איך טראַכט, ווער איך אַלץ מער אין כּעס אויף אים, און איך באַשליס, אַז איך מוז אין אים נקמה נעמען, און איך האָב טאַקע דערהיט, ווען ער איז ניטאָ אין דער היים, האָב איך זיך אַרײַנגעכאַפּט אין חדר און האָב מיט כּעס אויסגעריסן אַלע ריינע בלעטער פֿון אַלע ספֿרים.

אין אַ קורצער צײַט אַרום דערלאַנגט מיר דער טאַטע אַ פֿלעשעלע מיט אמתע טינט און אַ פּעקעלע מיט גרויסע בויגנס פּאַפּיר. „דאָס איז פֿאַר דיר", — זאָגט דער טאַטע און קוקט מיר גלײַך אין די אויגן, גלײַך ווי ער וויל נאָך עפּעס זאָגן. איך דענק, אַז ער מוז שוין וויסן די גאַנצע מעשׂה, און איך לאָז אַראָפּ מײַנע אויגן. דער טאַטע קערט זיך אָפּ און גייט אַוועק.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען מיר האָבן געלערנט, טוט דער טאַטע אַ זאָג: „לערנען און קענען די תּורה איז זייער שיין, אָבער נאָך שענער איז, אַז מע היט אָפּ, וואָס די תּורה לערנט אונדז, און פֿון קינדווײַז אָן מוז מען זיך געוווינען אָפּצוהיטן. די תּורה זאָגט צוויי מאָל: „לא תגנבֿ", דו זאָלסט ניט גנבֿענען; דאַרף אַ קינד היטן זיך ניט צו גנבֿענען קיין זאַך, אַפֿילו אַ קנעפּל, אַפֿילו אַ פּאַפּירעלע". דאָס וואָרט „פּאַפּירעלע" האָט מיר אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. איך בין זיכער, אַז ער ווייסט, און טרערן האָבן זיך געשטעלט בײַ מיר אין די אויגן. דער טאַטע האָט באַלד אָנגעהויבן ווײַטער צו לערנען.

---

3. משלי — א ספֿר פֿון תּנך.



| | |
|---|---|
| איסר קאַצאָוויטש | מײַן ערשטער רבי שטאָפּט מיך מיט תּורה |

מײַן טאַטע איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער היים. ער האָט ערגעץ אַ שטעלע(1) אין אַ וואַלד, און די מאַמע מיט די קליינע קינדער זײַנען דאָ געבליבן אַליין. איז אונדז זייער אומעטיק געווען, ביז דער טאַטע האָט מיר אַ רבין געשיקט. מײַן רבי האָט שוין אַ בערדעלע, און דאַוונט נאָך אָן אַ טלית. די מאַמע זאָגט, אַז ער איז נאָך אַ בחור, און אַז ער איז זייער אַ פֿרומער. איך זע, ווי ער דאַוונט זייער לאַנג, און בײַ דער נאַכט וועקט ער מיך אויף פֿון שלאָף מיט זײַן וויינענדיקן ניגון, מיט וועלכן ער לערנט גמרא(2). ווען ער רעדט מיט מײַן מאַמען, לאָזט ער אַראָפּ זײַנע אויגן און רעדט שטיל, איינציקע ווערטער.

מיט מיר האָט ער אָנגעהויבן צו לערנען חומש. לערנען מיר צוויי מאָל אין טאָג און איין מאָל אין אָוונט, און מיר זיצן איבערן חומש זייער לאַנג. ער פֿאַרטײַטשט און גיט מיר צו פֿאַרשטיין. דערצו נאָך דערציילט ער צו יעדער זאַך שיינע מעשׂיות, וואָס ער האָט געפֿונען אין אַנדערע ספֿרים, און ער דערציילט עס זייער שיין — יעדעס וואָרט קריכט מיר טיף אין האַרצן.

אָט לערנען מיר, ווי גאָט טרײַבט אַרויס אָדמען און חוהן פֿון גן־עדן. זע איך, ווי אָט גייען זיי ביידע ברוגזע, פֿאַרשעמטע און וויינען, ווי אַ ייִנגל נאָכן אָפּשמײַסן. און אָט לערנען מיר וועגן אַבֿרהמען. דערציילט מיר דער רבי, ווי אַבֿרהם אָבֿינו האָט בײַ זײַן טאַטן תּרח אַלע אָפּגעטער צע־בראָכן, האָט דער מלך נמרוד געהייסן אַרײַנוואַרפֿן אַבֿרהמען אין אַ ברענענדיקן קאַלכאויוון. און ווען מע האָט אים אין אַ גרויסן פֿײַער אַרײַנגעוואָרפֿן, זײַנען מלאָכים געקומען, זייערע פֿליגלען צעשפּרייט צו באַשיצן(3) אים. און מיר שטעלט זיך פֿאָר, ווי די מלאָכים פֿאָכן מיט די פֿליגלען, ביז אַבֿרהם קריכט אַרויס פֿון פֿײַער, און איך בין זייער צופֿרידן, וואָס גאָט האָט אַזאַ נס געטאָן. און אָט לערנען מיר, ווי די ברידער האָבן

---

1. שטעלע — אַרבעטספּלאַץ.
2. גמרא (געמאָרע) — זאַמלונג קאָמענטאַרן צום תּנך און אַנ־דערע ייִדישע געזעצן.
3. באַשיצן — פֿאַרהיטן.

יוספֿן פֿאַרקויפֿט, און ווי מע פֿירט אים קיין מצרים, און מײַן רבי הייבט אָן צו דערציילן, ווי יוסף גייט פֿאַרבײַ זײַן מוטער רחלס קבֿר, טוט ער זיך אַ וואָרף אויף דער מוטער־ערד, און הייבט אָן צו קלאָגן און בעטן זיך: „מאַמע! מאַמע! שטיי אויף פֿון דײַן קבֿר, זע, ווי דײַן זון איז פֿאַר אַ קנעכט פֿאַרקויפֿט געוואָרן, זע, ווי ער ווערט געפּײַניקט און קיינער האָט קיין רחמנות ניט". איך הער, ווי דער רבי דערציילט, און איך וויין הויך אויפֿן קול.

אויסערן לערנען, דאַוון איך דאָס גאַנצע דאַוונען דרײַ מאָל אַ טאָג. אין דער פֿרי נאָכן דאַוונען זאָג איך תּהילים(4); בײַ טאָג זאָג איך תּרגום(5); נאָך יעדן עסן בענטש איך דאָס גאַנצע בענטשן; פֿאַרן שלאָף לייען איך די לאַנגע קריאת־שמע(6); פֿרײַטיק איז מען מעבֿיר די סדרה(7) און מע זאָגט די הפֿטורה.

איין מאָל הער איך, ווי מײַן מאַמע זאָגט צום רבין, אַז איך לערן צו פֿיל. ענטפֿערט דער רבי: „די גמרא זאָגט. אַז ווען אַ ייִנגעלע איז זעקס יאָר אַלט, זאָל מען אים שטאָפּן(8) מיט תּורה, ווי מע שטאָפּט אַן אָקס מיט עסן; און דאָ איז, אָן עין־הרע(9), אַ ייִנגעלע, וואָס לאָזט זיך שטאָפּן".

אָט אַזוי האָט דער רבי מיך געשטאָפּט, און איך האָב טאַקע געלאָזן זיך שטאָפּן; ערשטנס, ווײַל איך האָב ליב געהאַט דעם רבין מיט זײַנע מעשׂיות; צווייטנס, ווײַל דער רבי האָט געזאָגט, אַז אויב מע לערנט תּורה, ווערט מען זײַן אין גן־עדן מיט די אָבֿות און מיט משה רבינו און מיט אַנדערע צדיקים; און, דריטנס, ווײַל קיין אַנדער זאַך האָב איך ניט געהאַט צו טאָן. דער רבי לאָזט מיך אַפֿילו אַרויס אין דרויסן שפּילן זיך, אָבער אַליין איז ניט גוט צו שפּילן זיך.

אין אָוונט, ווען דער רבי פֿלעגט אַליין לערנען, און די מאַמע האָט עפּעס געאַרבעט, פֿלעג איך דער מאַמען איבערדערציילן אַלע מעשׂיות, וואָס איך האָב געלערנט, און זי פֿלעגט מיר דערפֿאַר געבן אַ קוש. ווען דער טאַטע פֿלעגט קומען, פֿלעגט ער מיך פֿאַרהערן(10), אַ קניפּ טאָן אין באַק און זאָגן, אַז איך בין אַ גוט ייִנגל.

צוויי יאָר האָב איך געהאַט אָט דעם גוטן רבין. שפּעטער איז ער אַוועק פֿון אונדז, און איך האָב לאַנג געבענקט נאָך אים.

---

4. תּהילים — ספֿר פֿון תּנך.
5. תּרגום (טאַרגעם) — אַראַמעיִשע פֿאַרטײַטשונג פֿון תּנך.
6. קריאת־שמע — תּפֿילה פֿאַרן שלאָף.
7. מעבֿיר (מאַוויר) זײַן די סדרה — לייענען אַ קאַפּיטל פֿון חומש מיט אַ ספּעציעלער אינטאָנאַציע. — הפֿטורה (האַפֿטוירע) — קאַפּיטל פֿון נבֿיאים, מיט וועלכן מע פֿאַרענדיקט לייענען די תּורה שבת און יום־טובֿ.
8. שטאָפּן — אָנפֿילן, אַרײַנלייגן.
9. אָן עין־הרע (איין־האָרע) — שלעכט אויג.
10. פֿאַרהערן — עקזאַמענירן.

# חדר-יאָרן

**י. קאָפּעלאָוו**

## א

פֿינף יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מע האָט מיך אָפּגעגעבן אין חדר.

אַלע ייִדישע טאַטעס — רײַך אָדער אָרעם, לומדים אָדער פּראָסטע מענטשן, באַלמעלאָכעס אָדער חשובֿע באַלעבאַטים — אַלע האָבן אָפּגעגעבן זייערע ייִנגלעך אויפֿן פֿינפֿטן יאָר אין חדר. „תּורה איז די בעסטע סחורה", האָט מען געזונגען צו די קינדער נאָך אין די וויגן, און צו ליכט־בענטשן פֿלעגט די מאַמע תּפֿילה טאָן, אַז „ווי די ליכטער לײַכטן, זאָלן אַזוי די אי...עלעך פֿון איר זונעלע אין דער הייליקער תּורה לײַכטן"...

גערופֿן האָט מיך די מאַמע ניט אַנדערש, ווי „תּנאלע(1) מײַנער", און „מופֿלג"(2), נאָך איידער איך האָב געוווּסט דעם באַטײַט פֿון די ווערטער. דער טאַטע פֿלעגט, גלעטנדיק מיך איבערן קאָפּ, צוגעבן:

— ער וועט, אם־ירצה־השם, קענען גוט לערנען. ער האָט אַ גוט קעפּעלע!

ווען תּורה, לומדות(3) און תּלמידי־חכמים(4) האָט מען שטענדיק גערעדט אין שטוב מיט גרויס התפּעלות(5). אַ קרובֿ אונדזערער האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, האָט מען כּסדר זיך געחידושט(6): „אײַ־אײַ, וואָס פֿאַר אַ ווילער חתן, אַן עילוי(7), גאָר אַ צאַצקע, אַן אַנטיק!" און די מאַמע האָט מיט אַ ביסל קנאה אויסגעלאָזן:

— אַז גאָט וויל, דאַרף מען דען הכמות? באַשערט אַ גליק!

מײַן באָבע, אַ גאַנץ קלוגע ייִדענע, פֿלעגט טענהן צו מיר:

---

1. תּנא (טאַנע) — לערער — טי־טול פֿון די גרויסע געלערנטע, וואָס האָבן געלעבט אין ארץ־ישׂראל אין 1־2טן י"ה פֿ"קר.
2. מופֿלג — גרויסער קענער.
3. לומדות (לאָמדעס) — געלערנט־קייט.
4. תּלמיד־חכם — גרויסער געלערנטער.
5. התפּעלות (היספּײַלעס) — גרוי־סע באַוווּנדערונג.
6. זיך געחידושט — זיך געוווּנ־דערט.
7. עילוי (אילע) — זייער פֿעיִקער.

— דו ווייסט, זונעלע, אַז דו וועסט קענען לערנען, וועט מען דיר געבן גאָר אַ פֿײַנע כּלה, מיט נדן(8); און טאַטע־מאַמע וועט מען אָפּשיטן...

דער טאָג, וואָס מען האָט אָפּגעגעבן אַ קינד אין חדר, איז געווען אַ יום־טובֿ. דעם ייִנגעלע האָט מען אײַנגעוויקלט אין אַ טלית און אויף די הענט געטראָגן אין חדר, מען האָט אים געוויזן דעם אלף־בית — אין גרויסע אותיות אָנגעקלעפּט אויף אַ ברעטל — און בעת ער האָט זיך אײַנגעקוקט, איז געפֿאַלן פֿון אויבן געלט, צוקערקעס און אַנדערע גוטע זאַכן.

— דאָס וואַרפֿן די גוטע מלאָכים, וועלכע האָבן זייער ליב חדר־ייִנגלעך, — פֿלעגט מען דעם ייִנגל אײַנריידן.

מע האָט געמאַכט אַ סעודה אין חדר, מכבד געווען דעם רבין און די חבֿרים מיט בראַנפֿן, טאָרט און צוקער־לעקעך. אָבער דער עיקר סעודה איז געווען אין דער היים, ווו מען האָט געפּראַוועט אַ וואַרמעס(9) פֿאַר קרובֿים און נאָענטע גוטע פֿרײַנד, און דער העלד פֿון טאָג האָט געקראָגן מתּנות און גוטע זאַכן.

צו אונדז זײַנען אויף מײַן חדר־מאָלצייט געקומען אַ סך שיינע מענטשן, און מײַן מאַמע האָט אָנגעקוואָלן פֿון נחת. מען האָט געגעסן, געטרונקען, געזונגען חסידישע ניגונים און מען איז געזעסן לאַנג — ביז שפּעט אין דער נאַכט — און געפֿירט טיפֿע שמועסן.

ב

מײַן ערשטער מלמד איז געווען שלמה ניזשוועזער.

שלמה איז געווען אַ הויכער ייִד מיט אַ ברייטן, גוטן פּנים. ער איז געווען זייער אַ גוטער, אַ מענטש אָן אַ גאַל; קיין מאָל ניט בייז געווען, ניט געשריִען. ער איז געווען מער אַ חבֿר צו די קינדער, איידער אַ רבי. ער האָט זיך געשפּילט מיט די קינדער; זיי האָבן זיך געהאַלטן פֿאַרווײַז אָן זײַנע ציצית און געשפּילט מיט אים אין פֿערדלעך.

אויף דעם אלף־בית האָט ער געטײַטלט(10) מיט אַ גרויסן ביינערנעם טײַטל. ער האָט שטענדיק געשמייכלט און איטלעכן ייִנגעלע גערופֿן „זונעניו": — זעסטו, זונעניו, דעם קאָראַמיסל(11), ווי בײַ אַ וואַסער־טרעגער? דאָס איז אַן אלף. זאָג־זשע, זונעניו, אלף, אלף, אלף!

---

8. נדן (נאַדאַן) — געלט אָדער ווערטזאַכן, וואָס עלטערן גיבן חתן־כּלה.

9. פּראַוועט אַ וואַרמעס — מאַכן אַ שיינעם מיטאָג פֿאַר געסט.

10. געטײַטט — אָנגעוויזן. טײַטל — שטעקעלע צום אָנווײַזן.

11. קאָראַמיסל — שטעקן צום אָנ־הענגען עמערס וואַסער, עס זאָל זײַן גרינג צו טראָגן.

ער האָט געהאַט אויך נעמען פֿאַר די איבעריקע אותיות — טשי־קאָווע(12) נעמען, ווי אַ „לאַנגער האַלדז“, אַ „קרומער רוקן“. מיר האָבן געלאַכט, אָבער די אותיות גוט געדענקט.

תּלמידים זײַנען געווען בײַ אַ צוואַנציק, און דער רבי האָט פּשוט קיין צײַט נישט געהאַט צו פֿאַרמוטשען אַ ייִנגל מיט צו פֿיל לערנען. דורך דעם ערשטן זמן(13) האָט ער אויסגעלערנט די ייִנגלעך דעם אַלף־בית; אַ געראָטענער(14) — אַרײַנקוקן אין אַ סידור, און גאָר אַ וווּיל ייִנגל — דאַוונען. ר׳ שלמה פֿלעגט ניט האַלטן דעם תּלמיד בײַ זיך לענגער איידער אַ זמן, העכסטנס — צוויי.

פֿאַר דעם ערשטן זמן פֿלעגט איטלעכער טאַטע אי צאָלן מער אי טאַקע באַצאָלן, אַ גבֿיר פֿלעגט געבן ח״י קערבלעך פֿאַר דעם ערשטן זמן. ווייניקער פֿון פֿינף רובל האָט קיינער ניט געצאָלט. און שלמה האָט פֿון זײַנע צוואַנציק תּלמידים געהאַט פּרנסה גענוג. צו אים אין חדר איז קיין מאָל זײַן ווײַב ניט געקומען „שנײַדן פֿון אים פּאַסן“, ווי בײַ מײַנע שפּע־טערדיקע מלמדים, און ער פֿלעגט דאָנערשטיק ניט קרעכצן און ניט אויקען: געוואַלד, ווו נעמט מען אויף שבת?

אים איז געווען גוט, זעט אויס, און ער איז געווען גוט צו אונדז.

מרדכי געבירטיג

## אַבֿרהמעלע און יאָסעלע

— אַבֿרהמעלע, גיב נאָר אַ קוק,
די זון, ווי שיין זי שײַנט!
ווי אַלץ אין פֿעלד שוין וואַקסט און בליט, —
כ׳האָב עפּעס זייער קיין חשק ניט
צו גיין אין חדר הײַנט —
די זון ווי שיין זי שײַנט!

— אוי, יאָסעלע, ווי כ׳בין אַ ייִד!
איך טראַכט דאָס אויך אַצינד:
ווי פֿריילעך איז דאָ איצט, ווי שיין,
עס ווילט זיך נישט אין חדר גיין, —
נאָר ווייסט, דאָס איז אַ זינד,
איך טראַכט דאָס אויך אַצינד!

---

12. טשיקאָווע — אינטערעסאַנט.
13. זמן — לערן־סעמעסטער
14. געראָטענער — דאָ: פֿעיִקער.

— אַבֿרהמעלע, דו זעסט, אין פֿעלד
אַ בין שוין פֿליט אַרום?
און דאָרט שטייט אויף אַ צווײַגעלע
אַ גאָלדן זומער־פֿייגעלע(1)...
אַבֿרהמל, גיכער קום —
אַ בין שוין פֿליט אַרום!

— כ׳זע, יאָסעלע, ווי כ׳בין אַ ייִד,
נאָר וואַרט נאָר איין מינוט!
דאָס פֿייגעלע איז טאַקע שיין,
נאָר וואָס וועט אָבער מאָרגן זײַן?
דעם ר׳בין קאָנסטו גוט...
אוי, וואַרט נאָר איין מינוט!

— אַבֿרהמעלע, אוי, נאַרעלע,
פֿאַר מאָרגן זאָרג זיך ניט!
תּירוצים(2) איז פֿאַראַן גענוג,
מע דאַרף נאָר זײַן אַ ביסל קלוג. —
זע, ס׳פֿייגעלע איצט פֿליט,
פֿאַר מאָרגן זאָרג זיך ניט!

אהרון מושקאַט חדר־ייִנגלעך



— אוי, יאָסעלע, איך וואָרן דיך:
ניט גיי, ווי כ׳בין אַ ייִד!
דאָס האָט דער שׂטן(3) דאָרט אין פֿעלד
זיך אין אַ פֿייגעלע פֿאַרשטעלט,
דאָס שלעפּט ער אונדז און ציט, —
ניט גיי, ווי כ׳בין אַ ייִד!

— אַבֿרהמעלע, דו גייסט אַוועק? —
נו, גיי, איך בלײַב אַליין.
נאָר זאָגסטו אויס אַ וואָרט פֿון מיר,
בײַ מײַן נאמנות(4) שווער איך דיר —
צעברעך איך דיר אַ ביין...
נו, גיי, איך בלײַב אַליין!...

1. זומער־פֿייגעלע — פֿלאַטערל (mariposa).
2. תּירוצים — פּרעטעקסטן.
3. שׂטן (סאָטן) — טײַוול.
4. נאמנות (נעמאָנעס) — ערן־וואָרט. (palabra de honor).

איסר קאַצאָוויטש

# אין ישיבֿה

א

אויף מאָרגן נאָך פּסח האָט די מאַמע אײַנגעבונדן אין אַ פּעקעלע מײַנע צוויי העמדער און צוויי פּאָר זאָקן, אין אַ צווייטן פּעקעלע — אַ ביסל מצה, עטלעכע געקאָכטע אייער מיט אַ ביסל זאַלץ. מיר געזעגענען זיך, אויסגעוויינט זיך גוט, און דער טאַטע פֿירט מיך קיין מינסק(1) לערנען אין אַ ישיבֿה. מיר דאַרפֿן גיין צו פֿוס אַ וויאָרסט(2) אַכציק. ערשט אויפֿן פֿערטן טאָג זײַנען מיר געקומען צום פֿעטער לייבען קיין פּאָדעלאַנקע, צוואַנציק וויאָרסט פֿון מינסק.

דער פֿעטער לייבע איז דער מאַמעס יינגסטער ברודער. ער איז אַ רײַכער באַלעבאָס — האַלט אַ גרויסע קרעטשמע(3) אויפֿן וועג, וואָס גייט פֿון ווילנע קיין מינסק; דערצו האָט ער לאַנד אַ סך און האַלט קי און פֿערד. ער האָט נאָר צוויי מיידלעך. די עלטערע איז פֿערצן יאָר אַלט, און דער פֿעטער וויל מײַן ברודער מרדכין פֿאַר אַן איידעם. מיר טרעפֿן דאָ טאַקע דעם ברודער: דער פֿעטער נעמט אים פֿון מינסק אויף אַלע יום-טובֿים.

דער טאַטע איז אַוועק צוריק אַהיים, און מרדכי נעמט מיך קיין מינסק. ער לערנט דאָרט אויך, אין דער גרעסטער ישיבֿה. ער עסט אויך טעג(4), אָבער ער האָט שטענדיק געניג געלט, וואָס דער פֿעטער לייבע גיט אים.

מיך האָט מען אָפּגעגעבן אין אַ קליינער ישיבֿה. נעכטיקן פֿלעג איך בײַ מרדכין. אין דער פֿרי, נאָכן אָנבײַסן(5), גיי איך אַוועק צו מיר אין דער ישיבֿה אויף אַ גאַנצן טאָג. אין מײַן ישיבֿה האָבן געלערנט מער פֿון הונדערט פּופּציק ישיבֿה-בחורים, גרויסע און קליינע. איך בין געווען דער קלענסטער.

דאָס זיצן אַ גאַנצן טאָג און לערנען האָט מיר מײַן קאָפּ פֿאַרדולט. ניט איין מאָל האָט געטראָפֿן, אַז איך בין אַנטשלאָפֿן געוואָרן איבער דער

---

1. מינסק — גרויסע שטאָט אין ווײַסרוסלאַנד.
2. וויאָרסט — ווי אַ קילאָמעטער.
3. קרעטשמע — posada.
4. עסן טעג — די ישיבֿה-בחורים פֿלעגן קריגן צו עסן, אָן געלט, יעדן טאָג בײַ אַן אַנדער ייִדן.
5. אָנבײַסן — פֿרישטיק.

גמרא. צו לאַנגע שעהן און צו שווער דאָס לערנען. אַלע טאָג ווײַזט דער ראש-ישיבֿה(6), וויפֿל גמרא מע זאָל צוגרייטן ביז מאָרגן, און אויף מאָרגן, ווען ער קומט צום לערנען, ווערט אין דער ישיבֿה שטיל: דער ראש-ישיבֿה שטעלט זיך אין מיטן, ער רופֿט אַרויס איינעם און הייסט זאָגן. אַלע זיצן און הערן, און דער ראש-ישיבֿה מאַכט נאָר באַמערקונגען און דער-קלערונגען און פֿאַרריכט, ווו מע פֿאַרשטייט ניט ריכטיק; און אויב איינער ווייסט ניט די גמרא, האָט ער גרויסע בזיונות(7).

גאַנץ שווער קומט מיר אָן צוצוגרייטן אַ בלאַט גמרא, ווי מע רופֿט דאָס — „אַ לייענען". אַ מאָל העלפֿט מיר אַרויס מרדכי; דאָס קומט אָבער אויס שפּעט בײַ נאַכט, ווײַל אין זייער ישיבֿה איז אײַנגעפֿירט, אַז איינער מוז זיצן און לערנען ביז האַלבע נאַכט, און אַ צווייטער — פֿון האַלבע נאַכט ביז טאָג. און אַ מאָל, ווען עס קומט אויס מרדכין צו זיצן די צווייטע האַלבע נאַכט, וועקט ער מיך אויף און זעצט זיך לערנען מיט מיר. מײַנע אויגן קלעפּן זיך, איך גענעץ און איך הער ניט, וואָס איך רעד — ביז ער גיט מיר אַ פּאַטש, אַז פֿונקען שיטן זיך מיר פֿון די אויגן...

ב

אַלע טעג האָב איך ווײַט פֿון דער ישיבֿה, און די מערסטע אין רײַכע הײַזער, ווו מע גיט מיר עסן אין קיך. עטלעכע מאָל האָבן מיט מיר פּשוט אומגליקן געטראָפֿן אויף מײַנע טעג.

שבת האָב איך געהאַט אין דער טאַטערשער גאַס, זייער ווײַט צו גיין. איין מאָל, צו שלוש-סעודות(8) האָט דער באַלעבאָס געזאָגט זייער לאַנג זמירות. עס איז געוואָרן וואָלקנדיק און ס'האָט גענומען דונערן און בליצן. ווען מיר האָבן אָפּגעבענטשט, איז שוין פֿינצטערלעך געווען. איך שטיי אויף פֿון טיש און וואַרט, אפֿשר וועט מען מיר דאָ הייסן נעכטיקן, זיי זאָגן אָבער גאָרניט. איך וויל זיך בעטן נעכטיקן דאָ, נאָר איך שעם זיך. איך זאָג מיט אַ האַלבן מויל „אַ גוטע וואָך!" און גיי אַרויס פֿון שטוב. איך הייב אָן צו לויפֿן. אין גאַס זעט מען קיינעם ניט. עס הייבט אָן צו גיסן אַ רעגן — טאַקע אָן אמתער מבול. אין איין מינוט בין איך שוין אין גאַנצן נאַס. איך לויף און איך וויין. יעדער בליץ פֿאַרבלענדט מײַנע אויגן, באַלד ווערט נאָך פֿינצטערער, און איך זע ניט ווו צו לויפֿן. און באַלד דערלאַנגט אַ זעץ אַ דונער — אַז איך ווער פֿאַרציטערט. איך לויף מיט מײַנע לעצטע כּוחות, נאָר עס געדויערט עפּעס צו לאַנג. איך קוק זיך אײַן און באַמערק, אַז איך זע ניט קיין הײַזער אַרום זיך. איך פֿאַרשטיי שוין, אַז אין דער פֿינצטער בין איך געלאָפֿן ניט אין דעם ריכטיקן וועג. פֿון ווײַטן דערזע איך ליכט

---

6. ראָש-ישיבֿה — עלטסטער לע-רער.

7. האָבן בזיונות (ביזיוינעס) — ווערן פֿאַרשעמט.

8. שלוש-סעודות (שאַלעשודעס) — דאָס עסן שבת פֿאַר נאַכט.

פֿון אַ הויז. דאָ בין איך אַרײַן צו אַ ייִדן. האָבן זיי מיר אויסגעטאָן מײַנע נאַסע קליידער, אויסגעדרייט און געלאָזן טריקענען; אָנגעטאָן מיר אַ טרוקן העמד, געגעבן אַ הייסע גלאָז טיי און געלייגט שלאָפֿן...

איין טאָג האָב איך געהאַט בײַ אַ נגיד, וואָס וואוינט טיף אין אַ גרויסן הויף, צווישן ביימער, און צום גאַס ווינט אַ פּריץ(9). אויף אַ קייט שטייט אַ הונט, ווי אַ בער די גרייס. ווען נאָר איך גיי דורך דעם הויף, טוט דער הונט אַ שפּרונג און אַ ברום, אַז אין האַרצן רײַסט זיך בײַ מיר אָפּ. איין מאָל גיי איך אַהין עסן וואָרמעס(10). דער גאַנצער הויף איז פֿאַרהאַנגען מיט קליידער, וואָס מע לופֿטערט. איך גיי צווישן די קליידער. פּלוצעם דער־הער איך אַ ברום פֿון דעם הונט, אַ כאַפּ פֿאַרן פּוס, און איך ליג שוין אויף דער ערד אָן לשון. איך וויל שרײַען, נאָר איך קען ניט: צו שטאַרק דער־שראָקן זיך. דער הונט שלעפּט מיך אַרויס אויפֿן גאַס, און דאָ ערשט הייב איך אָן צו שרײַען מיט ווילדע קולות. מע נעמט מיך אַרײַן צו אַ ייִדן אין שטוב. דער פּוס איז נאָר אַ ביסל צעביסן, דערפֿאַר אָבער זײַנען מײַנע הייזלעך צעפֿליקט. מע בינדט מיר אַרום מײַן וווּנד, מע ציט צונויף מיט אַ פֿאָדעם די הייזלעך, און איך גיי קוים אַ לעבעדיקער צוריק אין דער ישיבֿה, ניט קיין געגעסענער. דרײַ טעג האָב איך געקרענקט. אויף דעם טאָג, ווו דער הונט איז געווען, בין איך מער ניט געגאַנגען — געבליבן אָן אַ טאָג, און דערצו נאָך מיט צעריסענע הויזן.

ג

סוכּות איז מײַן ברודער מרדכי געוואָרן אַ חתן פֿאַר דעם פֿעטערס טאָכטער. אויף ווינטער פֿאַרט ער לערנען קיין זאַסלאַוו. דער פֿעטער האָט געדונגען פֿאַר אים קעסט און קוואַרטיר(11) בײַ דעם רבֿ פֿון שטעטל, און דער רבֿ טאַקע וועט לערנען מיט אים. און מיך פֿירט מען צוריק אין מינסק, אין דער זעלבער ישיבֿה, ווו איך האָב געלערנט. דער פֿעטער האָט מיר געמאַכט אַ קאַפּאָטע אויף וואַטע, געקויפֿט אַ פּאָר נײַע שיך און גע־לאָזן מיר אויף דער הוצאה(12) צוויי גילדן.

איצט האָב איך ערשט דערפֿילט, ווי עלנט(13) איך בין. פֿריִער האָט מרדכי געזאָרגט פֿאַר מיר, און איצט מוז איך אַליין זאָרגן פֿאַר יעדער זאַך. דאָס ערשטע האָב איך אין דער ישיבֿה פֿאַרכאַפּט אַ פּלאַץ צום שלאָפֿן; און אַזוי ווי איך בין געקומען פֿון די ערשטע, האָב איך פֿאַרכאַפּט אַ טײַערן געלעגער אויף דער באַנק, וואָס שטייט פּונקט לעבן אויוון. און ווי באַלד מע פֿאַרכאַפּט, בלײַבט שוין אַ חזקה(14) פֿאַר אַ גאַנצן זמן —

---

9. פּריץ (פּאָרעץ) — דאָ: רײַכער קריסט.

10. וואָרמעס — מיטאָג.

11. קעסט און קוואַרטיר — עסן און וווינונג.

12. הוצאה (הויצאָע) — gastos.

13. עלנט — איינער אַליין, אָן פֿרײַנד.

14. חזקה (כאַזאָקע) — פּרעפֿערענץ.

קיינער האָט ניט קיין רעכט צו פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ. אויף וואָס צו שלאָפֿן האָב איך אויך: דער פֿעטער האָט מיר געלאָזן אַ זאַק מיט היי, און מײַן וואַטאָווע קאַפּאָטע דינט מיר פֿאַר אַ צודעק. אַזוי האָב איך זיך פֿאַרזאָרגט מיטן שלאָפֿן. מיטן עסן אָבער איז מיר ניט אַזוי גרינג אָנגעקומען.

גלײַך פֿון אָנהייב האָט מיר געפֿעלט אַ טאָג, און אין גיכן איז מײַנער אַ באַלעבאָס(15) אַרויסגעפֿאָרן פֿון מינסק, בין איך געבליבן אָן אַ צווייטן טאָג; און ביידע טעג, וואָס פֿעלן, זענען אויסגעקומען איינער נאָכן אַנדערן. דערצו איז אין מינסק אײַנגעפֿירט, אַז אויף די טעג גיט מען ניט קיין אָנבײַסן אין דער פֿרי, מיטן אָנבײַסן פֿאַרזאָרגט די ישיבֿה: מע גיט יעדן איינעם אַ שטיקל שוואַרץ ברויט. פֿריִער האָב איך אָנבײַסן געגעסן בײַ מרדכין, איצט אָבער מוז איך שוין שטופּן זיך גלײַך מיט אַלעמען צו באַקומען דאָס שטיקל ברויט; עס ווערט אַ שטופּעניש און אַ כאַפּעניש — אומדערטרעגלעך. איך בין דער קלענסטער און דערצו נאָך אַ ביסל אַ שעמעוודיקער, קומט מיר אָן שטענדיק דער ערגסטער חלק.

דאָך האָב איך, חלילה, קיין הונגער ניט געליטן. איך האָב געהאַט געלט, ווײַל דער פֿעטער פֿלעגט זײַן אָפֿט אין שטאָט און יעדן מאָל פֿלעגט ער מיר לאָזן אַ גילדן אָדער צוואַנציק קאָפּיקעס. און איך האָב געלעבט מיט רעכענונג. אין' האָב געוווּסט, אַז אַ ייִד דאַרף עסן, אָבער ניט פֿרעסן. אויף די צוויי טעג, וואָס פֿעלן מיר, קויף איך מיר צוויי פֿונט ברויט און פֿאַר אַ קאָפּיקע הערינג, פֿאַר אַ קאָפּיקע קעז, אַ מאָל אַ זויערע אוגערקע. און ווען איך פֿאַרבענק זיך שטאַרק נאָך אַ בולבע(16), קויף איך זיך אַ פּאָר בולבעס, באַק זיי אָפּ און מאַך מיר אַ סעודה כּיד המלך(17).

עס טרעפֿט אַפֿילו אָפֿט, אַז אַ ייִדענע זאָל אין אָוונט ברענגען אַ טעפּל מיט אַ געקאָכטער זאַך, און די ישיבֿה־בחורים פֿלעגן דאָס פּשוט צעצוקערן(18). נאָר איך פֿלעג ניט װעלן זיך צורירן דערצו. חבֿרה האָבן מיר דערפֿאַר אַ נאָמען געגעבן „דער פּריץ"(19).

אויסער דעם עסן האָב איך נאָך געמוזט אויסגעבן אויף באַדגעלט אַלע וואָך, אָבער מער האָב איך ניט אויסגעגעבן. ווען מיר האָט זיך זייער פֿאַרוואָלט קויפֿן אַ שיין סידורל, האָב איך אַ פּאָר וואָכן געגעסן טרוקן ברויט, ניט פֿאַרגונען זיך(20) קויפֿן כאָטש פֿאַר אַ גראָשן הערינג, ביז איך האָב אָנגעקליבן געלט און געקויפֿט אַ סידורל פֿאַר אַ גאַנצן גילדן. דאָס איז שוין געווען איין מאָל אַ סידורל! איך האָב ניט געקענט זאַט זיך אָנקוקן אויף זײַנע שיינע בלויע טאָוועלעך מיט די גאָלדענע ווערטער.

---

15. באַלעבאָס — דאָ: דער ייִד, בײַ וועמען ער האָט געהאַט דעם טאָג עסן.
16. בולבע — קאַרטאָפֿל.
17. כּיד המלך — ווי בײַם קיניג.
18. צעצוקערן — צעכאַפּן מיט חשק.
19. פּריץ — דאָ: אַריסטאָקראַט.
20. ניט פֿאַרגונען זיך — ניט דערלויבט זיך, געזשאַלעוועט.

מיט מײַן שלאָפֿן און עסן בין איך געװען צופֿרידן, דערפֿאַר אָבער האָב איך געהאַט גרױסע צרות פֿון מײַן לערנען. מע לערנט אין דער גמרא װעגן אַזעלכע זאַכן, װאָס איך פֿאַרשטײ ניט; און די גמרא איז אין פֿיל ערטער זײער שװער; און צוגרײטן דאָס לײענען מוז איך אַלײן. ניט װיסן און האָבן בזיונות — װילט זיך ניט. גײ איך אַרום פֿון אײן ישיבֿה־בחור צום צװײטן און בעט, מע זאָל מיר דערקלערן, װאָס די גמרא זאָגט. נאָר צום מערסטן מאַטער איך זיך אַלײן. ביז דער קאָפּ הײבט אָן צו שװינדלען, און פֿיל מאָל טרעפֿט, אַז איך הײב אָן צו װײנען...

דערפֿאַר אָבער פֿיל איך אַ שטאַרקע צופֿרידנקײט, װען דער ראש־ישיבֿה רופֿט מיך צו, און איך שטעל זיך אױף די שפּיץ פֿינגער צו דער־לאַנגען דעם שטענדער(21) און איך הײב מיר אָן צו זאָגן די גמרא, גלײַך װי אַלע גרױסע, און אַלע הערן און קוקן אױף דעם קלײנעם „װיזליק"(22)...

---

21. שטענדער — atril, pupitre.

22. װיזליק — קלײנינקער, קלײן־געװאַקסענער.



מאָוריצי מינקאָװסקי „קמץ א—אָ"

א. ש. זאַקס

# דער סיום פון דער קינדערשער חבֿרה

## א

די ייִנגלשע חבֿרות „פּרחי שושנים(1)" זײַנען געווען פֿאַרשפּרייט אין כמעט אַלע שטעטלעך פֿון ליטע.

שוין דער שיינער, פּאָעטישער נאָמען „פּרחי שושנים" באַווײַזט, אַז די חבֿרה איז שטאַרק פֿאַרצויגן און געצערטלט(2) געוואָרן בײַם ברייטן עולם. אַזאַ באַציִונג צו זיך האָט די חבֿרה כּשר פֿאַרדינט.

די חבֿרה „פּרחי שושנים" האָט געלעבט מיט דעם צוועק אַרײַנצוגעבן ספֿרים אין בית־המדרש.

ווען איר וואָלט אַרײַנגעגאַנגען אין אַ בית־המדרש, וואָלטן אײַך זיך גלײַך געוואָרפֿן אין אויג גרויסע גמראָס(3) און אַנדערע ספֿרים, אײַנגעבונדן אין לעדער. אויפֿן רעכטן טאָוול איז אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות: „נדבֿת חבֿרה פּרחי שושנים שנת..."(4)

די גאַנצע חבֿרה „פּרחי שושנים" איז באַשטאַנען פֿון לויטער יונגוואַרג. זי איז געווען אַן אמתע קינדערשע מלוכה. די מיטגלידער, די חבֿרה־לײַט גופֿא, די גבאים, די דעה־זאָגער, די פֿינאַנציעלע סעקרעטאַרן, די בוכהאַלטערס — אַלע זײַנען געווען פּוזאַקעס(5) ניט עלטער פֿון דרײַצן־פֿערצן יאָר. קיין מינימום־גרענעץ האָט ניט עקזיסטירט. אַ נפֿש פֿון אַ טאָג אַלט האָט שוין געקאָנט ווערן אַ חבֿרה־מאַן.

די גבאים זײַנען געוויינלעך געווען די בר־מצווה־בחורים, אינעם עלטער פֿון צוועלף ביז פֿערצן יאָר. די הויפּטאַרבעט פֿון די גבאים איז געווען צו קלײַבן די וואָכערס, וואָס איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ קאָפּיקע אַ וואָך.

---

1. חבֿרה — דאָ: געזעלשאַפֿט, אָרגאַניזאַציע; פּרחי שושנים — יונגע בלומען (ליליעס).
2. געצערטלט — דאָ: ליב געהאַט.
3. גמרא (געמאָרע) — טייל פֿון תּלמוד — זאַמלונג געזעצן און קאָמענטאַרן צום תּנך.
4. „געשאָנקען פֿון דער חבֿרה פּרחי שושנים אין יאָר..."
5. פּוזאַקעס — קליינינקע קינדער.

די חבֿרה „פּרחי שושנים" האָט פֿאַרנומען אַ בכּבֿודיקן פּלאַץ צווישן אַלע אַנדערע גרויסע חבֿרות אין שטאָט. זי האָט זיך באַנוצט מיט אַלע פּריווילעגיעס, ווי די וויכטיקסטע חבֿרות.

יעדע חבֿרה פֿלעגט קריגן איין שבת פֿון יאָר אונטער איר פֿולן קאָנטראָל פֿאַר אירע חבֿרהשע צוועקן. חבֿרה קדישא(7), צום בײַשפּיל, פֿלעגט האָבן שבת בראשית; חבֿרה תּהילים(8) — שבת ויקרא; חבֿרה ביקור־חולים(9) — אַן אַנדער שבת, אאַז"וו.

יעדער חבֿרה פֿלעגט מאַכן געלט פֿון איר שבת. זי פֿלעגט טיילן די עליות(10), און די נדבֿות פֿלעגן גיין אין קאַסע פֿון דער חבֿרה.

די חבֿרה „פּרחי שושנים" האָט אויך געהאַט איר שבת. בײַ אונדז אין שטעטל האָט איר געהערט דער שבת, ווען עס פֿלעגט גיין די דאָפּלטע סדרה ויקהל־פּקודי.

דערבײַ איז געווען אַ כּוונה(11). ויקהל־פּקודי, אויסער וואָס זיי זײַנען צוויי באַזונדערע סדרות, האָבן זיי נאָך דערצו לאַנגע פּרשיות, וועלכע מען האָט געקענט שפּאַלטן. פֿאַר אַ חבֿרה איז דאָס אַ גרויסע מעלה: מע קען פּשוט לייזן מער געלט.

מיט אַ פּאָר וואָכן נאָך דער פּרשה ויקהל־פּקודי פֿלעגט פֿאָרקומען דער סיום(12) פֿון דער חבֿרה „פּרחי שושנים" — דער טאָג, ווען די ספֿרים ווערן אַרײַנגעגעבן אין בית־המדרש.

ב

די וואָך פֿון סיום פֿלעגט בײַ דעם קליינוואַרג פֿון שטעטל ווערן לע־בעדיק. שוין מיט אַ וואָך פֿריִער האָט זיך אין דער לופֿט פֿון שטעטל גע־פֿילט די יום־טובֿדיקע שטימונג פֿון דעם אַרײַנגעבן די ספֿרים. עס פֿלעגן פֿאָרקומען גאַנץ אָפֿט גרויסע פֿאַראיבלס(13) צווישן די מוטערס פֿון די גבאים(4) איבער דעם כּבֿוד אויפֿצופּאַסן ווי אַזוי, ווו און ווען און וועמענס אויוון דער לעקעך זאָל געבאַקן ווערן. צו אַזאַ כּבֿוד און מצווה האָט יעדע פֿרוי געוואָלט זוכה זײַן. סוף־כּל־סוף פֿלעגן זיך די מוטערס ווי עס איז

7. חבֿרה קדישא — האָט זיך פֿאַר־נומען מיט באַגראָבן ד־ גע־שטאָרבענע.

8. חבֿרה תּהילים — פֿלעגט גרופּירן ווייניק געלערנטע מענטשן, וואָס פֿלעגן לערנען און זאָגן תּהילים בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן.

9. חבֿרה ביקור־חולים — האָבן גע־זאָרגט פֿאַר אָרעמע קראַנקע.

10. עליות — דאָס אויפֿרופֿן צו לייע־נען די תּורה אין שול; די אויפֿ־גערופֿענע גיבן דערבײַ אַ באַ־שטײַערונג, צדקה.

11. כּוונה (קאַוואָנע) — אַ מיין, ציל.

12. סיום — דאָ: אַקט פֿון פֿאַרענ־דיקן די אַקטיוויטעטן פֿון יאָר.

13. פֿאַראיבל — כּעס, ברוגז.

14. גבאים — דאָ: די אָנפֿירערס פֿון דער חבֿרה.

אייניקן און זיך צעטיילן מיט דעם כּבֿוד: איינע פֿלעגט אײַנקויפֿן דאָס מעל; די צווייטע פֿלעגט ברענגען פֿון אירע הינער די אייער; אַ דריטע האָט באַזאָרגט דעם האָניק; אַ פֿערטע האָט געגעבן איר אויוון, איר הויז, אאַז״וו. דער לעקעך איז אויף דעם אופֿן געווען אַ פּראָדוקט פֿון אַ קאָלעקטיווער אַרבעט: יעדע מאַמע האָט זוכה געווען(15) צו אַ שטיקל מצווה.

דעם לעצטן פֿרײַטיק פֿאַרן סיום זײַנען די גבאים שוין געווען אויס־געפּוצט אין די שבתדיקע מלבושים. דעם טאָג האָבן זיי, בײַם אײַנמאָנען די וואָכערס, אויסגעטיילט לעקעך בײַ יעדן „חבֿרה-מאַן״ אין הויז.

אַ מנהג איז געווען, אַז בײַם קריגן דעם חלק לעקעך, האָט די מוטער אָדער דער פֿאָטער פֿון די חבֿרה-לײַט געגעבן אַ ספּעציעלע נדבֿה, חוץ לחשבון פֿון די וואָכערס.

די גבאים פֿלעגן אויף די נדבֿות אויסקוקן: עס איז געווען אַן אַלטער כּלל, אַז די נדבֿות פֿון דעם לעקעך וועלן אַרײַנברענגען אַזוי פֿיל, וויפֿל מע וועט דאַרפֿן באַצאָלן די אײַנבינדערס.

דער אמתער יום-טובֿ פֿלעגט זײַן אין דעם טאָג פֿון סיום.

הגם אַלע האָבן שוין פֿון פֿריִער אויף זיכער געוווּסט, ווען און ווו דער סיום וועט פֿאָרקומען, איז אָבער געווען אַ מנהג, אַז שבת האָבן די שמשים פֿון די שולן געמוזט מודיע זײַן(16) וועגן דעם.

— רבותי! — האָט דער שמש אויסגעשריִען אויף דער העכסטער אָק־טאַווע. — זײַט וויסן, אַז דינסטיק, יום השלישי פֿון קומענדיקער וואָך, וועט אם ירצה השם זײַן דער סיום פֿון דער חבֿרה „פּרחי שושנים״ בבֿית רבי מנחם-מענדל, אין הויז פֿון מענדל דעם שענקער, אויפֿן מאַרק. היו מוכ־נים, זייט גרייט צו דעם!!!

און דינסטיק איז טאַקע געווען אַ גרויסער קינדערשער יום-טובֿ.

ערבֿ דעם סיום זײַנען שוין די מאַמעס און די באָבעס געווען פֿאַרטאָן מיטן וואַשן און פּרעסן פֿאַר די חבֿרה-לײַט. דינסטיק אין דער פֿרי האָט מען די גאַנצע חבֿרה קליינוואַרג איבערגעטאָן אין בגדי יום-טובֿ. מיט אַ באַזונ־דערער התמדה(17) האָט מען אַרומגעוואַשן, אויסגעצוואָגן און אויסגע־קעמט די קעפּלעך און אָפּגעווישט די נעזלעך פֿון די פֿינף-זעקס-יעריקע אלף-בית-ייִנגלעך. אַלץ האָט געלויכטן, אַלץ האָט געגלאַנצט.

## ג

דער עכטער יום-טובֿ פֿלעגט זיך אָנהייבן אַרום צען אַ זייגער אין דער פֿרי, ווען דניאל דער קוימענקערער און משה-מנשה דער גלעזער פֿלעגן אָנקומען אין בית-המדרש, ווו די גבאים זײַנען שוין פֿון פֿריִער געווען פֿאַרזאַמלט.

---

15. זוכה (זויכע) געווען — פֿאַר־דינט, געהאַט די פּריווילעגיע.

16. מודיע זײַן — געבן צו וויסן.

17. התמדה (האַסמאָדע) — פֿלײַסיק.

דניאל דער קוימענקערער און משה־מנשה דער גלעזער זײַנען ניט געווען קיין חשובֿע באַלעבאַטים בײַ אונדז אין שטעטל. זיי האָבן ניט נאָר ניט געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא, נאָר בייזע צונגען פֿלעגן זאָגן, אַז זיי זײַנען אַפֿילו קנאַפּע בעלי־עבֿרי(18).

זיי זײַנען אָבער בטבֿע געווען בריליאַנטענע מענטשן, מיט פּאַטעטישע נשמות און טײַערע הערצער. זייער ליבע צו קינדער האָט קיין שום גרענעץ ניט געהאַט. דניאל דער קוימענקערער האָט פֿאַרמאָגט אַן אמתן פֿאָלקס־הומאָר. פֿלעגט מען אים ווען־עס־איז אײַנלאַדן אויף אַ חתונה, פֿלעגט ער פֿריילעך מאַכן דעם עולם, בעסער ווי דער פּראָפֿעסיאָנעלער מאַרשאַ־לעק(19). ווען ער פֿלעגט מאַכן זײַנע קאָמישע העוויות(20) און זאָגן גראַ־מען, פֿלעגט דער גאַנצער עולם זיך קאַטשען פֿון געלעכטער.

משה־מנשה, פֿאַרקערט, האָט געהאַט אויסערלעך אַ בייזן אויסזען, ער פֿלעגט זעלטן־ווען אַ שמייכל געבן. דער איינציקער טאָג אין יאָר, אַ חוץ אפֿשר שמחת־תּורה, ווען משה־מנשה פֿלעגט פֿון זיך אַרונטערוואַרפֿן די דאגות חיונה(21) און ווערן לוסטיק־לעבעדיק, איז געווען דער טאָג פֿון סיום בײַ דער קינדערשער חבֿרה.

משה־מנשהס פּנים פֿלעגט דעמאָלט לײַכטן און שטראַלן פֿון נחת. זאָגן פֿלעגט מען, אַז משה־מנשה האָט געכאַפּט אַן איבעריקן לחיים. אין אמתן אָבער איז ער דעמאָלט געווען שיכּור ניט פֿון בראַנפֿן, נאָר פֿון התלה־בֿות(22) און ליבע צו די קינדער און זייער הייליקער זאַך.

און אָט די צוויי בעסטע און איבערגעגעבנסטע קינדערפֿרײַנד פֿלעגן מיט זייער אַרײַנקומען אין בית־המדרש געבן דעם סיגנאַל, אַז דער סיום הייבט זיך אָן.

די ערשטע אַרבעט פֿון די גבאים און זייערע פֿרײַנד, דניאל דער קוי־מענקערער און משה־מנשה דער גלעזער, איז געווען צונויפֿזאַמלען אַלע חדר־קינדער פֿון דעם גאַנצן שטעטל. פֿלעגט מען זיך אַוועקלאָזן צו די חדרים, פֿון די גמרא־ ביז צו די דרדקי־מלמדים(23). די גבאים פֿלעגן בלײַבן שטיין אין מיטן גאַס, און משה־מנשה מיט דניאלן פֿלעגן אָנקלאַפּן אין לאָדן פֿון חדר. דער קלאַפּ האָט באַטײַט: חבֿרה, עס איז שוין צײַט! דאָס קליינ־וואַרג האָט אויף משה־מנשהס באַקאַנטמאַכונג געוואַרט, ווי אַ פֿרומער ייִד אויף משיחן.

---

18. בעל־עבֿרי (באַל־איווּרע) — וואָס קען לייענען, קנאַפּ — ווייניק.
19. מאַרשאַלעק — פֿריילעך־מאַכער.
20. העוויות (האַוואַיעס) — קאָמישע באַוועגונגען, זשעסטן, אויסדרו־קן פֿון פּנים.
21. דאגות חיונה (דײַגעס כאַיונע) — זאָרגן פֿאַר פּרנסה.
22. התלהבֿות (היסלײַוועס) — ענ־טוזיאַזם.
23. דרדקי־מלמדים (דאַרדעקע) — לערער פֿון די קלענסטע קינדער.

אין איין הרף־עין(24) האָבן זיך אַלע קינדער פֿון חדר אַ לאָז געטאָן אויפֿן גאַס און זיך פֿאַראייניקט מיט דעם מאַרשרוט פֿון די גבאים. די מחנה פֿון דער קליינער חבֿרה איז מיט יעדן חדר געוואָרן אַלץ גרעסער און געדיכטער. אין פֿאַרלויף פֿון אַ שעה צײַט זײַנען אַלע חדרים געווען פּוסט, און דער גאַנצער יונגער דור האָט זיך געפֿונען אויפֿן גאַס אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון די גבאים און דניאל דעם קוימענקערער און משה־מנשה דעם גלעזער.

פֿון לעצטן חדר האָט זיך די גאַנצע חבֿרה אַוועקגעלאָזן צו די אײַנ־בינדערס, ווו די נײַע ספֿרים האָבן שוין געוואַרט און געבעטן זיך, מע זאָל זיי אָפּנעמען פֿון דאָרטן.

בײַ די אײַנבינדערס אין הויז האָבן די גבאים, מיט דער הילף פֿון דניאלן און משה־מנשהן, צעטיילט די ספֿרים צווישן די חבֿרה־לײַט. די גמרא־ייִנגלעך פֿלעגן קריגן גמראס, די חומש־ייִנגלעך — קלענערע, לײַכטע ספֿרים; אַפֿילו די אַלף־בית־ייִנגלעך זײַנען אויך ניט געקריוודעט(25) געוואָרן.

די יעניקע, וועלכע האָבן שוין געהאַט זייערע ספֿרים, פֿלעגן תּיכּף אַרויס פֿון אײַנבינדערס שטוב און אָפּוואַרטן אין דרויסן אויף דעם איבע־ריקן עולם.

אַרום צוויי־דרײַ אַ זייגער זײַנען שוין אַלע געווען באַוואָפֿנט מיט ספֿרים אונטער די אָרעמס. און ווען משה־מנשה האָט געגעבן די קאָמאַנדע: „חבֿרה, מיר גייען!", — האָט זיך די גאַנצע מחנה אַ ריר געטאָן פֿון אָרט. מיט שטאָלצע, פֿריילעכע פּנימלעך האָט זיך דאָס קליינוואַרג פֿון דעם גאַנצן שטעטל באַוועגט איבער אַלע גאַסן. די קראָמען זײַנען אומעטום גלײַך צוגעמאַכט געוואָרן בײַם אָנקומען פֿון די יונגע חבֿרה־לײַט.

די מחנה איז מיט יעדער מינוט געוואָרן גרעסער. מוטערס מיט זייערע עופֿעלעך(26) און אַזוי טשיקאַווע (27) מענטשן האָבן זיך וואָס ווײַטער אַלץ מער אָנגעשלאָסן אָן דעם גאַנג פֿון דער יוגנט.

— דרך־ארץ פֿאַר די פּרחי שושנים! פּנו דרך פֿאַר אונדזערע הייליקע ספֿרים! — פֿלעגט משה־מנשה יעדע פֿאַר מינוטן מיט גרויס התלהבֿות אויסשרײַען. די חבֿרה פֿלעגט די אויסגעשרייען אונטערהאַלטן מיט אַ פֿריילעכן הורא, וואָס האָט פֿאַרהילכט די לופֿט.

---

24. הרף־עין (הערעף־איען) — אויגנ־בליק, סעקונדע.

25. ניט געקריוודעט — דאָ: אויך זיי האָט מען געגעבן.

26. עופֿעלעך (אויפֿעלעך) — פּיצלעך קינדער.

27. טשיקאַווע — curioso.

מנחה־צײַט איז אונדזער חבֿרה אָנגעקומען צו מענדל דעם שענקערס הויז, וווּ דער סיום איז פֿאָרגעקומען. מענדלס הויז איז געווען זייער גערױם(28) און האָט זיך געפֿונען אין צענטער פֿון שטעטל. דעריבער איז דער סיום געפּראַוועט(29) געוואָרן בײַ אים.

דאָרטן האָבן אויף די קליינע העלדן פֿון טאָג געוואַרט לאַנגע, געגרייטע טישן, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען משקה, לעקעך און אַנדערע זיסע מאכלים. אַרום די טישן איז שוין געזעסן דער רבֿ און פֿיל אַנדערע פֿון די נכבדי העיר(30). די שטאָטישע קאַפּעליע(31), אונטער דער אָנפֿירונג פֿון חיים דעם קלעזמער, איז געזעסן בײַ אַ באַזונדערן טיש. אַלע מיטגלידער פֿון דער קאַפּעליע זײַנען געווען דערבײַ. אַפֿילו שלמה דער צימבלער, אַ זקן פֿון אַ יאָר אַכציק, וועלכער האָט שוין לאַנג אויפֿגעהערט צו גיין אויף חתונות, איז אויך געקומען זיך צו שלעפּן מיט זײַן צימבל אָנטייל צו נעמען אין דעם גרויסן יום־טובֿ.

קוים האָט זיך דער אַוואַנגאַרד פֿון דעם יונגן חיל, וואָס איז באַשטאַנען פֿון דניאל דעם קוימענקערער און משה־מנשה דעם גלעזער מיט אַלע גבֿאים, באַוויזן אויפֿן פֿאָרנט פֿון הויז, האָט די קאַפּעליע אָנגעהויבן צו שפּילן אַ זיסן און פֿריילעכן ברוך־הבא, און די נכבדי העיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן מקבל־פּנים צו זײַן די הויפּט־מחותּנים פֿון דער שׂמחה.

ווען די קלעזמער האָבן געענדיקט שפּילן, האָט דער חזן מיט די משוררים(32) אויפֿגעזונגען אַ שׂמחת־תּורהדיקן ניגון, און דער גאַנצער עולם — דער אַלטער און דער נײַער דור — איז אַרײַנגעקומען אין אַ גרויסער, היילּיקער, אומבאַשרײַבלעכער התלהבֿות. דניאל מיט משה־מנשהן האָבן געכאַפּט אַ טענצל, און דער איבעריקער עולם האָט דאָס טענצל באַגלייט מיט אַ שיינעם זמר.

נאָכן מעריבֿ־דאַוונען האָט דער עולם זיך אַ נעם געטאָן צום אָנגעשטעלטן טיש, וואָס איז אין אַ קורצער ווײַלע אָפּגערייניקט געוואָרן. די פֿלעשלעך מיט משקה זײַנען אויסגעליידיקט געוואָרן, און פֿון דעם לעקעך און דעם אײַנגעמאַכץ איז אַפֿילו קיין זכר נישט געבליבן. יעדער איינער האָט געגעסן און געטרונקען, ווי אויף אַ גרויסער אייגענער פֿאַמיליען־שׂמחה.

דערקוויקט דאָס האַרץ, האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָצעסיע, דער מאַרש צום בית־המדרש, וווּ די ספֿרים זײַנען אַרײַנגעגעבן געוואָרן.

---

28. גערױם — ברייט, גרויס.

29. פּראַוועון — דאָ: דורכפֿירן, אײַנאָרדענען.

30. נכבדי העיר — די אָנגעזעענע שטאָטמענטשן.

31. קאַפּעליע — אָרקעסטער.

32. משוררים — זינגערס פֿון כאָר.



„...דערוויקט דאָס האַרץ, האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש צום בית־מדרש, ווּ די ספֿרים זײַנען אַרײַנגעגעבן געוואָרן... די קאַפּעליע איז געגאַנגען פֿאָרויס און געשפּילט"...

אַלע הײַזער, ווו די פּראָצעסיע האָט זיך באַוועגט, זײַנען געווען אילו־מינירט מיט ליכט אין די פֿענצטער; די יונגעלײַט פֿון שטעטל האָבן באַזונ־דער געטראָגן אָנגעצונדענע ליכט, אָבער די אַלע ליכט זײַנען פֿאַרטונקלט געוואָרן קעגן די ליכטיקע פּנימלעך פֿון דעם קליינוואַרג.

די קאַפּעליע איז געגאַנגען פֿאָרויס און געשפּילט; דער חזן מיט די משוררים האָבן געזונגען; דער עולם האָט געטאַנצט און אונטערגעבאָמ־קעט; די יונגע ייִדישע טעכטער זײַנען אַרויס אין גאַס קוקן אויף די שטאָלצע, פֿרישע און מונטערע פּנימער פֿון די חתן־בחורים; די טאַטעס האָבן געקליבן נחת, די מאַמעס האָבן געוויינט פֿאַר פֿרייד; די באָבעס האָבן געפּליעסקעט מיט די הענט, און די זיידעס האָבן אונטערגעקנאַקט מיט די פֿינגער. אויף אַלעמענס פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן אַ באַזונ־דערער חן(33), עפּעס ווי די שכינה(34) וואָלט גערוט. אין אַלע ווינקעלעך איז געווען ליכטיק, וואַרעם, פֿריילעך און לעבעדיק. הײַנט איז יום־טובֿ! הײַנט איז אַ הייליקער טאָג! אַפֿילו די שטערן פֿון הימל האָבן ליבלעך אַרונטערגעקוקט אויף דער שׂמחה, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט ערגעץ אין אַ קלײַן, פֿאַרוואָרפֿן ייִדיש שטעטל לכּבֿוד דעם יונגן דור פֿון דעם עם־הספֿר...

| | |
|---|---|
| נחום יוד | חומש |

אין אומעטיקע טעג, וואָס גאָט האָט אונדז געבראַכט,
פֿאַרטיף איך זיך אין בוך פֿון יענער אַלטער צײַט:
ווי יצחקס פֿעלד איז הונדערטפֿאַך געראָטן(1);
ווי גאָט געבענטשט האָט אים, אַ גר(2) בײַ פֿרעמדע לײַט.

און אָט איז רחל מיט די שעפּסן אָנגעקומען,
און יעקבֿ נעמט דעם שטיין פֿון קוואַל אַוועק;
און ווי אין ליבשאַפֿט זײַנען זיך פֿאַר אים צעשוווּמען
די לאַנגע שווערע יאָרן, ווי געציילטע טעג.

---

33. חן (כיין) — שיינקייט, גראַציע.
34. שכינה — הייליקייט פֿון גאָט.

1. הונדערטפֿאַך געראָטן — אויסגע־וואַקסן הונדערט מאָל אַזוי פֿיל.
2. גר (גער) — פֿרעמדער.

דערנאָך, ווי ער האָט זיך מיט עמעצן געראַנגלט(3),
ביז אויפֿגעגאַנגען איז דער מאָרגנשטערן ווײַס;
און קעמלען שווימען דורך מיט בשׂמים און מיט מאַנדלען(4);
מע נידערט(5) קיין מצרים נאָך אַ ביסל שפּײַז...

די שיינקייט פֿון דער וועלט איז אין דעם בוך באַהאַלטן,
אַ גרויסע איינפֿאַכקייט(6), אַ לויטערע, ווי טוי(7)...
און נאָענט בלײַבן אונדז די אייביקע געשטאַלטן(8),
און עפּעס גלייבט זיך אונדז — ס'איז אַלץ געווען אַזוי....

## פערל האַלטער — פייגעלע און איר באָבע

פֿאַנים באָבע רופֿט פֿאַנין — פֿייגעלע. פֿאַנין איז זייער ליב, וואָס איר באָבע רופֿט זי פֿייגעלע.

אַ פֿייגעלע האָט פֿליגל און קען פֿליִען אין די בלויע הייכן, עס קען אויך שפּרינגען פֿון איין צווײַג אויף דער אַנדערער, אַפֿילו אויף די העכסטע ביימער. אַ פֿייגעלע זינגט אַזוי שיין, און איר דאַכט זיך, אַז אַלע פֿייגעלעך האָבן זיך ליב.

אַזוי טראַכט פֿייגעלע, און זי דערציילט עס איר באָבען.

די באָבע הערט זיך אײַן, נעמט אַראָפּ די ברילן פֿון די אויגן, ווישט זיי אויס מיט אַ דין, ווײַס טיכעלע און נעמט אַרום פֿייגעלען מיט אַזאַ ווארעמקײַט, אַז פֿייגעלע ווארפֿט זיך איר אויפֿן האַלדז און טוליעט זיך שטאַרק צו איר.

פֿייגעלע גייט אין אַ פֿראַנצויזישער שול. זי איז זייער אַ גוטע שילע־רין. זי האָט אויך ליב צו לייענען ביכלעך און לייענט אַ סך, אָבער אַלץ אין פֿראַנצויזיש.

ווען זי זעט, אַז איר באָבע לייענט אַ ייִדיש ביכל, בעט זי זיך שטענ־דיק בײַ דער באָבען, זי זאָל איר דערציילן, וואָס זי לייענט.

---

3. זיך געראַנגלט — געקעמפֿט.
4. בשׂמים (בסאָמים) — especies. מאַנדלען — almendras.
5. נידערט — גייט אַראָפּ.
6. איינפֿאַכקייט — פּשוטקייט.
7. טוי — rocío. לויטערע — זייער ריינע.
8. געשטאַלטן — פֿיגורן, פּערסאָ־נאַזשן.

די באָבע לערנט פֿייגעלען לייענען ייִדיש און רעדט מיט איר ייִדיש. אַליין לייענען אַ ייִדיש ביכל קען פֿייגעלע נאָך אַלץ נישט.

איין מאָל, אין אַ פֿרילינג-פֿאַרנאַכט, האָט פֿייגעלע באַמערקט, ווי די באָבע האַלט אַ בוך אויף דעם שויס(1), אַ בוך מיט טונקעלע טאָוולען און אויף די טאָוולען — גרויסע גאָלדענע אותיות. די באָבע קוקט אויף דעם בוך שוין לאַנג און עפּנט עס נישט.

דער באָבעס גרויע האָר שימערן(2) מיט עפּעס אַ גאָר העלן זילבער, און אירע אויגן — דאַכט זיך פֿייגעלען — זענען אַזעלכע זאַכן, וואָס זי, פֿייגעלע, זעט זיי נישט. פֿייגעלע דערנענטערט זיך צו איר באָבען, זי וויל זען, וואָס פֿאַרא בוך דאָס איז. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך לייענט פֿייגעלע אי־בער: „י. ל. פּרץ, אַלע ווערק".(3)

— באָבעשי, וועגן וואָס טראַכטסטו אַזוי? — האָט פֿייגעלע געפֿרעגט, גלעטנדיק מיט איר בעקל דער באָבעס אַ ביסל גערונצלטע(4) באַק.

— איך טראַכט וועגן אונדזער גרויסן שרייַבער יצחק לייבוש פּרץ, — האָט די באָבע עפּעס ווי טרויעריק געענטפֿערט.

— און פֿאַר וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק, באָבעשי?

— איך בין טרויעריק, ווייַל איך וויל זייער אַז דו, טייַערע פֿייגעלע, זאָלסט לייענען פּרצן און קענען אים פֿאַרשטיין.

פֿייגעלע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באָבעס שויס, אַליין איר אַראָפּגענומען די ברילן און שמייכלענדיק איר געקוקט אין די אויגן אַרייַן:

— איך וועל קענען, באָבעשי. איך וועל קענען. דו לערנסט דאָך מיך ייִדיש. אָט קען איך שוין דאָס גאַנצע לידעלע פֿון פּרצן: „קעצעלע, שטיל! מייַזעלע, שטיל, מייַן אוצרל שלאָפֿן וויל", — האָט זיך פֿייגעלע צעזונגען מיט אַ קלינגענדיק קעלעכל.

— ניין, מייַן אוצר, דאָס איז ווייניק, דו ביסט שוין אַלט, מייַן קרוין, צען יאָר און דו האָסט שוין געדאַרפֿט קענען גוט לייענען ייִדיש. און ווען דו וואָלסט געלייענט ייִדיש, אַזוי ווי פֿראַנצויזיש, וואָלסטו אויך שפּעטער פּרצן גוט פֿאַרשטאַנען. אפֿשר ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ ייִדישע שול? — האָט די באָבע געגעבן אַ זיפֿץ.

— באָבעשי, דו האַלטסט שוין פּרצעס בוך אַ גאַנצן אָוונט אויף דעם שויס און דו לייענסט עס גאָרנישט! — האָט פֿייגעלע שטיפֿעריש געזאָגט.

— איך קען אַ סך פֿון דעם בוך פֿון אויסנווייניק, — האָט די באָבע געענטפֿערט, און גלייַך האָט זי גענומען רעציטירן דאָס גרויסע ליד וועגן די „צוויי ברידער".

---

1. שויס — regazo.
2. שימערן — גלאַנצן, שייַנען.
3. ווערק — ליטעראַרישע שאַפֿונ־גען. (obras).
4. גערונצלטע — געקנייטשטע.

פּײַגעלע האָט זיך אײַנגעהערט, ווי שיין און ריטמיש די פּערזן קלינגען, כמעט ווי אַ געזאַנג, כאָטש די באָבע האָט רעציטירט אָן אַ מעלאָדיע.

דערנאָך האָט איר די באָבע דערציילט וועגן פּרצעס „אויב נישט נאָך העכער": ווי אַ רבי, אַ גוטער ייִד, איז געגאַנגען אין קאַלטע, האַרבס־טיקע פֿרימאָרגנס אין וואַלד אָנהאַקן אַ ביסל האָלץ און מיט דעם אײַנהייצן דעם אויוון בײַ אַן איינזאַמער, קראַנקער פֿרוי, אַז די פֿרוי זאָל נישט לײַדן פֿון קעלט.

הערנדיק, האָט פּייגעלע פּאַמעלעך געעפֿנט דאָס בוך, וואָס איז געלעגן לעבן איר, און באַלד אויף דער ערשטער זײַט האָט זי דערזען פּרצעס פּאָר־טרעט — ער הענגט שטענדיק אין דער באָבעס צימער. נאָר איצטער — זי האָט אַליין נישט געוווּסט פֿאַר וואָס — האָט זי געקוקט אויף דעם בילד מיט אַ סך ליבשאַפֿט. און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז פּרץ ענטפֿערט איר מיט דעם זעלבן.

| די ייִדישע שול | חנן קיעל |
|---|---|

די ייִדישע שול פֿאַרן ייִדישן קינד —
אַזוי ווי די שײַן פֿון אַ ליכט, וואָס מען צינדט;
ווערט ליכטיק אַרום און דאָס האַרץ ווערט דערפֿרייט,
דאָס קינד ווערט אַ גאָלדענער רינג(1) אין דער קייט(2).

די ייִדישע שול איז אַ שליסל פֿון גאָלד,
זי עפֿנט די טיר צו אַ וועלט פֿון אַמאָל,
אַ וועלט פֿון געזאַנג, פֿון געבעט און פֿון טרערן,
פֿון זיידעס, וואָס ציילן די זילבערנע שטערן.

די ייִדישע שול איז אַ שומר(3), וואָס היט
דעם גאָלדענעם ניגון(4), וואָס ציט זיך און ציט;
ווען ס׳זינגען די אותיות אַראָפּ פֿון דער וואַנט,
ווערט וואַרעם בײַ אונדז אין דעם אלף־בית־לאַנד.

די ייִדישע שול איז אַ גאָלדענע בריק,
וואָס פֿירט פֿון דער פֿרעמד, פֿון דער ווײַט דיך צוריק,
און ס׳נעמען דיך האַרציק אַרום די פֿיר ווענט,
אַזוי ווי זיי וואָלטן אַ חבֿר דערקענט.

---

1. רינג — anillo.
2. קייט — cadena.
3. שומר — היטער.
4. ניגון — מעלאָדיע.

ליטמאַן | די קאָמפּאָזיציע

(אַ שפּיל אין איין אַקט)

אָנטיילנעמער: הערשל — אַ שילער פֿון מיטלשול;
זײַן מאַמע; זײַן עלטערער ברודער — לייבל.

הערשל: (זיצט בײַם טיש בײַ די ביכער און העפֿטן, שרײַבט עפּעס אויף גיך. פּלוצעם קוקט ער אויפֿן זייגער, וואַרפֿט אַוועק דעם העפֿט אָן אַ זײַט.) מאַמע, איך האָב שוין געמאַכט די היימאַרבעטן. גיב מיר געלט, סע גייט הײַנט אַ שיינער פֿילם אין קינאָ...

מאַמע: (רײַסט אים איבער) און וואָס איז מיט דער קאָמפּאָזיציע?

הערשל: וואָסער קאָמפּאָזיציע?

מאַמע: די קאָמפּאָזיציע, די שריפֿטלעכע אַרבעט וועגן ט״ו בשבֿט.

הערשל: האַ, די קאָמפּאָזיציע?... יאָ... נו, די קאָמפּאָזיציע וועל איך שוין מאַכן מאָרגן, הײַנט וויל איך גיין אין קינאָ. מע שפּילט...

מאַמע: ניין, הערשל, דו וועסט נישט גיין אין ערגעץ, ביז דו וועסט נישט אָנשרײַבן די קאָמפּאָזיציע. ווילסט, מע זאָל מיך מאָרגן ווידער רופֿן אין שול אַרײַן און דערציילן, אַז דו מאַכסט נישט די לעקציעס?...

הערשל: אָבער, מאַמעניו, איך האָב צוגעזאָגט יאַנקלען און די אַנ־דערע חבֿרים, אַז איך וועל קומען, יאַנקל וואַרט אויף מיר...

מאַמע: ניין, פֿריִער קומט די היימאַרבעט!

הערשל: (נעמט זיך אָן חשק צום העפֿט, הייבט אָן שרײַבן) „ט״ו בשבֿט... „ט״ו בשבֿט איז״... מאַמע, וואָס איז ט״ו בשבֿט?

מאַמע: ט״ו בשבֿט ווייסטו נישט? דער פֿופֿצנטער טאָג אין שבֿט.

הערשל: (שרײַבט) „ט״ו בשבֿט איז דער פֿופֿצנטער טאָג אין שבֿט״... מאַמע, און וואָס איז דער פֿופֿצנטער טאָג אין שבֿט?

מאַמע: דאָס איז אַ טאָג נאָכן פֿערצנטן טאָג אין שבֿט... הערשל, דו ווילסט, אַז די מאַמע זאָל פֿאַר דיר מאַכן די קאָמפּאָזיציע? ניין, זונעלע, אַליין דאַרף מען טאָן, אַרבעט מיט דײַן אייגענעם קאָפּ... (גייט אַרויס פֿון צימער).

הערשל: (זיצט מיט דער פֿען אין דער האַנט, פֿאַרקלערט) — ט״ו בשבֿט... ט״ו בשבֿט... נישט אויסצוהאַלטן פֿון די דאָזיקע לערערס. פּונקט הײַנט, ווען איך וויל גיין אין קינאָ, גיט ער מיר צו מאַכן קאָמפּאָזיציעס. דער פֿעטער דוד איז גערעכט, וואָס ער זאָגט, אַז די וועלט טויג נישט — מע דאַרף זי איבערמאַכן... ט״ו בשבֿט...

לייבל: (קומט אַרײַן) וואָס טוסטו, הערשל? דו מאַכסט די היים־אַרבעטן — ווי קומט עס צו דיר?...

הערשל: לייבל, זײַ אַ גוטער ברודער, מאַך מיר די קאָמפּאָזיציע וועגן ט״ו בשבֿט — דו ביסט דאָך אַ געלערנטער, ווייסט אַלצדינג...

לייבל: אָט באַלד לויף איך... איך האָב מײַנע אייגענע היימאַרבעטן צו מאַכן.

הערשל: זאָג זשע מיר כאָטש אונטער אַ פּאָר ווערטער: „דער ט״ו בשבֿט איז"... וואָס שרײַבט מען ווײַטער?

לייבל: ט״ו בשבֿט איז אַ יום־טובֿ...

הערשל: אַ יום־טובֿ? וויפֿל טעג וועט מען נישט לערנען?

לייבל: גוי איינער — ט״ו בשבֿט איז איין טאָג.

הערשל: איין טאָג? אַ שיינער יום־טובֿ... פּסח איז אַ יום־טובֿ — אַכט טעג גאַנצע גייט מען נישט אין שול אַרײַן. לוינט זיך כאָטש צו מאַכן אַ קאָמפּאָזיציע וועגן דעם... אָבער פֿאַר דעם־אַ ט״ו בשבֿט?... זאָג ווײַטער, לייבל!

לייבל: ט״ו בשבֿט איז דער ראש־השנה לאילנות...

הערשל: וואַרט, וואַרט אַ ווײַל! ווי האָסטו געזאָגט? „ראָשאַש"... אוי, סאַראַ שווער וואָרט דאָס איז... טו מיר אַ טובֿה, שרײַב מיר דאָס אויף. אַזוי? „ראש... השנה... לאילנות"... איך קען עס נישט נאָכריידן... זאָג מיר נאָר, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין וואָרט? אין די ביכלעך זײַנען פֿאַראַן אַ סך אַזעלכע מאָדנע ווערטער. און איך האָב שוין אַזאַ מזל, אַז מיך פֿרעגט מען שטענדיק אַזעלכע שווערע ווערטער. וואָס ווײַטער, לייבל?

לייבל: איך האָב נישט קיין צײַט — איך האָב אויך אַ סך אַרבעט. און חוץ דעם — מעגסט אַליין אַ קוועטש טאָן דײַן קאָפּ. (גייט אַרויס)

**הערשל:** אין גאַנצן צוויי שורות אָנגעשריבן. ווען איך זאָל כאָטש דערציִען ביז צען שורות, וואָלט שוין געווען אַ שיינע אַרבעט... מע הייבט שוין אָן באַלד דעם פּילם. די גאַנצע חבֿרה איז שוין מסתמא דאָ אין קינאָ, נאָר איך איינער וועל פֿעלן... „ט״ו בשבֿט איז אַ יום־טובֿ״... איך ווייס נישט, צו וואָס מע דאַרף אָט די יום־טובֿים, אַז פּיַי ווי דאַרף מען זיצן און ברעכן זיך דעם קאָפּ... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ ט״ו בשבֿט? — מסתמא פֿון עפּעס אַ שרײַבער... אַלע צרות קומען אַרויס פֿון די שרײַבער. זעט אויס, אַז יעדער שרײַבער לאָזט איבער עפּעס אַ יום־טובֿ מיט אַ קאָמפּאָזיציע צו מאַכן... וואָלטן זיי כאָטש שׂכל געהאַט און אויך איבערגעלאָזט פֿאַרטיקע קאָמפּאָזיציעס צו זייערע יום־טובֿים, וואָלט איך פֿאַרשפּאָרט זיצן איצט און ברעכן זיך דעם קאָפּ... אוי, מײַן קאָפּ טוט מיר עפּעס אַזוי וויי! דאַכט זיך, אַז איך האָב אַ ביסל היץ... וואָס רעד איך „אַ ביסל״? איך האָב אַ סך היץ — איך בין נישט געזונט, איך...

**מאַמע:** (קומט אַרײַן) נו, ווי האַלטסטו מיט דײַן קאָמפּאָזיציע?

**הערשל:** איך קען נישט, מאַמע, איך פֿיל זיך שלעכט, דער קאָפּ טוט מיר וויי.

**מאַמע:** אַלע מאָל, ווען דו דאַרפֿסט מאַכן אַ קאָמפּאָזיציע, טוט דיר וויי דער קאָפּ... הערשל, דאָס מאָל וועט דיר נישט גיין — וועסט זיצן אַזוי לאַנג, ביז דו וועסט אָנשרײַבן די אַרבעט.

**הערשל:** אָבער אַז איך ווייס נישט וואָס צו שרײַבן... דער לערער האָט עפּעס דערציילט וועגן אָט דעם ט״ו בשבֿט, אָבער איך געדענק נישט קיין וואָרט...

**מאַמע:** אַזוי? נו, טאָ שרײַב זשע אין דער קאָמפּאָזיציע: „דער לערער האָט דערציילט וועגן ט״ו בשבֿט, אָבער איך בין געווען אַ שלעכטער תּלמיד און זיך נישט צוגעהערט, געקוקט אויף די ווענט און געטראַכט וועגן נעכטיקע טעג״...

**הערשל:** אָבער, מאַמע!

**מאַמע:** שרײַב! (גייט אַרויס)

**הערשל:** ווער האָט עס אויסגעטראַכט די דאָזיקע קאָמפּאָזיציעס, מיט די יום־טובֿים, מיט די לערערס, מיט די שולעס?!



# אַבֿרהם רייזען

# יִדישע אותיות

עס וועלן זיך ציִען
אין דורות אַריַין
די אותיות, וואָס גליִען(1)
מיט פֿרייד און מיט שיַין.

די ווערטער, וואָס דרינגען(2)
פֿון טיפֿסטן געמיט(3),
זיי שאַלן(4) און קלינגען
אין בוך און אין ליד.

די יִדישע שולן,
מיט מי(5) אויפֿגעשטעלט,
זיי וועלן פֿאַרפֿולן
די פֿרייד אויף דער וועלט.

זיי וועלן פֿאַרבינדן
אַ דור מיט אַ דור
און פֿיַיערלעך צינדן
אין אייגעלעך קלאָר.

---

1. גליִען — ברענען.
2. דרינגען — קומען ארוים.
3. געמיט — געפיל, שטימונג.
4. שאלן — קלינגען הויך.
5. מי — שווערע ארבעט.





י.ל. פרץ



שלום-עליכם



מענדעלע






ש. פרוג



ה. לייוויק



מ. ראָזענפעלד






י. אָפּאַטאָשו



א. רייזען



מאני לייב



ח.נ. ביאַליק



ש. אַש

# שלום־עליכם

## קורצע ביאָגראַפיע



אין אַ קליין שטעטל פֿון אוּ־קראַינע האָט געוווינט רב נחום ראַבינאָוויטש מיט זײַן ווײַב, חיה־אסתר. גאָט האָט זיי געבענטשט מיט אַ גרויסער פֿאַמיליע, אַ סך ווילדע און פֿײַנע קינדער, אָבער מער פֿון אַלעמען האָט מען גע־הערט, געזען און ליב געהאַט דאָס דריטע קינד, שלום.

דער קליינער, פֿלינקער שלום האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן טאַ־לאַנט נאָכצומאַכן, ווי מענטשן רעדן, ווי זיי באַוועגן זיך און וואָס זיי טוען. ער האָט דאָס געמאַכט אַזוי קונציק, מיט אַזוי פֿיל שפּאַס און שפּיצלעך, אַז אַלע האָבן זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן פֿון געלעכטער. מע האָט שלומען דערפֿאַר זייער ליב געהאַט. אָבער נישט נאָר נאָכמאַכן מענטשן און אַרויסרופֿן געלעכטער האָט דער קליינער שלום געקאָנט — אויך אין חדר איז ער געווען דער בעסטער תּלמיד, און די עלטערן האָבן פֿון אים געהאַט פֿאַרגעניגן.

דאָס דאָזיקע ייִנגל, דער שטיפֿער, דער שפּאַסמאַכער — דאָס איז געווען אונדזער טײַערער, ליבער און גרויסער שרײַבער שלום־עליכם.

שלום ראַבינאָוויטש — שלום־עליכם — איז געבוירן געוואָרן דעם 2טן מערץ פֿון יאָר 1859, אין פּערעיאַסלאַוו, אָבער די ערשטע יאָרן פֿון זײַן קינדהייט האָט שלום געלעבט אין דעם שטעטעלע וואָראָנקע, שפּעטער איז זײַן מישפּחה ווידער אַריבערגעפֿאָרן קיין פּערעיאַסלאַוו.

שלומס פֿאָטער איז געווען אַ געלערנטער ייִד און אַ שטענדיקער לייע־נער פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור. ער האָט געהאַט אַן אײַנפֿאָרהויז, אַ ווײַנשענק און געפֿירט נאָך אַנדערע געשעפֿטן, אָבער קיין גרויסע גלי־קן האָט ער פֿון זיי נישט געהאַט. צום מערסטן האָט אויסגעהאַלטן דאָס הויז די מוטער פֿון איר האַנדל.

נישט לאַנג נאָך שלומס בר־מצווה ווערן איז געשטאָרבן זײַן מוטער. אין הויז איז אָנגעקומען אַ שטיפֿמאַמע. די געשעפֿטן זײַנען אויך געוואָרן ערגער, אָבער דער פֿאָטער האָט גוט אַכטונג געגעבן אויף זײַן פֿעיִקן זון און ער האָט אים אַפֿילו געשיקט לערנען אין דער רוסישער שול — אַ זאַך, וואָס אין יענער צײַט איז דאָס געווען אַ נײַס בײַ ייִדן. שלום האָט אויך ווײַטער געלערנט פֿאַר זיך ייִדישע לימודים און גוט געקאָנט תּנך.

נאָכן ענדיקן מיט אַן אויסצייכענונג די שול, קומט ער אָן ווי אַ לערער צו דעם רײַכן ייִדישן גוטבאַזיצער אלימלך לאָיעוו, אין דעם דאָרף סאָפֿיִעווקע, צו לערנען מיט זײַן טאָכטער. דאָרטן בלײַבט ער דרײַ יאָר, „די שענסטע, די בעסטע און די גליקלעכסטע יאָרן" — אַזוי דערציילט שפּעטער שלום־עליכם וועגן יענער צײַט. דאָ, אויפֿן דאָרף, האָט דער יונגער שלום אָנגעהויבן שרײַבן זײַנע ערשטע שאַפֿונגען — לידער, אַרטיק־לען, דערציילונגען און ראָמאַנען. און דאָ האָט זיך אין אים פֿאַרליבט זײַן תּלמידה, האָדל (אָלגאַ), די איינציקע טאָכטער פֿון דעם דאָרפֿס־גבֿיר. שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין דער גרויסער שטאָט קיִעוו, וואָס פֿיגורירט אין אַ סך ווערק פֿון שלום־עליכמען אונטערן צוגעטראַכטן קאָמישן נאָמען „יעהופּעץ".

אין גיכן איז געשטאָרבן דער שווער, אלימלך לאָיעוו, און זײַן גרויס פֿאַרמעגן איז אַריבער צו די קינדער. שלום ראַבינאָוויטש האָט אָנגע־הויבן צו פֿירן גרויסע געשעפֿטן און אַ ברייט לעבן, אָבער זײַן גרויסע ליבשאַפֿט צום שרײַבן האָט ער נישט פֿאַרלאָזט.

די ערשטע דערציילונג, וואָס ער האָט טאַקע אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים (ליטעראַרישער נאָמען) „שלום־עליכם", איז אָפּגעדרוקט גע־וואָרן אונטערן נאָמען „צוויי שטיינער" אין יאָר 1883. די דערציילונג איז געפֿעלן געוואָרן און מע האָט אים געבעטן שרײַבן נאָך. שפּעטער דרוקט ער די דערציילונג „דאָס מעסערל", וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן אײַנדרוק, און פֿון דעמאָלט אָן הייבט זיך אָן שלום־עליכמס רײַכע און וווּנדערלעכע ליטעראַרישע אַרבעט. גאַר גיך ווערט ער באַרימט און באַליבט אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט. זײַנע דערציילונגען און ראָמאַנען ווערן זייער אַ סך געלייענט; זײַנע דראַמעס און קאָמעדיעס ווערן געשפּילט אין טעאַטערס אויף ייִדיש און אויף אַנדערע שפּראַכן. מיט גרויסער פֿרייד נעמען אויף די ייִדישע לייענערס די וווּנדערלעכע באַשרײַבונגען פֿון ייִדישן לעבן, די אויסערגעוויינלעך הומאָריסטישע טיפּן און געשטאַלטן פֿון שלום־עליכמס ווערק.

דאָס רײַכע לעבן זײַנס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. די געשעפֿטן זײַנען אװעק זײער שלעכט, און גיכן האָט ער זיי אין גאַנצן אװעקגעװאָרפֿן און זיך פֿאַרנומען נאָר מיט זײַן ליטעראַרישער אַרבעט. ער שרײַבט דע־מאָלט זײער אַ סך און דרוקט זײַנע װערק אין פֿאַרשײדענע ייִדישע זשור־נאַלן און צײַטונגען פֿון רוסלאַנד, פּױלן און אַנדערע לענדער.

די העלדן־פּערסאָנאַזשן פֿון שלום־עליכמס װערק זײַנען געװאָרן זײער פּאָפּולער צװישן פֿאָלק: מאָטל פּײסי דעם חזנס, טובֿיה דער מילכיקער און זײַנע טעכטער, מנחם־מענדל און אַ סך אַנדערע.

אין יאָר 1905 איז שלום־עליכם געפֿאָרן קײן אַמעריקע, אָבער ער איז דאָרט נישט געבליבן לאַנג — זײַן פֿאַמיליע איז געבליבן אין רוסלאַנד. אין יאָר 1908 האָט ער געמאַכט אַ רײַזע איבער אַ סך ייִדישע שטעט און שטעטלעך, װוּ ער האָט פֿאָרגעלײענט זײַנע װערק. אומעטום האָט מען אים אױפֿגענומען מיט גרױסן ענטוזיאַזם, מע האָט אים פּשוט געטראָגן אױף די הענט. אין מיטן טור איז ער שטאַרק קראַנק געװאָרן אױף די לונ־גען. װען עס איז אים אַ ביסל בעסער געװאָרן, איז ער אָפּגעפֿאָרן אין אַ װאַרעמען קלימאַט, קײן איטאַליע, װוּ ער האָט שוין פֿון דעמאָלט אָן גע־לעבט כּמעט די גאַנצע צײַט, לױט דער עצה פֿון דאָקטױרים.

װען עס איז אױסגעבראָכן די ערשטע װעלט־מילחמה, האָט שלום־עליכם זיך געראַטעװעט מיט זײַן פֿאַמיליע קײן אַמעריקע, אין יאָר 1915. אױך אין ניו־יאָרק, װוּ ער האָט זיך באַזעצט, האָט שלום־עליכם זײער אַ סך געשריבן. זײַן געזונט האָט זיך אָבער זײער פֿאַרערגערט — ער האָט אָנגע־הױבן לײַדן אױפֿן האַרצן און אַנדערע קראַנקהײַטן. פּסח פֿון יאָר 1916 װערט זײַן צושטאַנד גאָר שלעכט. אַלע מיטלען פֿון די דאָקטױרים האָבן נישט געהאָלפֿן, און שבת דעם 13טן מאַי איז שלום־עליכם געשטאָרבן.

צענדליקער טױזנטער ייִדן זײַנען געקומען צו דער לװיה פֿון זײער באַליבטסטן שרײַבער, שלום־עליכם, און האָבן אים באַגלײט צו זײַן קבֿר, װאָס געפֿינט זיך אױפֿן בית־עולם פֿון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק.

שלום־עליכם געהערט צו די גרעסטע ייִדישע שרײַבער פֿון אַלע צײַטן, ער איז אױך אײנער פֿון די בעסטע הומאָריסטן פֿון דער װעלט־ליטעראַטור, זײַנע װערק זײַנען איבערגעזעצט אױף אַלע שפּראַכן פֿון דער װעלט. שלום־עליכמס װערק װערן געלערנט אין אַלע ייִדישע שולן אױף דער גאַנצער װעלט.



# שלום-עליכם וועגן זיך אַליין

### א

אין אַ קליין שטעטל, וואָראָנקע, האָב איך פֿאַרבראַכט די בעסטע גילדענע יאָרן, מײַנע ערשטע, גוטע, נאַרישע קינדער-יאָרן.

אין דעם דאָזיקן קליינעם שטעטל איז מײַן פֿאָטער געווען דער גבֿיר, דער גבאי!(1) און מיר, די קינדער, אויך ניט קיין קליינינקייט! אַלע שבת צו נאַכטס איז געווען בײַ אונדז אַ מלווה-מלכּה(2) פֿאַר דעם גאַנצן שטעטל, אַלע יום-טובֿ איז מען געקומען צו אונדז אויף קידוש; אַלע נײַעס האָט מען געבראַכט צו אונדז און אַרויסגעטראָגן פֿון אונדז; אַ גלעזל ווײַן האָט מען געטרונקען בײַ אונדז, — אַלצדינג בײַ אונדז. און אונדז, די קינדער, האָט מען אָפּגעגעבן צו דעם בעסטן מלמד, און פֿרום זײַנען מיר געווען, באמת פֿרום.

די פֿאַנטאַזיע איז בײַ מיר געווען פֿון קינדווײַז אָן מאָדנע גרויס און צעהיצט. הײַזער האָבן בײַ מיר אויסגעזען ווי שטעט,ביימער — מענטשן, גראָז — זעלנער, שטעכלקעס(3) — פּלישתּים. און איך פֿלעג גיין אויף זיי אין מילחמה.

אויפֿכאַפּן דאָס קאָמישע פֿון יעדן מענטשן — דאָס איז געווען בײַ מיר כּמעט אַ חולאת(4). איך פֿלעג ניט ווילנדיק נאָכמאַכן יעדן באַזונדער, פֿונעם רבין מיט דער רביצין מיט אַלע חבֿרים ביז די טאַטע-מאַמע. און פֿאַר אָט דעם נאָכמאַכן האָב איך געכאַפּט פּעטש. אין חדר בין איך געווען דער קאָמיקער. אַלע פֿלעגן לאַכן, ביזן טויט לאַכן, אַחוץ מיר.

נאָר איינער איז געווען מיט מיר אַ גלײַכער אויף מאַכן אָנשטעלן, זיך פֿאַרשטעלן, „שפּילן" זיך און בשעת-מעשׂה(5) זינגען שיינע, וווּנדערשיינע לידער. דאָס איז געווען מאירל דעם רבינס. ער איז געגאַנגען באָרוועס און געזונגען דאָס שענסטע ליד פֿאַר אַ גראָשן אָדער פֿאַר אַ האַלבן עפּל. מיר אַלע האָבן געשפּילט דעם „גזלן", אַ טעאַטער-שטיק, אונדזער

---

1. גבאי (גאַבע) — איינער פֿון דער אָנפֿירונג אין בית־מדרש.
2. מלווה־מלכּה (מעלאַווע־מאַלקע) — אַ סעודה שבת צו־נאַכט.
3. שטעכלקעס — espinas.
4. חולאת (כאָלאַס) — קראַנקהײַט.
5. בשעת־מעשׂה — אין דער צײַט.
6. גזלן (גאַזלען) — באַנדיט.

אייגענע פֿאַנטאַזיע. מאירל איז געווען דער גזלן, איך בין געווען דער ייִד, דער אָרעמאַן, און די איבעריקע הבֿרים זיינען געווען דער וואַלד (די ביימער פֿון וואַלד). איך, דער ייִד — דער אָרעמאַן, בין געשטאַנען פֿאַר אים (פֿאַרן גזלן), אויף די קניִען, געטענהט: „וואָס האָסטו צו מיר, איך בין אַ ייִד אַן אָרעמאַן!" און ער, דער גזלן, מיט אַ מעסער אין האַנט, האָט געזונגען זייער אַ שיין לידל: אַז ער מוז, מוז אויסקוילען אַלע ייִדן!...

ווי וויַיט שלעכט מיר זיַינען נישט געווען, איז דאָס געפֿיל פֿון צער־בעלי־חיים(7) געווען אַזוי גרויס, אַז אַ קראַנק פֿערד האָט מיך געקרענקט. אַ הונט מיט אַן איבערגעבראָכענעם פֿוס האָט ארויסגערופֿן ביַי מיר טרערן, און אַפֿילו אַ קאַץ איז ביַי מיר געווען טיַיער און ליב. און פֿון קראַנקע און אָרעמע קינדער שמועסט מען ניט.



דער חשק פֿון שריַיבן — מערקווירדיק(8)! -- האָט זיך גענומען ביַי מיר פֿון דעם רבינס זעלטן שיין הענטל... פֿאַר אַ שיינעם „כּתבֿ"(9) האָט אונדז דער טאַטע געשענקט אַ גראָשן, און צוליב דעם שיינעם כּתבֿ האָב איך זיך אויפֿגעניִיט אַ ביכל און האָב שוין אָנגעשריבן אַ גאַנצן חיבור(10) אויף תּנך. און אַז איך האָב באַוויזן דעם טאַטן, איז ער פֿאַרוווּנדערט געוואָרן פֿון מיַין „ווערק" און האָט דאָס לאַנג אַרומגעטראָגן ביַי זיך אין קעשענע, באַוויזן איטלעכן באַזונדער, ווי שיין זיַין זון שריַיבט (אַלט האָב איך באַדאַרפֿט דעמאָלט זיַין אַ יאָר צען).

געצויגן האָט מיך אַלין אַהין אין יענע וועלטן פֿון חלומות, פֿון געזאַנג, פֿון שפּילן, און איך האָב אַליין נאָך דער בר־מיצווה בגנבֿה(11) זיך צוגעכאַפּט צום פֿידל און געכאַפּט דעם רעכטן פּסק פֿון מיַין טאַטן.

פֿאַראָרעמט געוואָרן, זיַינען מיר אַריבערגעפֿאָרן פֿון דעם קליינעם שטעטל אין דער גרויסער שטאָט. דאָרט האָט מען אונדז אויפֿגעניִיט די ערשטע קורצע קאַפּאָטקעלעך. און אַז די מאַמע איז געשטאָרבן, האָט אונדז דער טאַטע אָפּגעגעבן אין דער שקאָלע(12), און איך האָב מיך אויסגעפֿיַינט צווישן אַלע קינדער. און נאָך דעם ערשטן ביכל, וואָס איך האָב אויף מיַין לעבן געלייענט צו 15 יאָר — „ראָבינזאָן קרוזאָ", האָב איך גליַיך געמאַכט אַן אייגענעם „ראָבינזאָן קרוזאָ" מיטן נאָמען: „דער צווייטער ראָבינזאָן". באַוויזן דעם טאַטן, און דער טאַטע האָט באַוויזן די אורחים(13)

---

7. צער־בעלי־חיים (צאַר־באַלע־כאַים) — מיטגעפֿיל, רחמנות צו לעבעדיקע באַשעפֿענישן.
8. מערקווירדיק — אינטערעסאַנט.
9. כּתבֿ (קסאַוו) — האַנטשריפֿט.
10. חיבור — דאָ: אַ קאָמפּאָזיציע,
11. בגנבֿה (ביגעניייווע) — דאָ: קיינער זאָל ניט ווּיסן.
12. שקאָלע — דאָ: רוסישע שול.
13. אורחים — געסט.

(ביי אונדז איז געווען אַן איינפֿאָרהויז(14), און אַלע זיינען ארוים פֿון די כּלים(15)!

פֿון דעמאָלט אָן האָט דער טאַטע געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַן אוצר, ניט געלאָזט, מע זאָל מיך שלאָגן, ניט געלאָזט וויגן די קליינע קינדער, ניט געגעבן האָקן מיר ראָזשינקעס ווי פֿריער (ביי אונדז איז געווען אויך אַ וויינקעלער(16) און פֿאַרווערט מיר פּוצן פֿאַר די אורחים די שטיוול, שטעלן דעם סאַמאָוואַר, לויפֿן אַ גאַנג און אַלץ, וואָס איך פֿלעג פֿאַר זיי טאָן ביז יענער צייט.

(פֿון שלום־עליכמס אויטאָביאָגראַפֿיע)

## שלום נחום וועוויקס און שמואליק דער יתום

### א

פֿאַראַן פּנימער, וואָס זיינען באַשאַפֿן געוואָרן פֿון גאָט אויף צו פֿאַרפּישופֿן(17) אייך מיטן ערשטן קוק. „האָב מיך ליב" — אַזוי שרייט צו אייך דאָס דאָזיקע פּנימל, און איר באַקומט עס ליב, איר ווייסט ניט פֿאַר וואָס.

אָט אַזאַ מין חנעוודיק(18) פּנימל האָט געהאַט שמואליק דער יתום, אַ יינגל אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען, וואָס אויפֿגעהאַלטן האָט ער זיך ביים רבֿ.

צו אים איז דאָס צוגעקלעפּט געוואָרן שלום נחום וועוויקס פֿון דער ערשטער מינוט, וואָס זיי האָבן זיך באַקענט, זיך געטיילט מיט אים מיט די אָנבייסנס(19) און מיט די מיטאָגס האַלב אויף האַלב און געוואָרן חבֿר — אָבער וואָס הייסט חבֿר! נפֿש אחת — איין לייב און איין נשמה! פֿאַר וואָס? איבער זיינע מעשׂיות.

קיינער האָט ניט געהאַט אַזוי פֿיל מעשׂיות אויף צו דערציילן וויפֿל שמואליק. האָבן מעשׂיות אויף צו דערציילן איז אָבער נאָך ניט אין גאַנצן. דאָס דערציילן איז אויך אַ זאַך. דערציילן אַ מעשׂה דאַרף מען קאָנען. און שמואליק האָט געקאָנט דערציילן מעשׂיות, אַזוי ווי קיינער ניט!

---

14. איינפֿאָרהויז — posada.

15. ארוים פֿון די כּלים (קיילים) — דאַ: געוואָרן שטאַרק פֿאַרוווּנדערט.

16. וויינקעלער — ווו מע פֿאַרקויפֿט וויין.

17. פֿאַרכּישופֿן — דאַ: צוציִען.

18. חנעוודיק — שיין, ליבלעך.

19. אָנבייסן — פֿרישטיק.

פֿון וואַנעט האָבן זיך צו דעם טשיקאַווע(20) בחור מיט די רויטע בע־קעלעך און מיט די פֿאַרחלומטע אויגן גענומען אַזוי פֿיל מעשׂיות, און אַזעלכע שיינע, רײַכע מעשׂיות, מיט אַזעלכע זעלטענע פֿאַנטאַסטישע בילדער? צי האָט ער זיי וווּ געהערט אַ מאָל דערציילן? אָדער דאָס איז געווען פֿון זײַן קאָפּ אויסגעטראַכט, לויטער פֿאַנטאַזיעס? איך ווייס נאָר איין זאַך: עס האָט זיך בײַ אים געגאָסן ווי פֿון אַ קוואַל(21), נאָר פֿון אַזאַ קוואַל, וואָס שעפּט זיך ניט אויס קיין מאָל. און געגאַנגען איז דאָס בײַ אים גלאַט, ווי אויף בוימל, און געצויגן האָט זיך עס, ווי אַ לאַנגער זײַדן־פֿאָדעם. און זיס איז געווען די שטים, זיס די שפּראַך, זיס ווי צוקער. און די בעקלעך רויט, די אויגן פֿאַרחלומט און נאַסלעך, ווי איבערגעצויגן מיט אַ דין רויכל.

פֿאַרקליבן זיך פֿרײַטאָג נאָך האַלבן טאָג, אָדער שבת נאָכן עסן, אָדער יום־טובֿ פֿאַרנאַכטלעך, אויפֿן הויכן וואַראָנקעווער באַרג, וואָס „דער שפּיץ זײַנער דערגרייכט כּמעט ביז דער כמאַרע", האָבן זיך ביידע חבֿרים אַוועק־געלייגט מיטן פּנים אַראָפּ צום גראָז, אָדער מיטן פּנים אַרויף צום הימל, און שמואליק האָט גענומען דערציילן אַ מעשׂה נאָך אַ מעשׂה:

אַ מעשׂה פֿון אַ בן־מלך מיט אַ בת־מלכּה, אַ מעשׂה פֿון אַ רבֿ מיט אַ רביצין, אַ מעשׂה פֿון אַ פּרינץ מיט אַ הונט, אַ מעשׂה פֿון אַ פּרינצעסין אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, אַ מעשׂה פֿון צוועלף גזלנים אין וואַלד, אַ מעשׂה פֿון אַ שיף, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפֿן פֿאַרגליווערטן(22) ים, מעשׂיות פֿון פּויפּס(23), וואָס האָט געפֿירט וויכּוחים(24) מיט די גרעס־טע רבנים, און מעשׂיות פֿון חיות, פֿון שדים(25) און פֿון רוחות, פֿון מכשפֿים(26), שרעטעלעך(27), פּיפּערנאָטערס(28), האַלב־מענטש, האַלב־חיה; און אַ מעשׂה מיט אַ הענגלײַכטער פֿון פּראָג — און איטלעכע מעשׂה האָט געהאַט איר טעם מיט איר ריח, און אַ באַזונדערער כּישוף(29) איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיי אַלע.



דער חבֿר, שלום נחום וועוויקס, האָט געהאַלטן אָפֿן מויל און אויערן, קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פֿון דעם דאָזיקן טשיקאַווע בחורל מיט די רויטע בעקלעך און מיט די פֿאַרחלומטע נאַסלעכע אויגן.

---

20. טשיקאַווע — אינטערעסאַנט.
21. קוואַל — fuente.
22. פֿאַרגליווערט — וואָס רירט זיך ניט.
23. פּויפּס — papa.
24. וויכּוחים — דיסקוסיעס.
25. שדים (שיידים) — טײַוואָלים.
26. מכשפֿים (מעכאַשייפֿים) — brujos.
27. שרעטעלע — duende, enano.
28. פּיפּערנאָטער — לעגענדאַרישע חיה, דראַקאָן.
29. כּישוף — דאַ: encanto.



„...שמואליק האָט גענומען דערציילן אַ מעשׂה נאָך אַ מעשׂה... דער חבֿר, שלום נחום ווערוויקס, האָט געהאַלטן אָפֿן מויל און אויערן"...

— פֿון וואַנעט ווייסטו דאָס אַלצדינג, שמואליק?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך בלאָטע! למאַי(30) איך ווייס, ווי אַזוי מע צאַפּט ווײַן פֿון דער וואַנט און בוימל פֿון דער סטעליע(31).

— ווי אַזוי צאַפּט מען דאָס ווײַן פֿון דער וואַנט און בוימל פֿון דער סטעליע?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך בלאָטע! איך ווייס אַפֿילו, ווי אַזוי מע מאַכט פֿון זאַמד גאָלד און פֿון שערבלעך(32) דימענטן מיט בריליאַנטן.

— ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

— ווי אַזוי? דורך קבלה(33). דער רבֿ איז דאָך אַ בעל־קבלה, ווער ווייסט עס ניט? ער שלאָפֿט דאָך קיין מאָל ניט.

— וואָס דען טוט ער?

— בײַ נאַכט, ווען אַלע שלאָפֿן, איז ער אויף(34). זיצט ער אַליין און פֿאַרנעמט זיך מיט קבלה.

— און דו זעסט אַלצדינג, וואָס ער טוט?

— ווי קען איך זען, נאַרעלע, אַז איך שלאָף?

— פֿון וואַנעט זשע ווייסטו, אַז ער פֿאַרנעמט זיך מיט קבלה?

— ווער ווייסט עס נישט? דאָס ווייסט דאָך אַ מינדסטט(35) קינד. פֿרעג, וועמען דו ווילסט. נאַרעלע, דאָס, וואָס דער רבֿ קאָן, קאָן קיינער נישט. וויל ער — זײַנען אָפֿן פֿאַר אים אַלע צוועלף ברונעמס מיט קוועקזילבער(36) און גאָלד מיט זילבער, מיט דימענטן, מיט בריליאַנטן — אַזוי פֿיל, אַז עס גלוסט זיך אַזש ניט!

— פֿאַר וואָס זשע ביסטו תּמיד הונגעריק? און פֿאַר וואָס האָט ער ניט אויף שבת?

— אַזוי, וואַרעם ער וויל ניט. ער וויל בעסער אָפּקומען(37) אויף דער וועלט, תּשובֿה טאָן(38), ער איז אַ בעל־תּשובֿה. ער זאָל וועלן, וואָלט ער געווען רײַך, ווי קורח(39); טויזנט ראָטשילדס(40) וואָלט ער פֿאַר־

---

30. למאַי — אָמער. פֿאַר וואָס.
31. סטעליע — techo.
32. שערבלעך — שטיקלעך גלאָז.
33. קבלה (קאַבאָלע) — מיסטיק — די לערע וועגן די מיסטעריעס פֿון דער וועלט און פֿון דער תּורה. — בעל־קבלה — דער וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט קבלה.
34. איז אויף — ער שלאָפֿט ניט.
35. מינדסטע — קלענסטע.
36. קוועקזילבער — mercurio.
37. אָפּקומען — לײַדן.
38. תּשובֿה טאָן — אויסדריקן מיט פֿאַרשיידענע מעשׂים און תּפֿילות, אַז מע האָט חרטה אויף די זינד. בעל־תּשובֿה — דער וואָס טוט תּשובֿה.
39. ווי קורח — זייער רײַך.
40. ראָטשילד — באַרימטער ייִדישער באַנקיר.

שטעקט אין גאַרטל. וואָרעם ער ווייסט, ווי אַזוי מע ווערט רײַך. פֿאַר אים איז אַנטפּלעקט(41) אַלצדינג. ער ווייסט אַפֿילו דאָס אָרט, וווּ דער אוצר ליגט באַהאַלטן.

— וווּ ליגט דער אוצר באַהאַלטן?

— חכם! פֿון וואַנעט זאָל איך וויסן? ווען איך זאָל וויסן, וווּ דער אוצר ליגט, וואָלט איך דיר שוין לאַנג געזאָגט. איך וואָלט אין מיטן בײַנאַכט געקומען צו דיר און וואָלט דיך אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף: „קום, שלום, צום אוצר, ווען מיר צונויפֿשאַרן דאָס גאָלד און אָנשטאָפּן פֿולע קעשענעס!"

און האָט שמואליק אָנגעהויבן צו ריידן וועגן אוצר, אַזוי האָבן די פֿאַרחלומטע אויגן בײַ אים זיך אָנגעצונדן, די רױטע בעקלעך צעפֿלאַמט, און אַליין האָט ער זיך אַזוי צעהיצט און צעברענט און צעפֿלאַקערט, אַז ער האָט אויך דעם חבֿר זײַנעם אָנגעוואַרעמט, צעהיצט, צעברענט און צעפֿלאַקערט. שמואליק האָט גערעדט, און זײַן חבֿר שלום נחום וועוויקס האָט אים געקוקט אין מויל אַרײַן און מיט דאָרשט געשלונגען איטלעכס וואָרט.

ג

די שיינע, ווונדערלעכע מעשׂיות פֿון שמואליק דעם יתום האָבן זײַן יונגן חבֿר אין גאַנצן פֿאַרכּישופֿט און געבראַכט דערצו, אַז די פּרינצן מיט די פּרינצעסינס זײַנען אים געגאַנגען צו חלום, געוועקט, געשלעפּט בײַ די אָרבל: „שטיי אויף, שלום! שלום, טו זיך אָן און קום מיט אונדז!"

און נישט נאָר אין חלום — אויך אויף דער וואָר(42) האָט ער זיך געפֿונען כּמעט שטענדיק צווישן פּרינצן און פּרינצעסינס, ערגעץ אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, אָדער אויפֿן פֿאַרגליווערטן ים, אָדער אויף אַן אינדזל, וווּ עס געוועלטיקן(43) ווילדע מענטשן, אָדער גאָר אין גן־עדן, וווּ עס געפֿינען זיך צוועלף ברונעמס מיט קוועקזילבער און דרײַצן גער־טענער, אין גאָלד און זילבער וואַלגערט זיך, אַזוי ווי מיסט. אָדער ער הייבט זיך אויף גאָר אין דער הייך, אויף יענער זײַט כּמאַרעס...

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז ער האָט אָנגעהויבן אָנרופֿן די אַלע זאַכן בײַם נאָמען און זען זיך מיט זיי אויף יעדער טריט און שריט. עט־לעכע צונויפֿגעלייגטע באַלקנס(44) אין הויף זײַנען שוין געווען געוויס פֿאַר אים, ער זאָל זיך אַרויפֿכאַפּן אויף זיי גאַנץ הויך און זיך פֿאַרשטעלן, אַז דאָס איז אַ וויספּע(45), און ער איז דער פּרינץ. די גענדז מיט די קאַטשקעס,

---

41. אַנטפּלעקט — אויפֿגעדעקט.
42. וואָר — רעאַליטעט.
43. געוועלטיקן — הערשן, אָנפֿירן.
44. באַלקנס — קלעצער, ברעטער.
45. וויספּע — אינדזל (isla).

וואָס שפּאַצירן אַרום אין הויף — דאָס זײַנען די ווילדע מענטשן־פּרעסערס, און ער איז איבער זיי דער מלך, וואָס קאָן זיי טרײַבן, וווּהין ער וויל, און קאָן טאָן מיט זיי, וואָס ער וויל, — וואָרעם זיי זײַנען דאָך זײַנע אונטער־טעניקעס(46)... אַ שטיינדעלע אַ פּראָסט, פֿון דער ערד אויפֿגעהויבן — קאָן עס זײַן אַפֿשר דאָס שטיינדעלע „ישפה"(47), ווער ווייסט?

מער פֿון אַלץ אָבער האָבן זיך אײַנגעוואָרצלט(48) אין אים שמואליקס מעשׂיות וועגן אוצרות. ער איז געווען ווי זיכער, אַז ניט הײַנט איז מאָרגן, נאָר אָן אוצר מוז זיך אים אַנטפּלעקן. דאָס גאַנצע גאָלד וועט ער, געווייניג־לעך, אַוועקגעבן דעם טאַטן מיט דער מאַמען. דער טאַטע וועט שוין ניט דאַרפֿן זײַן אַזוי פֿאַרזאָרגט און פֿאַרטראָגן אין די געשעפֿטן. די מאַמע וועט פֿאַרשפּאָרן(49) פֿירן גאַנצע טעג אין קלייט. מיט דעם כּוח פֿונעם שטיין „ישפה" וועט ער אויסבויען אַ פּאַלאַץ פֿון קרישטאָל, אַרומגערינגלט מיט אַ גאָרטן פֿון סאַמע זאַפֿרען. און אין מיטן גאָרטן וועט זיך געפֿינען אַ ברונעם פֿון קוועקזילבער. אַ הונט וועט היטן דעם אַרײַנגאַנג, און פּי־פּערנאָטערס, שרעטעלעך מיט ווילדע קעץ וועלן זיך דראַפּען אויף די ביימער. און ער, דער פּרינץ אַליין, וועט אויסטיילן פֿון זײַן ברייטער האַנט די וואָראָנקעווער אָרעמעלײַט נדבֿות, גרויסע נדבֿות און קליינע נדבֿות, איטלעכן אַזאַ נדבֿה, ווי ער פֿאַרדינט.

עס איז געווען שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז די צוויי געליבטע חבֿרים, שלום נחום וועוויקס און שמואליק דער יתום, זאָלן אַ מאָל זיך דאַרפֿן צעשיידן אויף אייביק און אייביק. ערשטנס, גלאַט למאַי זאָלן זיך חבֿרים שיידן? און אויסער דעם האָבן זיי זיך געשוואָרן ביידע בײַ גאָט, אַז איינער אָן דעם צווייטן זאָל ניט אַוועקפֿאָרן קיין מאָל ניט אין ערגעץ ניט, אַז וואָס ס'זאָל זיך מיט זיי ניט טרעפֿן און ווי זיי זאָלן נישט מגולגל(50) ווערן, זאָלן זיי תּמיד זײַן איין נפֿש, איין נשמה.

(פֿון דעם בוך „פֿונעם יאַריד")

---

46. אונטערטעניקעס — súbditos.
47. ישפה (יאָשפּע) — דאָ: מאַגישער שטיין.
48. אײַנגעוואָרצלט — געבליבן אין אים אויף שטענדיק.
49. פֿאַרשפּאָרן — דאָ: ניט דאַרפֿן.
50. מגולגל ווערן — דאָ: זײַן אין פֿאַרשיידענע ערטער.



# מאָטל פּייסי דעם חזנס

(קאַפּיטלעך)

## מיר איז גוט — איך בין אַ יתום!

### א

פֿון זינט איך בין צו מײַן שׂכל געקומען, געדענק איך נישט, איך זאָל זײַן אַזאַ מיוחס(1), ווי אַצינד. וואָס איז מיט מיר דער יִחוס?

— מײַן טאַטע, פּייסי דער חזן, ווייסט איר דאָך, איז געשטאָרבן דעם ערשטן טאָג שבֿועות, און איך בין געבליבן אַ יתום.

פֿון דעם ערשטן טאָג נאָך שבֿועות האָבן מיר אָנגעהויבן זאָגן קדיש — איך און מײַן ברודער עליִע. ער טאַקע האָט מיך אויסגעלערנט זאָגן קדיש. מײַן ברודער עליִע איז אַ געטרײַער ברודער, אָבער נישט קיין גוטער רבי. ער איז אַ כּעסן(2), ער שלאָגט זיך! ער האָט אויפֿגעעפֿנט אַ סידור און האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט מיר און האָט אָנגעהויבן מיט מיר שטודירן:

— יתגדל ויתקדש שמי רבה(3)... — ער וויל, אַז איך זאָל שוין קענען אויף אויסנווייניק. ער חזרט איבער מיט מיר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל פֿון אָנהייב ביזן סוף, און הייסט מיר, אַז איצט זאָל איך שוין זאָגן אַליין. איך זאָג אַליין, אָבער עס גייט נישט.

ער נעמט מיך אָן פֿאַרן אויער און זאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אויפֿשטיין און זען, וואָס פֿאַר אַ זון ער האָט...

— וואָלט איך פֿאַרשפּאָרט זאָגן קדיש...

אַזוי זאָג איך צו מײַן ברודער עליִע און כאַפּ פֿון אים אַ געשמאַקן פּאַטש מיט דער לינקער האַנט אין דער רעכטער באַק אַרײַן. דערהערט די מאַמע און גיט אים אַ פּסק(4), ער זאָל מיך נישט שלאָגן, וואָרעם איך בין אַ יתום.

---

1. מיוחס (מעיוכעס) — דאָ: חשובֿער מענטש. יִחוס — שטאָלץ.
2. כּעסן (קײַסן) — וואָס ווערט גיך אין כּעס.
3. די ערשטע ווערטער פֿון קדיש.
4. פּסק (פּסאַק) דאָ: שטראָף.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס טוסטו? וועמען שלאָגסטו? האָסט פֿאַרגעסן, אַז דאָס קינד איז אַ יתום?!

שלאָפֿן שלאָף איך מיט דער מאַמען אינעם טאַטנס בעט — דאָס איינציקע שטיקל מעבל אין שטוב. די קאָלדרע גיט זי אָפּ כּמעט אין גאַנצן מיר.

— דעק זיך איַין, זאָגט זי מיר, און ווער אַנטשלאָפֿן, מיַין יתום. עסן איז נישטאָ וואָס...

דעקן דעק איך זיך איַין, אָבער שלאָפֿן שלאָף איך נישט. איך חזר מיר דעם קדיש אויף אויסנווייניק.

אין חדר גיי איך נישט, לערנען לערן איך נישט, דאַווענען דאַוון איך נישט, זינגען זינג איך נישט. פּטור פֿון אַלצדינג.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

ב

מזל־טובֿ, איך קאָן שוין גאַנץ קדיש אויף אויסנווייניק!

אין שול שטיי איך אויף אַ באַנק און קלאַפּ דעם קדיש, ווי אַ מזיק. אַ קול־נגינה(6) האָב איך אויך, בירושה(7) פֿון מיַין טאַטן, אַן אמתע סאָפּראַנאָ. אַלע יינגלעך שטעלן זיך אוים אַרום מיר און זענען מיר מקנא. וויַיבער וויינען. באַלעבאַטים שענקען מיר אַ קאָפּיקע. יאָסי דעם נגידס יינגל, הענעך מיטן אייגל (ער איז אַ מוראדיקער נישט־פֿאַרגינער!), אַז עס קומט צום קדיש, שטעלט ער מיר אַרויס אַ צונג — ער וויל, ער גייט אוים, ער חלשט, איך זאָל זיך צעלאַכן. אים אויף צו־להכעים וועל איך נישט לאַכן! האָט דערזען אהרון דער שמש, האָט ער אים גענומען פֿאַרן אויער און האָט אים צוגעפֿירט צו דער טיר. אַ מצווה אויף אים(8)!

אַזוי ווי איך זאָג קדיש אין דער פֿרי און אויף דער נאַכט, בין איך פֿריַי. אַ גאַנצן טאָג געפֿין איך זיך ביַים טיַיך — אָדער איך כאַפּ פֿיש, אָדער איך באָד זיך. כאַפּן פֿיש האָב איך זיך אויסגעלערנט פֿון זיך אַליין. אַז איר ווילט, קאָן איך איַיך אויסלערנען. מע טוט אוים דאָס העמד און מע פֿאַרקניפּט דעם אַרבל און מע גייט פּאַוואָליע ביזן האַלדז אין וואַסער. מע דאַרף גיין לאַנג־לאַנג. אַז איר פֿילט, דאָס העמד איז שווער, איז אַ סימן, אַז ס'איז פֿול, גייט איר אַרויס וואָס גיכער און טרייסלט אוים דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגן פֿאַרפּלאָנטערט אָפּט מאָל קליינע זשאַבקעלעך — וואַרפֿט זיי אַריַין צוריק אין וואַסער אַריַין, ס'אַ צער־בעלי־חיים(9). אין דער געדיכטער בלאָטע קאָנט איר אַ מאָל געפֿינען אַ פּיאַווקע(10). פּיאַווקעס איז געלט — פֿאַר אַ צענדליק פּיאַוו־

---

6. קול־נגינה — שיינע שטימע.
7. בירושה — איבערגענומען.
8. אַ מצווה אויף אים — דאָ: עס קומט אים די שטראָף.
9. צער־בעלי־חיים (צאַר־באַלע־כאַים) — רחמנות אויף לעבעדיקע באַשעפֿענישן.
10. פּיאַווקע — sanguijuela.

קעס קאָנט איר באַקומען דרײַ גראָשן, עס גייט נישט צו פֿוס... קיין פֿיש זאָלט איר נישט זוכן. אַ מאָל איז געווען פֿיש אויך, הײַנט איז נישטאָ. איך יאָג זיך נישט נאָך קיין פֿיש. איך בין צופֿרידן, עס זאָלן זײַן כאָטש פּיאַווקעס. הײַנטיקן זומער איז נישט געווען קיין איין פּיאַווקע.

פֿון וואַנען האָט זיך דערוווּסט מײַן ברודער עליע, אַז איך כאַפּ פֿיש — ווייס איך נישט. ער האָט מיר שיִער נישט אָפּגעריסן אַן אויער פֿאַר די פֿיש. אַ גליק וואָס פּעסיע די גראָבע, אונדזער שכנה, האָט דערזען. אַן אייגענע מאַמע דאַרף זיך אַזוי נישט אײַנשטעלן פֿאַר איר קינד.

— אָט אַזוי שלאָגט מען אַ יתום?...

מײַן ברודער עליע האָט זיך פֿאַרשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזט דעם אויער. אַלע שטעלן זיך אײַן פֿאַר מיר. מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

## ג.

אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע האָט זיך אין מיר פֿאַרליבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאַמען, איך זאָל דערווײַל זײַן בײַ איר, בײַ פּעסיען, הייסט עס.

— וואָס וועט אײַך אַרן? — האָט זי געטענהט. — עס גייען בײַ מיר צום טיש צוועלף, וועט זײַן אַ דרײַצנטער.

בײַ דער מאַמען האָט זי קוים געפּועלט(11). האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט מײַן ברודער עליע:

— ווער וועט אויף אים אַכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש?

— איך וועל אויף אים אַכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש. נו, שוין? האָט איר צו מיר גאָרנישט?

פּעסיע איז נישט קיין גבירטע. איר מאַן איז אַן אײַנבינדער און הייסט משה. ער האָט אַ שם(12) פֿאַרן בעסטן באַלמעלאָכע. דאָס אַליין איז אָבער קאַרג. מע דאַרף נאָך האָבן מזל אויך. אַזוי זאָגט פּעסיע צו מײַן מאַמען. מײַן מאַמע גיט איר נאָך. זי זאָגט, אַז צום שלים-מזל דאַרף מען אויך האָבן מזל. פֿאַר אַ סימן נעמט זי מיך. אָט בין איך אַ יתום, און אַלע ווילן מיך. פֿאַראַן בעלנים(13), וואָס ווילן מיך צו זיך אויף שטענדיק. אַזוי זאָגט די מאַמע און וויינט. זי האַלט זיך אַן עצה מיט מײַן ברודער עליע.

— ווי מיינסטו? זאָל ער זײַן דערווײַל ביי פּעסיען?

מײַן ברודער עליע איז שוין אַ גרויסער. אַנישט, וואָלט מען זיך מיט אים נישט געהאַלטן קיין עצה; ער גלעט זיך מיט דער האַנט דאָס ריינע, נאָך נישט באַוואָקסענע פּנים, גלײַך ווי ער וואָלט שוין געהאַט אַ באָרד, און רעדט ווי אַ גרויסער:

---

11. געפּועלט (געפּויעלט) — אויסגעפֿירט.

12. האָט אַ שם — איז באַקאַנט.

13. בעלן (באַלן) — איינער וואָס וויל, איז גרייט.

— מהיכי־תיתי(14), אַבי ער זאָל נאָר נישט זײַן קיין שייגעץ(15).
און עס בלײַבט, אַז איך וועל זײַן דערווײַל בײַ אונדזער שכנה פּעסיע, נאָר בתּנאַי(16), איך זאָל נישט זײַן קיין שייגעץ. אַלצדינג הייסט בײַ זיי אַ שייגעץ! אָנהענגען דער קאַץ אַ פּאַפּיר אויפֿן עק, זי זאָל זיך דרייען — הייסט בײַ זיי אַ שייגעץ! קלאַפּן מיט אַ שטעקל איבער די גראַטעס(17) פֿון גלחס הויף, אַלע זאָלן זיך צונויפֿלויפֿן — הייסט בײַ זיי אַ שייגעץ! אָפּשטעקן בײַ לייבקע דעם וואַסערפֿירער דעם צאַפּן פֿון דער פֿאַס, ס'זאָל אויסלויפֿן העכער האַלב וואַסער — הייסט בײַ זיי אַ שייגעץ!
— דײַן גליק, וואָס דו ביסט אַ יתום! — זאָגט צו מיר לייבקע דער וואַסערפֿירער. — אַנישט, וואָלט איך דיר איבערגעבראָכן אַ האַנט מיט אַ פֿוס! מעגסט מיר גלייבן אויף נאמנות(18).
איך גלייב אים אויף נאמנות. איך ווייס, אַז איצט וועט ער מיך נישט אָנרירן, ווײַל איך בין אַ יתום.
מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

ד

אונדזער שכנה פּעסיע, זאָל מיר מוחל זײַן, האָט געזאָגט אַ גרויסן ליגן. צוועלף, האָט זי געזאָגט, גייען בײַ איר צום טיש. לויט מײַן רעכע־נונג, בין איך דער פֿערצנטער. אַפּנים, זי האָט פֿאַרגעסן אַרײַנרעכענען דעם בלינדן פֿעטער ברוך. און אפֿשר האָט זי אים נישט אַרײַנגעשטעלט צווישן די עסערס דערפֿאַר, ווײַל ער איז שוין זייער אַלט און האָט קיין ציין נישט אויף צו קײַען. איך וועל זיך נישט שפּאַרן. קײַען קאָן ער נישט, דערפֿאַר אָבער שלינגט ער, ווי אַ גאַנדז, און כאַפּט. אַלע כאַפּן זיי. זייער כאַפּן איז חוץ לדרך הטבֿע(19). איך כאַפּ אויך. שלאָגן זיי מיך. מיט די פֿיס אונטערן טיש שלאָגן זיי מיך. מער פֿון אַלע שלאָגט זיך וושתּי. הייסן הייסט ער הערשל, נאָר ווײַל ער האָט אַ גוליע(20) אויפֿן שטערן, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „וושתּי". אַלע האָבן זיי דאָ נעמען און צונעמען: „קלעצל, קאָטער, בופּלאָקס, פּעטעלעלע, גיב־מיר־נאָך"...
האָט קיין יסורים נישט — יעדער נאָמען האָט זיך זײַן שורש(21). פּיניע הייסט „קלעצל" דערפֿאַר, ווײַל ער איז גראָב און קײַלעכיק, ווי אַ קלעצל. וועלוול איז אַ שוואַרצער, רופֿט מען אים „קאָטער". חיים איז אַ

14. מהיכי־תּיתי (מאַכטייסע) — זאָל זײַן; פֿאַר וואָס ניט.
15. שייגעץ — דאָ: שטיפֿער.
16. בתּנאַי — נאָר אויף דעם אופֿן.
17. גראַטע — reja.
18. אויף נאמנות (נעמאָנעס) — אויפֿן ערנוואָרט.
19. חוץ לדרך הטבֿע — אומנאַטיר־לעך.
20. גוליע — chichón.
21. שורש (שוירעש) — וואָרצל, אָפּ־שטאַם.

בופלאָקס, הייסט ער „בופלאָקס". „פּעטעלעלע" האָט מען אַ נאָמען געגעבן פֿײַטלען דערפֿאַר, ווײַל ער קאָן נישט רעדן. בערל איז אַ גרויסער נאַשער: אַז מען גיט אים אַ שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, זאָגט ער: „גיב מיר נאָך". קורץ — ס'איז אַ שטוב, וואָס יעדער האָט אַ צונעמעניש. וואָס דאַרפֿט איר מער — די קאַץ, שוין גאָר אַ שטומע צונג, שוין געווים גאָט די נשמה שולדיק, הייסט זי בײַ זיי: „פֿייגע-לאה די גבאיטע(22)". איר ווייסט פֿאַר וואָס? דערפֿאַר, וואָס זי איז אַ גראָבע, און פֿייגע-לאה, נחמן דעם גבאים ווײַב, איז אויך אַ גראָבע. וויפֿל, מיינט איר, האָבן זיי שוין געכאַפּט פּעטש דערפֿאַר, זיי זאָלן נישט רופֿן קיין קאַץ מיט אַ מענטשלעכן נאָמען? ווי אַן אַרבעס אין דער וואַנט! האָבן זיי געגעבן עמעצן אַ צונעמעניש, איז פֿאַרפֿאַלן!

ה.

מיר האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן — טרעפֿט ווי אַזוי? „מאָטל מיט די לעפֿצן"... לעפֿצן איז אַ דײַטשיש וואָרט. אויף אונדזער לשון הייסט דאָס „ליפּן". אַפּנים, זיי איז נישט געפֿעלן מײַנע ליפּן. זיי זאָגן, אַז איך עס, מאַך איך מיט די ליפּן! איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואָס זאָל עסן און נישט מאַכן מיט די ליפּן! איך בין נישט פֿון די גרויסהאַלטערס, וואָס מע טאָר נישט אַנרירן זייער כּבֿוד. נאָר איך ווייס נישט פֿאַר וואָס — מיר איז דאָס צונעמעניש שטאַרק נישט געפֿעלן! און ווײַל ס'איז מיר נישט געפֿעלן, רייצן זיי זיך(23) מיט מיר און רופֿן מיך דווקא אַזוי. אײַנגעגעסענע ברואים(24) — איר האָט נאָך אַזעלכע נישט געזען! פֿריִער האָב איך בײַ זיי געהייסן: „מאָטל מיט די לעפֿצן". נאָך דעם גלאַט „מיט די לעפֿצן". גאָר שפּעטער: „לעפֿצן".

— לעפֿצן! ווישט אָפּ די נאָז!

— לעפֿצן! ווו זענט איר געווען?

עס פֿאַרדריסט מיך און עס ברענט מיך, און איך וויין. דערזעט דער פֿאָטער זייערער, משה דער אײַנבינדער, איין מאָל, אַז איך וויין, פֿרעגט ער מיך: וואָס וויין איך? זאָג איך אים: ווי אַזוי זאָל איך נישט וויינען, אַז איך הייס מאָטל, און מע רופֿט מיך „לעפֿצן"! פֿרעגט ער: ווער? זאָג איך: „ושתּי". ווײַל ער שלאָגן „ושתּין", זאָגט „ושתּי": ס'איז נישט איך, ס'איז „קלעצל". ווײַל ער שלאָגן „קלעצלען", זאָגט „קלעצל": ס'איז נישט איך, ס'איז „קאָטער".

---

22. גבאיטע (גאַבעטע). גבאי — איינער פֿון דער אָנפֿירונג אין בית-מדרש אָדער פֿון אַ חבֿרה.

23. רייצן זיך — טשעפּען זיך, פּראָוואָצירן.

24. ברואים — באַשעפֿענישן.

איינער אויפֿן אַנדערן, דער אַנדערער אויפֿן דריטן — אַ מעשׂה אָן אַן עק! איז זיך מיישבֿ(25) דער פֿאָטער, משה דער איַינבינדער, און לייגט זיי אַוועק אַלע איינציקוויַיז און שמיַיסט זיי אָפּ מיט אַ טאָוול פֿון אַ סידור און זאָגט זיי:

— איך וועל איַיך וויַיזן, ווי אַזוי צו לצעווען(26) פֿון אַ יתום!

אָט אַזוי. יעדער נעמט זיך אָן מיַין קריוודע(27). אַלע, אַלע שטעלן זיך איַין פֿאַר מיר.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום....

# אונדזער חבֿר פּיניע

## א

מיַין ברודער עליעס חבֿר פּיניע איז אויך אַ קאָפּמענטש, אַזוי ווי זיַין טאַטע הערש-לייב דער מעכאַניק און אַזוי ווי זיַין פֿעטער שנייער דער זייגערמאַכער. אַ נאָז האָט ער אויך אַ לאַנגע, אַזוי ווי זיי. נעזעריק זיינען זיי אַלע, די גאַנצע מישפּחה זייערע.

פּיניע זעט אַפֿילו אויס מאָדנע. אַז איר טוט אויף אים אַ קוק, מוזט איר זיך צעלאַכן. נישט געווען, וואָס ער איז דין און הויך, האָט ער אַ פּאָר לאַנגע אויערן, אַ לאַנגן האַלדז, ווי אַ גאַנער, און אַ נידעריקע ראיה(1) דערצו. ווו ער זאָל נישט גיין, מוז ער זיך מיט עמעצן צעבוצקען. שטעלט ער זיך אַוועק, מוז ער עמעצן אָנטרעטן אויפֿן פֿוס. איין הויז מוז ביַי אים זיַין פֿאַרקאַטשעט. איין זאָק מוז זיַין אַראָפּגעלאָזט. און אַז ער רעדט, כאָרכלט ער, און האָט ליב צוקערקעס. ווען איר זאָלט אים נישט באַגעגע־נען, האַלט ער עפּעס אין מויל און סמאָטשקעט. דערפֿאַר איז ער אָבער אַ געראָטענע כּלי(2). נישטאָ איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל נישט קענען. מיט זיַין לערנען האָט ער, זאָגט מען, אַריבערגעיאָגט דעם רבֿ. מיט זיַין שריַיבן וועט ער פֿאַרשטעקן אין גאַרטל אַלע קענערס. אַחוץ וואָס ער האָט אַ זעלטענע האַנטשריפֿט, איז ער אַ גרויסער בריה אויף גראַמען. וואָס ער זאָל נישט שריַיבן, שריַיבט ער מיט גראַמען. ער האָט שוין באַשריבן די גאַנצע שטאָט: דעם רבֿ, דעם שוחט, די גבאים, די יאַט־

---

25. זיך מיישבֿ (מעיאַשעוו) — זיך באַטראַכט.

26. לצעווען (לעצעווען) — אָפּלאַכן.

27. אָננעמען די קריוודע — זיך איַינ־שטעלן, פֿאַרטיידיקן.

1. נידעריקע ראיה (ריִע) — ניט זען פֿון דער וויַיט.

2. געראָטענע כּלי (קײלע) — זייער אַ פֿעיִקער.

קעס, זײַן אייגענע מישפּחה — אַלעמען האָט ער שוין באַשריבן, און אַלע־מען אין גראַמען. פיניעס גראַמען זײַנען אַ צײַט אַרומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און מע האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער. אַנדערע האָבן זיי אויסגעלערנט אויף אויסווייניק.

איצט שרײַבט שוין פיניע מער נישט קיין גראַמען. עס קריכן אים שוין נישט אין קאָפּ קיין גראַמען. ער איז אויף גרויסע צרות. אַזוי זאָגט אויף זיך פיניע אַליין.

פיניע האָט חתונה געהאַט פאַר אַ מילנערס אַ טאָכטער. דער מילנער האָט אים געעפּנט אַ קלייטל פון מעל. מײַן ברודער עליע איז אים מקנא, וואָס ער האָט אַ געשעפט. פיניע לאַכט פון אים. ער זאָגט: ס'איז אַ גע־שעפט, נאָר נישט פאַר אים. וואָס איז דאָס, זאָגט ער, פאַר אַן אַרבעט פּאַטשקען זיך מיט מעל? וואָס איז ער שולדיק, אַז ער קאָן נישט זיצן אין קלייט? ער קאָן נישט, זאָגט ער. דער קאָפּ טראָגט אים. דער קאָפּ פליט. ס'איז בײַ זיי, זאָגט ער, אַזאַ מישפּחה פון פליִענדיקע קעפּ...

אַזוי זאָגט פיניע און וויל נישט גיין אין קלייט אַרײַן. ער וועט בעסער, זאָגט ער, זיצן איבער אַ ביכל, וועט ער מער הנאה האָבן. זײַן שווער, דער מילנער, איז דערפאַר גוט ברוגז, נאָר ער מוז שווײַגן. ער האָט מורא פאַרן איידעם, ער זאָל אים נישט באַשרײַבן. און אויסער דעם איז די טאָכטער בײַ אים זייער ציטעריק. זי איז אַ בת־יחידה, טײַבל הייסט זי. זי איז אַ ביסל קאָסאָקע(3) אויף איין אויג, נאָר זייער אַ גוטע. מײַן מאַמע זאָגט אויף איר, אַז זי איז אָן אַ גאַל(4). איך פאַרשטיי נישט, וואָס הייסט, זי איז אָן אַ גאַל? ווו איז אַהינגעקומען איר גאַל?... גאַנצע טעג זיצט זי אין קלייט, און פיניע איז אין דער היים.

מיר קומען צו אים מיט מײַן ברודער עליע כּמעט אַלע טאָג. ער רעדט זיך אויס פאַר אונדז דאָס האַרץ. אַלע מאָל, ווען מיר קומען צו אים, זיפצט ער און קרעכצט און באַקלאָגט זיך אויף זײַן פינצטערן מזל. ס'איז אים דאָ ענג, זאָגט ער, אַז ער ווערט דערוואָרגן. ער זאָל זײַן, זאָגט ער, אין אַן אַנ־דער שטאָט, וואָלט געווען גאָר אַנדערש. ווען מע לאָזט אים, זאָגט ער, אַרויס פון דאַנען כאָטש אויף איין יאָר, קערט ער איבער די וועלט! אַזוי זאָגט ער צו מײַן ברודער עליע. קיינעם פאַרגלייבט ער נישט אַזוי פיל, וויפל מײַן ברודער עליען. ער ווײַזט אים בריוו, וואָס ער האָט. די בריוו זענען פון „גרויסע מענטשן". די „גרויסע מענטשן" שרײַבן אים, אַז ער האָט אין זיך עפּעס אינעווייניק. איך קוק אויף אים און טראַכט מיר: וואָס האָט ער אַזעלכעס אין זיך אינעווייניק?...

---

3. קאָסאָקע — קוקט קרום. 4. גאַל — bilis.



„...איין מאָל קומט צו אונדז פיניע און רופֿט אַרויס מײַן ברודער עליע אויף אַ סוד.
ווי באַלד אַ סוד, מוז איך וויסן. איך האָב ליב וויסן אַלע סודות"...

כ

איין מאָל קומט צו אונדז פּיניע און רופֿט אַרויס מײַן ברודער עליע אויף אַ סוד. ווי באַלד אַ סוד, מוז איך וויסן. איך האָב ליב וויסן אַלע סודות. איך גיי זיי נאָך פֿון הינטן און הער זיך אײַן אוז כאַפּ ווערטער. פּיניע רעדט, און מײַן ברודער עליע רעדט. איך גיב אײַך איבער זייערע ביידנס ווערטער:

**פּיניע:** וואָס ווען מיר דאָ אויסזיצן?

**עליע:** איך זאָג אויך דאָס אייגענע.

**פּיניע:** אָט האָב איך געלייענט, אַז איינער איז אַוועקגעפֿאָרן אַהין מיט פֿינף פֿינגער, אַ האַלב יאָר געשלאָפֿן אין דרויסן, געקערט די גאַסן פֿאַר שטיקל ברויט.

**עליע:** נו, און הײַנט?

**פּיניע:** אויף אונדז ביידן געזאָגט געוואָרן.

**עליע:** אַזוי?

**פּיניע:** אַזוי! וואָס זשע? איך וועל דיך אָפּנאַרן? איך האָב שוין גערעדט מיט מײַן טײַבלען.

**עליע:** וואָס זשע זאָגט זי?

**פּיניע:** וואָס זאָל זי זאָגן? זי פֿאָרט.

**עליע:** זי פֿאָרט? נו, און דער שווער?

**פּיניע:** ווער הערט אים? אַז איך וועל אַוועקפֿאָרן אַליין, וועט אים זײַן בעסער? ער זעט דאָך, אַז דער קאָפּ טראָגט מיך, איך קאָן דאָ נישט זײַן!

**עליע:** און איך, מיינסטו, קאָן דאָ זײַן?

**פּיניע:** טאָ לאָמיר זיך אויפֿהייבן און לאָמיר פֿאָרן.

**עליע:** אויפֿהייבן און פֿאָרן? מיט וואָס?

**פּיניע:** שיפֿסקאַרטן גיט מען דאָך אונדז אומזיסט, נאַרעלע. ___

**עליע:** וואָס הייסט אומזיסט?

**פּיניע:** אויף אויסצאָלן. מיר וועלן זיי אַ מאָל אויסצאָלן. דערווײַל האָבן מיר זיי אומזיסט.

**עליע:** נו, און ביזן שיף? הוצאות(5)? הײַנט בילעטן? באַן?

**פּיניע:** וויפֿל בילעטן דאַרפֿן מיר דען האָבן, נאַרעלע?

**עליע:** אדרבה, וויפֿל דאַרפֿן מיר האָבן?

**פּיניע:** רעכן אויס: איך און מײַן טײַבל איז נישט צוויי. דו און דײַן ברכה צוויי, איז נישט פֿיר.

**עליע:** און די מאַמע איז נישט פֿינף.

**פּיניע:** איז פֿינף.

---

5. הוצאות — (הויצאָעס) — קאָסטן פֿון דער רײַזע.

עליע: נו, און מאָטל?

פיניע: פֿאַר אים איז גענוג אַ האַלבער בילעט. און אפֿשר קיין האַלבער אויך נישט... מיר וועלן זאָגן, אַז ער איז נאָך נישט אַלט קיין דרײַ יאָר.

עליע: ביסט משוגע?

---

וואָס זאָל איך טאָן? איך קאָן זיך מער נישט אײַנהאַלטן. פֿאַר גרויס פֿרייד לאָז איך אַרויס אַ קוויטש. ביידע דרייען זיך אויס צו מיר.

— אַוועק, דו שייגעץ! וואָס פֿאַר אַ מאָדע זיך אונטערהערן, אַז גרויסע רעדן צווישן זיך?

איך לאָז זיך לויפֿן, שפרינג אונטער און פּאַטש זיך מיט ביידע הענט אין די פֿיס. אַ קלייניקייט — איך פֿאָר!... שיף!... באַן!... בילעט!... אַ האַלבער בילעט!... ווּוּהין, אַ שטייגער(6), פֿאָרן מיר? איך וויל גאָרנישט וויסן ווּוּהין. וואָס גייט עס מיך אָן ווּוּהין? איך פֿאָר — און גענוג! איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? אַז מיר זאָלן זיך גוט אויסרעכענען, בין איך נאָך קיין מאָל אויף מײַן לעבן אין ערגעץ נישט געפֿאָרן. איך ווייס אַפֿילו נישט דעם טעם, וואָס הייסט דאָס פֿאָרן? אַ ביסל האָב איך יאָ פֿאַרזוכט דעם טעם. איך בין זיך דורכגעפֿאָרן אויף אונדזער שכנס ציג, האָט דאָס מיך געקאָסט טײַער. אַחוץ וואָס איך בין געפֿאַלן און צעבלוטיקט די נאָז, האָב איך נאָך געכאַפּט אַ פּאָר פּעטש אויך. דערפֿאַר רעכן איך נישט די נסיעה(7).

איך בין דעם גאַנצן טאָג אַ צעמישטער. איך האָב פֿאַרלאָרן דעם אַפּעטיט צום עסן. בײַ נאַכט חלומט זיך מיר, אַז איך פֿאָר. נישט איך פֿאָר, נאָר איך פֿלי. איך האָב פֿליגל, ווי אַ טויב, און איך פֿלי. לעבן זאָל אונדזער חבֿר פיניע! ער באַקומט אין מײַנע אויגן טויזנט מאָל מער חן(8) ווי פֿריִער. איך זאָל מיך נישט שעמען, וואָלט איך אים געקושט און געהאַלדזט. אַ טײַערער פיניע דאָס איז!

נו, האָב איך אײַך נישט געזאָגט, אַז ער האָט אין זיך גוטע געדאַנקען?

---

6. אַ שטייגער — צום בײַשפּיל.
7. נסיעה — רײַזע.
8. חן (כיין) — דאָ: סימפּאַטיע.



# ווּנדער פֿון אַנטווערפּן

## א

איר האָט געהערט אַ מאָל, אַ שטאָט זאָל הייסן אַנטווערפּן(1)? פֿאַראַן אַזאַ שטאָט אויף דער וועלט, פֿאָרן מיר אַהינצוצו. ווי קומען מיר קיין אַנט־ווערפּן? ווײַל אונדזער מחותּן, מײַן ברודער עליעס שווער, יונה דער בעקער, פֿאָרט קיין אַמעריקע אויף אַנטווערפּן. דערהערט, אַז איר טאַטע איז אין אַנטווערפּן, האָט מײַן שוועגערין ברכה גענומען שלאָגן האַלדז־און־נאַקן, מיר זאָלן אויך פֿאָרן אויף אַנטווערפּן. פֿריִער האָט זי פֿון דער שטאָט נישט געוואָלט הערן אַפֿילו, דער נאָמען איז איר נישט געפֿעלן. איצט האָט זי זיך פֿאַרליבט אין אַנטווערפּן. אונדזער חבֿר פּיניע זאָגט, אַז ער וועט זיך מוזן אָפּטיילן פֿון אונדז. ער וויל בעסער פֿאָרן פֿון ווין גלײַך קיין לאָנדאָן. עס ציט אים, זאָגט ער, קיין לאָנדאָן. לאָנדאָן, זאָגט ער, שמעקט שוין מיט אַמעריקע: ענגלענדער... געלע האָר... קעסטלדיקע הויזן.. ס'איז גאָר אַן אַנדער וועלט!

— פֿאָר זשע דיר געזונטערהייט צו דײַנע ענגלענדער מיט די קעסטל־דיקע האָר און מיט די געלע הויזן, און מיר וועלן זיך פֿאָרן קיין אַמעריקע אויף אַנטווערפּן.

אַזוי זאָגט מײַן שוועגערין ברכה, און פּיניעס ווײַב טײַבל בלאָזט זיך אָן ווי אַן אינדיטשקע. ווען נישט די מאַמע, וואָלט מײַן שוועגערין ברכה מיט פּיניעס ווײַבל טײַבל קיין לאַנגע גוטפֿרײַנדשאַפֿט נישט אויסגע־האַלטן. עס וואָלט בײַ זיי געווען אַלע טאָג צוויי שלייערס אַ גראַשן, אי־בערהויפּט(2) מײַן שוועגערין. זי זאָגט אַליין אויף זיך, אַז זי איז אַ שוועבעלע. איר אַז עס קומט אָן אַ שלעכטע מינוט, וועט זי אײַך מאַכן מיט דער בלאָטע. אין אַ ווײַלע אַרום ווערט זי ווייך, כאָטש לייגט זי צו צו אַ מכּה. מיט מיר „וואָיעוועט״(3) זי פֿון דער ערשטער מינוט נאָך דער חתונה. זי ווייסט, אַז איך האָב זי נישט ליב. ערגער פֿון אַלצדינג איז בײַ איר, לָמאַי איך לאַך פֿון איר. עס ווײַזט זיך איר נאָר, אַז איך לאַך זי אויס. אַז איך קוק אויף איר, הייסט בײַ איר, אַז איך לאַך. איך האָב אײַך שוין דערציילט, אַז איך האָב ליב מאָלן און אַז מײַן ברודער עליע שלאָגט מיך דערפֿאַר. האָב איך אַנומלט(4) אויסגעמאָלט אַ פּוּס. אַ מוראַדיק גרויסן פּוּס. מיט קרײַד אויף דער ערד האָב איך אים אויסגעמאָלט. האָט איר באַדאַרפֿט זען, וואָס ס'האָט זיך געטאָן! זי, ברכה הייסט עס, האָט זיך אָנגעטשעפּעט, אַז דאָס האָב איך אויסגעמאָלט איר פּוּס. פֿאַר וואָס עפּעס איר פּוּס? ווײַל

---

1. אַנטווערפּן — גרויסע פּאָרט־שטאָט אין בעלגיע (Amberes).
2. איבערהויפּט — צום מערסטן.
3. וואָיעוועט — פֿירט מילחמה.
4. אַנומלט — דאָ ניט לאַנג.

קיינער האָט נישט אַזעלכע גרויסע פּיס, ווי ברכה. האָט זי מיר צוגעשטעלט אַ בענקעלע צו מײַן ברודער עליע. האָט זיך מײַן ברודער עליע אויף מיר צעשריגן, ווי געוויינלעך:

— מענטשעלעך? האָסט זיך שוין ווידער גענומען צו דײַנע שטיק, מאָלן מענטשעלעך?...

שוין! פֿון אַ פּוס איז שוין בײַ אים געוואָרן אַ מענטש! און פֿון אַ מענטש — „מענטשעלעך"... מע קאָן פֿון זיי משוגע ווערן!... איך מוז זיך מודה זײַן, אַז וואָס ווײַטער, ווערט בײַ מיר דאָס חולאת(5) פֿון מאָלן מענטשעלעך גרעסער און שטאַרקער. איך האָב דערטאַפּט אַ פֿאַרביק בלײַשטיפֿטל. מיר האָט דאָס אַוועקגעשענקט אַן עמיגראַנטס אַ יִינגל, אַט דער אייגענער, וואָס האָט מיר באַוויזן, ווי אַזוי מע שטעלט אַ „גובערנאַטאָר" און אויסגעלערנט מיך די קונץ פֿון בויכרעדערײַ. איך האָב אײַך שוין דערציילט פֿון אים. ער הייסט אויך מאָטל. רופֿן מיר אים מאָטל דער גרויסער, און מיך רופֿט מען מאָטל דער קליינער, מיר זענען געוואָרן חבֿר גאָר אויף אַן אַנדער אופֿן! דערפֿאַר וואָס ער האָט מיר אַוועקגעשענקט דאָס פֿאַרביקע בלײַשטיפֿטל, האָב איך, פֿאַרנדיק אין וואַגאָן, אים אָפּגעמאָלט אויף פּאַפּיר, אין גאַנצן זײַן געשטאַלט מיט די געשוואָלענע באַקן. איך האָב אים באַשוואָרן(6), ער זאָל דאָס קיינעם נישט ווײַזן, וואָרעם טאָמער דערוויסט זיך מײַן ברודער עליע, וועל איך האָבן אַ וויסטן סוף. ווי מיינט איר? אַוודאי האָט ער דאָס גלײַך אָפּגעטראָגן צו מײַן ברודער עליע און האָט אים געגעבן אַ ווײַז דאָס געמאָלעכץ גלײַך אין פּנים אַרײַן.

— דאָס דאַרף זײַן מאָטלס אַרבעט! ווו איז ער ערגעץ דער מולגעטש(7) מיט די „מענטשעלעך"?

אַזוי זאָגט מײַן ברודער עליע און זוכט מיך און קאָן מיך נישט געפֿינען. איך זיץ הינטער דער מאַמעס פּלייצעס און ווער שיִער נישט דערשטיקט פֿאַר געלעכטער. קיין בעסער אָרט אויף צו באַהאַלטן זיך, ווי בײַ דער מאַמען, איז נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט!

ב

דאַנקען גאָט, מיר זײַנען שוין אין אַנטווערפּן. מיר האָבן זיך גוט אָנגעהעצקעט, געגנוג אויסגעריסן געוואָרן, אָבער מיר זײַנען געקומען! וואָס זאָל איך אײַך זאָגן — איז דאָס אַ שטאָט! דאָס הייסט, צו ווין קומט דאָס נישט. וואָרעם ווין איז פֿיל גרעסער, און אפֿשר שענער אויך. און מענטשן אויך מער. דערפֿאַר איז אָבער דאָ אין אַנטווערפּן ריין, אַזוי ווי גאָלד. וואָס איז דער חידוש(8)? אַז די גאַסן וואַשט מען, די טראָטואַרן

---

5. חולאת (כאָלאַס) — קראַנקהײַט, מאַניע.

6. באַשוואָרן — גענומען אַ וואָרט.

7. מולגעטש — מאָלער (דעספּעקטיוו).

8. חידוש — ווונדער.

פּוצט מען, און די הײַזער צוואָגט מען(9). איך האָב אַליין געזען, ווי מע צוואָגט זיי און מע זייפט זיי מיט זייף. דאָס הייסט, נישט אומעטום. למשל, דאָרט אויף דער אַכסניא(10), וווּ מיר שטייען מיט אַלע עמיגראַנטן, איז אַזוי ווי עס דאַרף צו זײַן. דאָס הייסט: בלאָטיק, און רויכיק, און ענג, און אַ יאַריד מיט אַ טומל מיט אַ האַרמידער. פֿריילעך. אַזוי ווי איך האָב ליב.

די חידושים, וואָס מע זעט זיך אָן אין אַנטווערפּן, איז גאָר נישט צו באַשרײַבן. אַלע טאָג קומען צו נײַע פֿאַרשווינען. צו מיינסטן מיט קאָ־ליעדיקע אויגן. „טראַכאַמעס” רופֿט מען דאָס. אַמעריקע לאָזט נישט אַרײַן קיין „טראַכאַמעס”. איר מעגט האָבן טויזנט שלאָפֿקייטן(11), איר קאָנט אײַך זײַן קרום און שטום און וואָס איר ווילט, אַבי נישט קיין „טראַכאַמעס” אויף די אויגן. פֿון וואַנען נעמען זיך „טראַכאַמעס”? פֿון דעם, וואָס מע נעמט זיך אָן(12). אַ מאָל מאַכט זיך, אַז מע ווייסט אַליין נישט, פֿון וואַנען עס האָט זיך גענומען. אַזוי האָב איך געהערט טאַקע דאָ אין אַנטווערפּן. פֿון אַ מיידל האָב איך עס געהערט. גאָלדעלע הייסט דאָס מיידל. זי איז אין מײַנע יאָרן, אפֿשר עלטער פֿון מיר מיט אַ יאָר. מיט דער גאָלדעלע איז אַ שיינע געשיכטע. זאָל איך אײַך דערציילן?

באַקענט האָב איך זיך מיט איר אין דער „עזרה”. נאָר איר ווייסט דאָך נישט, וואָס הייסט „עזרה”. דאַרף מען אײַך קלאָר מאַכן. די „עזרה” אין אַנטווערפּן איז דאָס אייגענע, וואָס דער „אַליאַנץ” אין ווין. געמאַכט גע־וואָרן פֿון או־רזערטווענן, פֿאַר די עמיגראַנטן. דער חילוק(13) איז, וואָס דער „אַליאַנץ” איז אַן „ער” און די „עזרה” איז אַ „זי”. איר הערט דאָך, אַז מע זאָגט: דער אַליאַנץ, די עזרה. דאַרפֿט איר שוין אַליין פֿאַרשטיין דעם אונטערשייד... הכּלל(14), ווי באַלד מיר זײַנען אָנגעקומען קיין אַנט־ווערפּן, זײַנען מיר געגאַנגען גלײַך אין דער „עזרה”. די „עזרה” איז נישט דאָס, וואָס דער „אַליאַנץ”. דער „אַליאַנץ” וואַרפֿט מענטשן, אַזוי ווי האָ־לעשקעס, און די „עזרה” טרײַבט אײַך נישט. איר קאָנט קומען צו איר, ווען איר ווילט, און קאָנט זיך אויסריידן פֿאַר איר דאָס האַרץ, וויפֿל איר ווילט. אַלצדינג, וואָס איר רעדט, ווערט אַרײַנגעטראָגן אין אַ בוך. סע זיצט אַ מיידל, וואָס מע רופֿט זי פֿרײַלן(15) זײַטשיק, און פֿאַרשרײַבט. זייער אַ וווויל מיידל. זי האָט מיך געפֿרעגט, ווי אַזוי איך הייס, און האָט מיר געשענקט אַ צוקערקע. נאָר פֿון דער פֿרײַלן זײַטשיק וועל איך אײַך דערציילן אַן אַ־דערש מאָל. איצט דאַרף איך אײַך זאָגן, ווער איז גאָלדעלע.

---

9. צוואָגן — וואַשן דעם קאָפּ.
10. אַכסניא (אַכסאַניע) — האָטעל.
11. שלאָפֿקייט — קראַנקהײַט.
12. אָננעמען זיך — איבערנעמען אַ קראַנקהײַט.
13. חילוק — דיפֿערענץ.
14. הכּלל (האַקלאַל) — מיט איין וואָרט.
15. פֿרײַלן — señorita.

ש. יודאָווין

מאָטל פּייסי דעם חזנס



ר. שאַליט

אין עמיגראַציע־ביוראָ



זי איז פֿון קוטנע. געקומען איז זי אַהער פֿאַר אַ יאָרן מיט איר טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער.

האָבן זיי געהאַט שיפֿסקאַרטן ביז אַמעריקע אויף דער גאַנצער משפּחה, און אויסגעקליידט איז מען געווען בגדי־מלכות(16). אַלע האָבן געהאַט צו צוויי העמדער און גאַנצע שיך. היינט איז זי געבליבן אין גאַנצן מיט איין העמד און אָן שיך. ווען נישט דאָס פֿריילן זייטשיק, זאָגט זי, וואָלט זי גאָר געגאַנגען באָרוועס. דאָס פֿריילן זייטשיק האָט איר אָװעקגע־שענקט, זאָגט זי, אַ פּאָר שיך פֿון אירע אייגענע פֿיס. נאָך גאַנצע גוטע שיך, אַזוי האָט מיר דערציילט גאָלדעלע און האָט מיר באַוויזן די שיך, וואָס דאָס פֿריילן זייטשיק האָט איר אָװעקגעשענקט. גאַנץ שיינע שיך, נאָר אַ ביסל צו גרויס אויף איר...

בקיצור, ס׳איז געקומען די צייט, וואָס מע דאַרף זיך זעצן אויפֿן שיף. זאָגט מען זיי, אַז זיי זאָלן זיך דורכגיין צום דאָקטאָר. זיינען זיי געגאַנגען צום דאָקטאָר. האָט זיי דער דאָקטאָר באַטראַכט און געפֿונען, אַז זיי זיינען אַלע געזונט און שטאַרק און קאָנען פֿאָרן קיין אַמעריקע. נאָר זי, גאָלדעלע הייסט עס, קאָן נישט פֿאָרן, ווייל זי האָט „טראַכאָמעס” אויף די אויגן. פֿריִער האָבן זיי גאָרנישט פֿאַרשטאַנען, מיט וואָס מען עסט עס. ערשט שפּעטער האָבן זיי דאָס רעכט צעקייט. דאָס האָט געהייסן, אַז אַלע פֿאָרן זיי אַוועק קיין אַמעריקע, נאָר זי, גאָלדעלע, בלייבט איבער דאָ, אין אַנטווערפּן. איז געוואָרן אַ געוויין, אַ יאָמער, אַ קלאָג. די מאַמע האָט געחלשט דריי מאָל. דער טאַטע האָט געוואָלט בלייבן דאָ, האָט מען נישט געקאָנט. די גאַנצע שיפֿסקאַרטע וואָלט געגאַנגען פֿאַרלאָרן. איז געבליבן, אַז זיי פֿאָרן אַוועק קיין אַמעריקע, און זי, גאָלדעלע, בלייבט איבער דאָ, ביז עס וועלן זיך אויסשטיין(17) די „טראַכאָמעס” פֿון אירע אויגן... און אַזוי שוין באַלד אַ יאָר, אַז זי היילט זיך און האָט זיך נאָך נישט אויס־געהיילט. דאָס פֿריילן זייטשיק זאָגט, אַז דערפֿאַר היילן זיך נישט אויס אירע אויגן, ווייל זי וויינט כּסדר. נאָר זי, גאָלדעלע, זאָגט, אַז איבער אַן אַנדער זאַך היילן זיך איר נישט אויס די אויגן. איבערן בלוישטיין! אַלע מאָל ווען זי קומט צום דאָקטאָר, שמירט ער איר די אויגן, זאָגט זי, מיטן זעלבן בלוישטיין, וואָס ער שמירט אַלע איבעריקע קראַנקע. הײַן זי, גאָל־דעלע, פֿאַרמאָגט צו קויפֿן אַן אייגענעם בלוישטיין, וואָלט זי זיך שוין לאַנג, זאָגט זי, אויסגעהיילט.

— נו, און דיינע טאַטע־מאַמע? — פֿרעג איך זי.

— זיינען אין אַמעריקע. זיי מאַכן דאָרט אַ לעבן. איך האָב פֿון זיי בריוו. אַלע חודש כּמעט האָב איך פֿון זיי אַ בריוו. נאַ זע, קענסט לייענען? לייען מיר!

---

16. בגדי־מלכות — „קיניגלעכע קליי־דער”.

17. זיך אויסשטיין — דאָ: אויסהיילן זיך.

און זי נעמט אַרום פֿון בוזעם אַ גאַנצן פּאַק מיט בריוולעך און גיט מיר, איך זאָל זיי איר לייענען הויך אויף אַ קול. איך וואָלט דאָס איר גע־ווים געטאָן. קען איך אָבער נישט לייענען קיין געשריבנס. ס'זאָל זײַן געדרוקט, וואָלט איך עס געלייענט. לאַכט זי פֿון מיר און זאָגט, אַז אַ ייִנגל איז נישט קיין מיידל. אַ ייִנגל דאַרף קענען אַלץ אויף דער וועלט! איך האָב מורא, אַז זי איז גערעכט. אײַ, וואָלט איך אַ בעלן זײַן קענען לייענען געשריבנס! אײַ, בין איך מקנא מײַן חבֿר מאָטל דעם גרויסן (איך האָב אײַך שוין דערציילט פֿון אים), וואָס ער קען לייענען און שרײַבן! האָט אים גאָלדעלע געגעבן איבערצולייענען די בריוועלעך, וואָס מע שרײַבט איר פֿון אַמעריקע. האָט זיי מאָטל דער גרויסער געלייענט, ווי אַ וואַסער. די בריוולעך זײַנען כּמעט אַלע געשריבן מיט איין לשון און מיט די זעלביקע ווערטער:

„טײַערע גאָלדעלע, האַרציקע גאָלדעלע, לעבן זאָלסטו! אַז מיר דער־מאָנען זיך דאָ, אין דעם אַמעריקע, אַז אונדזער קינד האָט מען אַרויסגעריסן פֿון אונדזערע הענט און דו וואָלגערסט זיך דאָרט אין דער פֿרעמד צווישן אומבאַקאַנטע מענטשן, גייט אונדז נישט אײַן דאָ דער ביסן. טאָג ווי נאַכט טוען מיר קלאָגן און וויינען אויף אונדזער ליכטיקן שטערן, וואָס איז צו־גענומען געוואָרן פֿון אונדזערע אויגן”... און אַזוי ווײַטער.

מאָטל דער גרויסער לייענט און לייענט, און גאָלדעלע וויינט, ווישט זיך די אויגן. דערזעט דאָס פֿרײַלן זײַטשיק, הייבט זי אָן זיך בייזערן אויף אונדז, וואָס מיר מאַכן זי וויינענדיק. און צו גאָלדעלען זאָגט זי, אַז זי האָט קיין רחמנות נישט אויף זיך אַליין. זי מאַכט זיך אַ תּל(18) פֿון דעם איבעריקן ביסל אויגן. ענטפֿערט איר דערויף גאָלדעלע מיט אַ געלעכטער, און טרערן גיסן זיך איר פֿון די אויגן:

— אַ תּל פֿון די אויגן מאַכט מיר דער דאָקטאָר מיט זײַן בלוישטיין, ערגער ווי איך מיט מײַן געוויין...

מיר געזעגענען זיך מיט גאָלדעלען, און איך זאָג איר צו, אַז מאָרגן אין דער צײַט וועלן מיר זיך דאָ ווידער אַ מאָל זען. און מיר ביידע, מאָטל דער קליינער און מאָטל דער גרויסער, לאָזן זיך גיין שפּאַצירן איבער אַנטווערפּן.

ג

מיר, דאָס הייסט, איך, מאָטל דער קליינער, און מײַן חבֿר מאָטל דער גרויסער, זײַנען נישט אַליין. מיר האָבן דאָ נאָך אַ חבֿר. ער איז אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר דרײַצן און הייסט מענדל. ער איז אויך פֿאַרבליבן אין אַנט־ווערפּן, פֿאַרנדיק קיין אַמעריקע. נישט איבער די אויגן, נאָר איבער אַן אַנדער זאַך. אים האָט מען פֿאַרלאָרן אויפֿן וועג, ערגעץ אין דײַטשלאַנד.

---

18. מאַכט אַ תּל (טעל) — מאַכט קאַליע.

אַ גאַנצן וועג, דערציילט ער, האָבן זיי זיך דערהאַלטן די נשמה נאָר מיט הערינג. האָט אים געברענט אויפֿן האַרצן. האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט אויף אַ סטאַנציע כאַפּן אַ טרונק וואַסער און איז געבליבן שטעקן אין אַ בילעט, אין אַ קאָפּיקע געלט און אין אַ העמד אויפֿן לײַב. און ווײַל ער האָט נישט געקענט זייער שפּראַך, האָט ער זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ שטומען. האָט מען אים אויסגעפֿירט, ווו די וועלט האָט אַן עק, ביז ער האָט דערזען אַ פּאַרטיע עמיגראַנטן, ייִדן. איז ער צוגעגאַנגען צו זיי און האָט זיי דערציילט די גאַנצע מעשׂה. האָבן זיי אויף אים רחמנות געהאַט און האָבן אים גענומען מיט זיך און געבראַכט צו פֿירן אַהער, קיין אַנטווערפּן. דאָ האָט ער זיך דערשלאָגן צו דער „עזרה". האָט די „עזרה" אַוועקגעשריבן אַ בריוו קיין אַמעריקע, טאָמער וועט מען אויפֿזוכן זײַנע עלטערן, וואָרט ער דאָס אויף אַן ענטפֿער און אויף אַ שיפֿסקאַרטע.

מיר אַלע דרײַ, איך און מאָטל דער גרויסער און מענדל, זײַנען געוואָרן חבֿר. גאַנצע טעג גייען מיר אַרום איבער דער שטאָט. דאָרט, אין בראָד, אין קראָקע מיט לעמבערג, אָדער אין ווין, פֿלעגט מיך די מאַמע מורא האָבן אָפּלאָזן פֿון זיך אַ טראָט. דאָ, אין אַנטווערפּן, האָט זי קיין מורא נישט. דאָרט, זאָגט זי, זײַנען סאַמע דײַטשן, און דאָ, אין אַנטווערפּן, זײַנען מיר, זאָגט זי, צווישן מענטשן, צווישן אייגענע! מע הערט רעדן אַ ייִדיש וואָרט. פֿילן מיר זיך טאַקע היימיש, בפֿרט צווישן אייגענע! אָט באַלד וועלן מיר האָבן געסט: נאָך שבת קומט אונדזער מחותּן יונה דער בעקער מיט זײַן הויזגעזינד. מיר וואַרטן הײַנט-מאָרגן זאָל קומען אונדזער שכנה פּעסיע מיט איר כאַליאַסטרע(19). אָט דאָ וועט ערשט ווערן אַ שׂימחה. איך וועל אײַך באַשרײַבן אַלצדינג.

---

20. כאַליאַסטרע — באַנדע, פֿריילעכע חבֿרה.

## שלום-עליכמס ווערטלעך

דער גבֿיר עסט נישט קיין רענדלעך, דער אָרעמאַן עסט נישט קיין שטיינער.

מע דאַרף נישט זײַן הויך, מע זאָל זײַן גרויס.

וועלן זײַן קליגער פֿון אַלעמען — איז די גרעסטע נאַרישקייט.

נישט קיין ימען צעטיילן די פֿעלקער, נאָר די פֿעלקער — די ימען.

לאַכן איז געזונט — דאָקטוירים הייסן לאַכן.

אַז דאָס האַרץ איז פֿול, גייען די אויגן איבער.

רעלי בלײַ

## מיט שלום-עליכמען אין קלאַס

צוואַנציק פּאָר אייגעלעך, ברייט אויפֿגעריסן,
פֿינקלען פֿון טרערן און שפּאַס:
שלום-עליכמס מיר לייענען מעשׂיות —
הערט מען קיין שאָרך ניט אין קלאַס.

אָטעמס — פֿאַרהאַלטן: מע מישפּט איצט בערלען.
איז ער דען שולדיק געווען?
קינדערלעך שאָקלען נאָר טרויעריק די קעפּלעך,
ענטפֿערן שטילערהייט: ניין....

מיר פֿליִען מיט שמואליקן ביז צו דער כמאַרע(1) —
פֿליִען זאָל ער נישט אַליין;
מיר וועלן באַפֿרײַען מיט אים די בת-מלכּה;
מיר לאַכן פֿון בוזים(2) געוויין...

איצט וואַנדערן מיר מיט מאָטלען דעם יתום
איבער גרענעצן, לענדער און שטעט;
מיר טראָגן צוזאַמען מיט אים זײַנע ליידן
און פֿרייען זיך אויך מיט זײַן פֿרייד.

ס'האָט לאַנג שוין דאָס גלעקל צום אָפּרו גערופֿן,
נאָר קינדערלעך רירן זיך ניט —
זיי ווילן נאָך הערן: פֿון שלום-עליכם
די מעשׂיות זיי מאַכן ניט מיד...

עס לעבן די העלדן, וואָס ס'האָט זיי באַשאַפֿן
דער מײַסטער פֿאַר גרויס און פֿאַר קליין;
פֿאַר ייִדישע קינדער וועט שלום-עליכם
דורך דורות, אויף אייביק באַשטיין!

---

1. כמאַרע — וואָלקן.
2. בוזי — די העלדין פֿון שלום־עליכמס דערציילונג „שיר השי־רים“.

# חיים־נחמן ביאַליק

## קורצע ביאָגראַפּיע



חיים-נחמן ביאַליק איז געבוירן געוואָרן עשׂרה בטבֿת תרל״ג (1873) אין דאָרף ראַדי, אין דער אוקראַאינישער פּראָווינץ וואָלין, (אין יענער צײַט אין רוסלאַנד).

די קינדהײַט און יוגנט פֿון ביאַליקן איז געווען זייער אַ שווערע. זײַנע עלטערן זײַנען פֿאַראָרעמט געוואָרן. נאָך שווערער איז געוואָרן די לאַגע, ווען עס איז געשטאָרבן דער פֿאָטער (חיים-נחמן איז דעמאָלט אַלט געווען נישט מער ווי זיבן יאָר). די מאַמע, וואָס איז געווען זייער אַ גוטע און אַ געטרײַע צו אירע קינדער, האָט געטאָן אַלץ צו קענען אויסהאַלטן איר מישפּחה, אָבער עס איז געווען זייער שווער, און מיט אַ שווערן האַרץ האָט זי זיך געמוזט צעשיידן מיט חיים-נחמנען, ווען מע האָט אַוועקגעשיקט צו לעבן אין אַן אַנדער שטאָט, צו זײַן זיידן. דער זיידע איז געווען זייער אַ געלערנטער ייִד, אָבער זייער אַ שטרענגער און ער האָט געוואָלט, אַז חיים-נחמן זאָל זיצן טאָג און נאַכט בײַ די ספֿרים, פּונקט ווי ער.

און חיים-נחמנען, כאָטש ער האָט מיט חשק געלערנט, האָט אים אָבער אויך געצויגן צו דער פֿרײַ, צום פֿעלד און טײַך. שוין פֿון די ייִנגסטע יאָרן האָט חיים-נחמן זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַנדערש, ווי אַלע קינדער: שטענדיק אַ פֿאַרטראַכטער און פֿאַרחלומטער; שטענדיק ליב געהאַט זיך צוצוקוקן צו אַלץ; שטענדיק געזוכט צו וויסן און צו פֿרעגן וועגן אַלצדינג — ווי אַזוי און פֿאַר וואָס איז דאָס? און אַז מע האָט אים נישט דערקלערט, האָט ער זיך אַליין דערקלערט מיט זײַן אייגענער און זייער רײַכער פֿאַנ-

טאַזיע. זײַן וועלט איז געווען אַן אַנדערע, ווי פֿון די אַרומיקע מענטשן, וואָס האָבן אים נישט פֿאַרשטאַנען און אַפֿילו אָפּגעלאַכט פֿון אים.

אַזוי זײַנען אַוועקגעגאַנגען עטלעכע יאָר. ביאַליק האָט אַ סך געלערנט און געלייענט בײַ זײַן זיידן, אָבער זײַן האַרץ איז געווען נישט באַפֿרידיקט, עס האָט אים געצויגן פֿון דעם קליינעם שטעטל צו דער גרויסער וועלט, צו לערנען נאָך מער, דער עיקר — צו קענען אויך וועלטלעכע וויסנשאַפֿטן.

דעמאָלט איז ער אַוועק אין דער באַרימטער וואָלאָזשינער ישיבֿה, וווּ ער האָט געלערנט עטלעכע יאָר. דאָ האָט ער אויך אָנגעשריבן זײַנע ערשטע שירים. און ווען מע האָט אין יאָר 1891 אָפּגעדרוקט זײַן ערשט ליד „אל הצפור”, האָט עס גלײַך געמאַכט אַ גרויסן אײַנדרוק, מע האָט געזען, אַז אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז אַרײַנגעקומען אַ גרויסער פּאָעט.

פֿון וואָלאָזשין איז שפּעטער ביאַליק אַוועק אין דער גרויסער רוסישער שטאָט אָדעס, וווּ ער האָט זיך באַקענט מיט אַנדערע ייִדישע שרײַבערס, וואָס האָבן אים אויפֿגענומען זייער גוט. אויך דאָ, אין אָדעס, האָט ביאַליק אַ לאַנגע צײַט געלעבט אין נויט, אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָט ער ווײַטער געשאַפֿן זײַנע פּאָעטישע ווערק.

ביאַליק האָט דערנאָך אָנגעשריבן אַ סך לידער, פּאָעמעס און דערציילונגען (צום מערסטן אין העברעיִש, אָבער אַ טייל אויך אין ייִדיש), וואָס האָבן אים באַרימט געמאַכט און אַוועקגעשטעלט אין אויבנאָן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור („אין שחיטה־שטאָט”, „ווינטערלידער”, „דער מתמיד”, „שירתי” און אַ סך אַנדערע).

די לידער און פּאָעמעס פֿון ביאַליקן האָבן געהאַט זייער אַ גרויסע ווירקונג אויף אַלעמען, באַזונדערס אויף דער ייִדישער יוגנט. אין זײַנע שאַפֿונגען האָט ביאַליק געוועקט דעם נאַציאָנאַלן געפֿיל און דעם שטאָלץ פֿון ייִדן, געשטאַרקט די ליבע צו ציון און גערופֿן צום אויפֿבויען דאָס ייִדישע לאַנד, — נישט אומזיסט האָט ביאַליק דערפֿאַר געקריגן דעם נאָמען „דער נאַציאָנאַלער פּאָעט”.

חוץ זײַנע אָריגינעלע שאַפֿונגען, האָט אויך ביאַליק איבערגעזעצט זייער שיין אויף העברעיִש אַ סך ווערק פֿון דער וועלט־ליטעראַטור (צווישן אַנדערע אויך דאָס ווערק פֿון סערוואַנטעסן „דאָן קיכאָטע”). איינער פֿון די גרעסטע פֿאַרדינסטן פֿון ביאַליקן איז געווען דאָס צונויפֿזאַמלען און פֿאַרעכטיק באַאַרבעטן (צוזאַמען מיטן שרײַבער ראַווניצקי) די „אגדות” פֿון תּלמוד.

אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן האָט ביאַליק געוווינט אין ארץ־ישׂראל, אַרומגערינגלט מיט כּבֿוד און ליבע פֿון אַלע ייִדן.

חיים־נחמן ביאַליק איז געשטאָרבן כ״א תּמוז תּרצ״ד (1934).

# חיים-נחמן ביאַליקס קינדער-יאָרן

א

אין אַ דאָרף ראַדי, וואָלין, לעבן זשיטאָמיר, אין אוקראַינע, האָט געוווינט אַ ייִד מיטן נאָמען יוסף ביאַליק. דער ייִד האָט געהאַלטן אַ קרעטשמע — אַ פּלאַץ וווּ מע פֿאַרקויפֿט פּויערים ביר, בראָנפֿן און צו־בייסן. יוסף ביאַליק האָט געאַרבעט זייער שווער. פֿון פֿרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט איז ער געשטאַנען אויף די פֿיס און באַדינט די געסט, האָט ער ניט געהאַט קיין צייַט זיך אָפּצוגעבן מיט זייַן זון חיים-נחמן.

דאָס ייִנגל איז געווען אַ שוויַיגער, אַ צוריקגעהאַלטענער. ער האָט זיך מיט קיינעם ניט געחבֿרט. זעלטן ווען עמעצן עפּעס געבעטן אָדער געפֿרעגט.

אין הויז איז אַ טומל. שיכּורע פּויערים זינגען מיט הייזעריקע שטי־מען. אַ שיכּורע פּויערטע האָט זיך צעהוליעט און אַוועקגעלאָזן זיך טאַנצן, טופּען, אַז די ווענט ציטערן. דאָס צימער איז פֿול מיט רויך פֿון ביליקן טאַבאַק, מיטן שאַרפֿן גערוך פֿון בראָנפֿן. דער פֿאָטער לויפֿט אַרום אַ פֿאַר־שמאַיעטער(1) פֿון איין טישל צום אַנדערן. דער קליינער חיים-נחמן זעט ניט און הערט ניט. ער זיצט אין אַ ווינקל, זוויגט דעם גראָבן פֿינגער, קוקט אויפֿן רויך, וואָס שלענגלט זיך צו דער סטעליע, און וויל אַלץ פֿאַרשטיין, ווי אַזוי ווערט פֿון פּאַפּיר און טאַבאַק בלויער רויך.

אָפֿט איז דאָס ייִנגל אויפֿן הויף. אין הויף איז אים גוט, ווי די וועלט. אין הויז איז נאָר דער רויך געווען אַ חידוש. דאָ, אין הויף, זייַנען פֿאַראַן אַ סך וווּנדער. יעדער שטיקל שטיין, יעדער שטיקל האָלץ, יעדער גרעזע־לע, פֿייגעלע, זייַנען פֿאַר אים אַ וווּנדער. פֿאַר וואָס איז שטיין האַרט, און זאַמד ווייך? ווער מאַכט איין זייַט הויז שאָטנדיק, און די אַנדערע זייַט זו־ניק? אָט איז הינטערן שטאַל אַ פֿעלד. פֿון פֿעלד בלאָזט אַ ווינט. ווער יאָגט דעם ווינט? אַ פֿויגל טוט אַ צוויטשער, אַן אַנדער פֿויגל ענטפֿערט. וואָס רעדן זיי צווישן זיך? די זון זעצט זיך — ווער שאַרט אָן אַזוי פֿיל פֿייַער אויפֿן הימל?

---

1. פֿאַרשמאַיעט — שטאַרק פֿאַרנומען.

דער קליינער נחמן קוקט צום פֿענצטער. עס האָט זיך אין הויז דער־הערט אַ זונג. דעם ייִנגל דוכט זיך, אַז דער זונג איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון פֿענצטער ווי אַ פֿייגעלע, און אַנטלאָפֿן ערגעץ ווײַט.

ב

ס'איז שפּעט. אין קרעטשמע איז שטיל. אַ טונקעלער לאָמפּ באַלויכט די צימערן. דער קליינער ביאַליק קאָן זיך ניט אָפּרײַסן פֿון דער וואַנט. עס וויגט זיך אַ שאָטן אויף דער וואַנט. אַז ער טוט אַ דריי מיטן קאָפּ, טוט דער שאָטן אויך אַ דריי מיטן קאָפּ. הייבט ער אויף אַ האַנט, טוט דער שאָטן אויך אַ הייב אַ האַנט, אַ לאַנגע האַנט, וואָס דערגרייכט ביז צו דער סטעליע(2). אַ שיינע שפּיל. דאָס דרײַיאָריקע ייִנגל הייבט אָן צו טאַנצן און דרייען זיך. ער הייבט די הענט, דרייט מיטן קאָפּ, שטעלט אַרויס אַ צונג... דער טאַטע גייט אַרײַן:

— זע נאָר זע, דאָס ייִנגל איז משוגע, רעדט צו דער וואַנט!

די מוטער איז אַרײַנגעלאָפֿן אַ דערשראָקענע, גענומען דעם קליינעם נחמנען און געלייגט אים שלאָפֿן.

ליגט ער, אָבער ער שלאָפֿט ניט. ער קאָן ניט שלאָפֿן. אַלץ איז אַזוי מאָדנע אַרום אים. אין צימער איז פֿינצטער, אָבער אונטערן בעט איז נאָך פֿינצטערער. פֿאַר וואָס? אַ פּאָר שיך שטייען בײַם בעט, קוקן אויס, ווי זיי ווילן ערגעץ גיין. וועלן זיי זיך לאָזן אין וועג? פֿון פֿענצטער שײַנט אַ פּאַס ליכטיקייט, צעשנײַדט די פֿינצטערניש אויף צווייען. פֿון וואַנען קומט די ליכטיקייט?

היים־נחמן פֿאַרמאַכט די אויגן און עפֿנט זיי — ווידער ליכטיקייט אין מיטן פֿינצטערניש. ער שרעקט זיך אַראָפּצוגיין פֿון בעט, אָבער די נײַגעריקייט(3) צו דערגיין, פֿון וואַנען עס קומט די ליכטיקייט, איז גרויס. ער גייט אַראָפּ פֿון בעט און קוקט אַרויס אין דרויסן.

ער דערזעט צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן לבֿנה־ליכט. ער דער־שרעקט זיך. עפּעס אַנדערש ווי בײַ טאָג. דער וואַלד איז טונקל, דאָס פֿעלד איז העל־ווײַס — דאָס בערגל, וואָס שטייט אָפּגערוקט פֿון וואַלד, קוקט אויס העכער. אַ פֿויגל שרײַט ערגעץ ווו.

באַלד דערזעט ער עפּעס, וואָס פֿאַרכאַפּט אים אין גאַנצן. פֿון וואַלד באַווײַזט זיך אַ מחנה שרעטעלעך(4) — קורצינקע, ברעקעלעך, מיט לאַנגע בערד. זיי טראָגן רידלען(5) אויף די אַקסלען. אויף די פֿיס האָבן זיי פֿאַרשפּיצטע שיך; שוואַרצע און געלע מיצלעך(6) אויף די קעפּלעך — איינער אין אַ שוואַרץ מיצל, און נאָך איינער אין אַ געל מיצל.

---

2. סטעליע — techo.
3. נײַגעריקייט — קוריאָזיטעט.
4. שרעטעלע — duende, enano.
5. רידל — pala.
6. מיצל — אַ שפּיציק היטל.



„...באַלד דערזעט ער עפּעס, וואָס פֿאַרכאַפּט אים אין גאַנצן. פֿון וואַלד באַווײַזט
זיך אַ מחנה שרעטעלעך — קורצינקע, ברעקעלעך, מיט לאַנגע בערד"...

זיי גייען, די שרעטעלעך. זיי זײַנען ערנסטע, אַנגעצויגענע. זיי גייען זיבן אין אַ ריי, זיבן אין אַ ריי. קומען צו צום באַרג און צעשפרייטן זיך, זיי הייבן אָן גראָבן, זוכן, זיי זוכן באַהאַלטענע אוצרות.

באַלד ווערט זיי מיאוס דאָס גראָבן. זיי הייבן זיך אָן שפּילן. קוליען זיך(7), שפּרינגען, טאַנצן, לאַכן הויך, ווינקען(8) צו דער לבנה, ווינקען צו אים אין פֿענצטער.

אָבער דער קליינער נחמן שרעקט זיך ניט פֿאַר זיי. ער גלייבט, אַז דאָס זײַנען חבֿרים, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט צו שפּילן זיך מיט אים. ער האָט נאָר מורא, די געשרייען און דאָס געלעכטער פֿון די שרעטעלעך זאָלן ניט אויפֿוועקן דעם טאַטן. אָבער דער טאַטע שלאָפֿט געשמאַק. דאָס ייִנגל גייט ניט אַוועק פֿון פֿענצטער. ער שטייט און קוקט זיך צו צום שפּיל. מיט אַ מאָל טוט אַ האָן אַ קריי. די קאַרליקלעך פֿאַרשווינדן. נחמן איז שלעפֿעריק. ער שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויפֿן פֿענצטער, וואַרט, זיי זאָלן צו־ריקקומען. ער שלאָפֿט איַין.

יאָרן שפּעטער, ווען חיים־נחמן איז געוואָרן דער גרויסער ביאַליק, האָט ער אָנגעשריבן אַ פּאָעמע אויף העברעיִש מיטן נאָמען „גמדי ליל" — נאַכט־שרעטעלעך. מענטשן זײַנען געווען שטאַרק פֿאַרוווּנדערט פֿון דער שיינער פֿאַנטאַזיע.

ג

דער טאַטע פֿאַרדינט ווייניק. אין הויז ווערט די נויט גרעסער. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט דער קליינער נחמן געזען, ווי די מאַמע וויקלט איַין אין אַ ווײַסן לײַלעך די לײַכטער, אין וועלכע זי בענטשט ליכט, און טראָגט זיי ערגעץ אַוועק. די מאַמע האָט געוויינט. יענע וואָך איז געווען גענוג ברויט און הערינג אין הויז, אָבער דער שבת איז געווען אַ טרויעריקער.

נחמן פֿלעגט וואַרטן אויף די שבתים. ער האָט ליב געהאַט קומען אַהיים פֿון שול פֿרײַטיק צו נאַכט. דער טיש איז געווען געדעקט מיט אַ ווײַס טישטעך. אויף איין ברעג טיש שטייען פֿיר לײַכטער, אין יעדן לײַכ־טער אַ ברענענדיק ליכט. אויף דעם אַנדערן ברעג טיש צוויי בײַכיקע פֿרישע חלות, צוגעדעקט מיט אַ ווײַסער סערוועטקע.

הײַנטיקער שבת איז אַ טרויעריקער. די פֿיר ליכט זײַנען צוגעקלעפּט צו אַ ציגל(1). דער קליינער נחמן קאָן ניט פֿאַרלײַדן די רויטקייט פֿון ציגל אויף דעם ווײַסן טישטעך --- די רויטקייט איז וואָכעדיק. אויף דעם אַנדערן

7. קוליען זיך — איבערקערן זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ.
8. ווינקען — guiñar.

1. ציגל — ladrillo.

ברעג טיש ליגט אַ שוואַרץ ברויט, די סערוועטקע האָט זיך אַראָפּגערוקט, און דאָס ברויט שוואַרצט פֿון דעם ווײַסן טישטעך.

דער טאַטע מאַכט קידוש. דער זעלבער קידוש, ווי אַלע מאָל, אָבער דער טאַטע זינגט אים אַזוי טרויעריק. נאָכן קידוש שנײַדט דער טאַטע דאָס שוואַרצע ברויט און גיט יעדן קינד אַ המוציא(2). די קינדער קײַען דאָס האַרטע ברויט: איין געריכט(3). דער טאַטע הייבט אָן די זמירות(4) — די קינדער כאַפּן אונטער. באַלד ווערט דער טאַטע אַנטשוויגן, ווייל אײַנ־האַלטן די טרערן. אין הויז איז שטיל. מע הערט, ווי די ליכט ברענען. די מאַמע דערלאַנגט דאָס צווייטע געריכט: הערינג. מען קײַט שווײַגנדיק און טרויעריק. וואָכעדיק געזאַנג. נחמנען דוכט זיך, אַז דאָס זינגט אַזוי די נויט. ווען מען האָט געגעסן צו זאַט, און דער טאַטע האָט געמאַכט קידוש אויף ווײַן, עס איז געווען פֿלייש און הייסע יויך, און אַלע קינדער צוזאַמען מיטן טאַטן האָבן געזונגען זמירות, האָט מען ניט געהערט דאָס גרילצן פֿון גריל(5), אָבער אַז אין הויז איז מער ניטאָ ווי שוואַרץ ברויט און הע־רינג, אויף דעם ווײַסן טישטעך ליגט אַ רויטער, מיאוסער ציגל, זינגט די גריל, וואָס איז באַהאַלטן אין אַ שפּאַלט פֿון וואַנט, מיט איר שנײַדנדיקן, וואָכעדיקן געזאַנג.

ד

נאָכן פֿאָטערס טויט איז די נויט אין הויז נאָך גרעסער געוואָרן. די גריל האָט געגרילצט שוין אין מיטן וואָך אויך. דאָס יינגל איז ווי מיט אַ מאָל עלטער געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן פֿאַרשטיין אַ סך זאַכן. ער האָט שוין געוווּסט, אַז די ווענט זײַנען נאַס, ניט ווײַל זיי זײַנען פֿול מיט מילך, נאָר ווײַל דאָס הויז ווערט זעלטן געהייצט, דער דאַך רינט, די ווענט זײַנען אַלט.

דער קליינער ביאַליק זעט שוין און באַמערקט אַלץ. די מאַמע שטייט אויף פֿאַרטאָג, פֿאַרעט זיך(1) בײַם אויוון אַנצוגרייטן עפּעס פֿאַר די קינ־דער. זי רעדט און וויינט אין זיך. אירע ליפּן שעפּטשען(2) אַ געבעט צו גאָט: „אַלמעכטיקער, באַרעמהאַרציקער(3), האָב רחמנות אויף מײַנע קינדער, שפּײַז זיי, ווי דו שפּײַזסט די ווערעם אונטער אַ שטיין".

זי האָט געדאַרפֿט אויפֿשטיין פֿרי, די מאַמע, און צוגרייטן אַלץ אויף אַ גאַנצן טאָג פֿאַר די קינדער. זי אַליין האָט זיך געלאָזן מיט אַן אָנגעפּאַקטן

---

2. המוציא (האַמויצע) — דאָ: אַ שטיקל ברויט.
3. געריכט — שפּײַז.
4. זמירות — די געזאַנגען פֿון שבת.
5. גריל — grillo.

1. פֿאַרעט זיך — איז פֿאַרטאָן.
2. שעפּטשען — שטיל רעדן.
3. אַלמעכטיקער — וואָס קאָן אַלץ טאָן; באַרעמהאַרציקער — וואָס האָט רחמנות.

קויש מיט סחורה איבער די רײַכע הײַזער פֿאַרקויפֿן עפּעס און פֿאַרדינען אויף עסן פֿאַר די קליינע קינדער. בײַ נאַכט איז זי געקומען אַ מידע אַהיים, אָבער זי האָט זיך ניט געקאָנט צוזעצן: געווען געגנוג אַרבעט פֿאַר איר. מען האָט געדאַרפֿט פֿאַרריכטן העמדלעך, פֿאַרצירעווען זאָקן. יעדע ווײַלע פֿלעגט זי אײַנדרעמלען פֿון מידקייט; באַלד האָט זי זיך אָבער אויפֿגעכאַפּט און ווײַטער געאַרבעט. דאָס קליינע לעמפּל צאַנקט(4), דאָס פֿלעמל ציטערט, אַזוי ווי עס רעדט מיט רחמנות: אָרעמע מאַמע, אָרעמע יתומימלעך.

איין מאָל אַ וואָך באַקט די מאַמע ברויט. זי שטייט אויף אין מיטן נאַכט. נחמן איז אויך וואַך. ער זעט, ווי די מאמע קנעט דאָס טייג, קנעט און זיפֿצט און בעט גאָט: „האַר פֿון דער וועלט. שטאַרק מיך, פֿון מײַנע קינדערלעכס וועגן! שטאַרק מיך! וואָס בין איך? אַן אָרעמע ייִדענע, און דאַרף שפּײַזן זיבן יתומימלעך”. טרערן רינען פֿון אירע אויגן און פֿאַלן אַרײַן אין טייג.

און אַז ביאַליק עסט אין דער פֿרי פֿון פֿרישן ברויט, דוכט זיך אים, אַז מיט יעדן ביסן שלינגט ער אַראָפּ דער מאַמעס אַ טרער.

יאָרן שפּעטער האָט עס ביאַליק ווונדערלעך שיין באַשריבן אין זײַן ליד „שירתי” („מײַן פּאָעזיע”).

ה

דער זיידע יעקב-משה האָט צוגענומען חיים-נחמנען צו זיך — זאָל די מאַמע האָבן מיט איין מויל ווייניקער צו שפּײַזן. ביאַליק האָט געהאַט מער צו עסן, אַ בעסער געלעגער צום שלאָפֿן, אָבער ער האָט זיך ניט געפֿילט גליקלעך. ער האָט געבענקט נאָך דער מאַמען, נאָך די ברידער און די שוועסטער.

דער זיידע איז נאָך צו אַלע צרות געווען זייער אַ שטרענגער. נאָכן פֿאָטערס טויט איז דאָס ייִנגל געוואָרן אַ פֿרײַער פֿויגל, פֿלעגט זיך שפּילן, ווען ער האָט געוואָלט, און איצט וויל דער זיידע, אַז דאָס ייִנגל זאָל זײַן גוט און פֿרום; היט אים אָפּ, ער זאָל ניט שטיפֿן, ניט פֿאַרנעמען זיך מיט נאַרישקייטן.

ביאַליקן איז אָבער געווען שווער אײַנצוהיטן. ער פֿלעגט זיך אַרויס־כאַפּן הינטערן שטאָט, וואַנדערן אין פֿעלד און וואַלד, נאָכקוקן פֿליִענדיקע פֿייגל, שווימבנדיקע וואָלקנס. ער פֿלעגט קומען אַהיים שפּעט אין אָוונט, זיך וועלן אַרײַנגנבֿענען שטיל אין הויז, קיינער זאָל ניט זען, אָבער ס'איז אים קיין מאָל ניט געלונגען(1). דער זיידע האָט אים אָפּגעוואַרט.

---

4. צאַנקט — לעשט זיך.

1. ניט געלונגען — ניט באַקומען זיך גוט.

ביאַליק איז שוין געווען אַ היפּש יינגל, אַ יאָר צען־צוועלף, האָט אים דער זיידע ניט געשלאָגן. אָבער ער האָט אים געמוסרט(2), געבייזערט זיך, געלאַכט פון אים. דאָס איז נאָך ערגער פון קלעפּ.

דאָס יינגל האָט פּײַנט געהאַט דעם זיידנס שטראָפרייד. ער האָט זיי געוואָלט פאַרמיידן. אַ פּאָר טעג איז ער געווען שטיל, געפאָלגט, באַלד האָט ער זיך אָבער ווייטער פאַרבענקט נאָך וואַלד און פעלד און איז ניט געוואָרן אויף אַ גאַנצן טאָג.

שפּעטער האָט זיך נחמן געביטן — און איז געוואָרן שטאַרק באַליבט ביים זיידן.

דאָס יינגל האָט זיך צוגעכאַפּט מיט אַ מאָדנעם פלייס צום לערנען. ספרים און ביכער האָבן פאַרכאַפּט דעם יינגלס פאַנטאַזיע. ער האָט איבער־געיאָגט אַלע זיינע חברים אין לערנען.

לערנען האָט דאַן געמיינט נאָר איין זאַך: לערנען גמרא, דעם טייל פון די הייליקע יידישע ספרים, וווּ ס׳ווערט אויסגעטייטשט דער תנ״ך און וווּ אַלע דינים, געזעצן, וואָס אַ פרומער ייד דאַרף וויסן, ווערן אַרויסגע־בראַכט. אַ יינגל פלעגט אָנהייבן לערנען גמרא, ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר אַכט. ס׳פלעגט געדויערן אַ יאָר פיר־פינף, ביז אַ בחור׳ל האָט זיך אויסגעלערנט לערנען אַליין אַ בלאַט גמרא, דאַן האָט ער אָנגעהויבן לערנען פאַר זיך — דאָס מיינט אָן דער הילף פון רבין.

ביאַליק האָט אָנגעהויבן לערנען פאַר זיך צו עלף יאָר. ער האָט גע־לערנט אין אַ קליין בית־מדרש׳ל, וואָס איז געווען אין עק שטאָט.

ער האָט געלערנט טאָג און נאַכט. פלעגט אויפשטיין, ווען ס׳איז געווען פינצטער, און לערנען ביז שפּעט אין דער נאַכט. באַלד האָט ער גע־קראָגן דעם נאָמען פון אַ גרויסן מתמיד — אַ זייער פלייסיקער לערנער.

שפּעט ביי נאַכט, ווען עמעצער פלעגט דורכפאָרן פאַרביי דעם בית־מדרש, האָט ער געהערט דעם יינגלס קול. ס׳איז שטיל אַרום, נאָר אַ פּאָר שטערן גלאַנצן אויבן אין הימל. די גראָזן שעפּטשען שטיל אין פעלד, די פענצטער פון די הייזער זיינען פינצטער, בלינד, נאָר איין פענצטער אין בית־המדרש איז ליכטיק, דאָרט זיצט, מיט אַ ליכט אין האַנט, דער מתמיד ביאַליק און לערנט.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען דאָס יינגל איז געוואָרן דער גרויסער דיכטער ביאַליק, האָט ער דאָס אַלץ באַשריבן אין זיין פּאָעמע „המתמיד״.

(פון דעם בוך „קינדער־יאָרן פון יידישע שרייבער" פון שלמה סיימאָן)

---

2. געמוסרט (געמוסרט) — אויסגערעדט, געשטראָפט מיט רייד.

## אונטער די גרינינקע ביימעלעך

אונטער די גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך;
ציצות(1), קאַפּאָטקעלעך, פּאהלעך —
ייִדעלעך פֿריש פֿון די אייעלעך.
גופֿעלעך(2) — שטרוי, רויך און פֿעדערלעך —
נעם און צעבלאָז זיי אויף גלידערלעך,
כאַפּן זיי אויף גרינגע ווינטעלעך
און עס צעטראָגן זיי פֿייגעלעך.
נאָר איין זאַך פֿאַרמאָגן זיי — אייגעלעך;
די אויגן פֿאַרמאָגן צוויי פֿינטעלעך,
וואָס גליִען און פֿינקלען און טוקן זיך(3);
און עפּעס ווי נבֿיאיש און וואונדערלעך
פֿאַרטראַכטן זיך טיף און פֿאַרקוקן זיך
אויף נעכטיקע טעג און אויף פֿייגעלעך. —
אוי, מיר זאָל זײַן, ייִדישע קינדערלעך,
פֿאַר אײַערע כּשרע אייגעלעך!

## די מאַמע בענטשט ליכט אויפֿן וועג

מיטן זונפֿאַרגאַנג זײַנען די וועגענער(1) צוגעקומען צו אַ וועלדל, מער־ווייניקער אַ האַלבע שעה פֿאַרן פֿון שטעטל.
די מאַמע האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעכאַפּט, פֿאַרריכט די פֿאַטשיילע(2) אויפֿן קאָפּ, אַרויסגענומען אַ קליין פּעקעלע פֿון די פּעק זאַכן, וואָס זײַנען געווען אָנגעלייגט, געבעטן אָפּשטעלן דעם וואָגן און זי איז אַרונטערגעקראָכן.

---

1. ציצות — וואָלענע פֿעדעם פֿון טלית־קטן.
2. גופֿעלעך — דימינוטיוו פֿון „גוף".
3. טוקן זיך — גייען אַרײַן טיף.

1. וועגענער — carretas.
2. פֿאַטשיילע — קאָפּטיכל.



„...אין אַ מינוט אַרום האָבן זיך פֿון בערגל צעשײַנט צוויי קלײנטשינקע פֿלעמלעך
דאָס בלינדע ווײבל איז פּלוצלינג געוואָרן זעעוודיק, ווי ס'וואָלטן אַרײַנגעזעצט
געוואָרן צוויי לעבעדיקע אויגן"...

— וווּהין גייסטו? — האָט דער טאַטע געפֿרעגט, זעענדיק ווי זי פֿאַר־נעמט זיך צו אַ בערגל אין וועלדל. ער האָט אָפּגעשטעלט זײַן וואָגן אויך.

— ליכט בענטשן, — האָט די מאַמע געענטפֿערט.

יאָ, עס איז דאָך שוין באַלד שבת און פּסח צוזאַמען, און זי האָט קיין מאָל ניט פֿאַרפֿעלט צו בענטשן ליכט. אָבער קיינער האָט זיך ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז אַפֿילו אין דער בהלה פֿון גירוש(3) וועט זי ניט פֿאַרגעסן אָנצוגרייטן ליכט, טאָמער וועט פֿינצטער ווערן אין מיטן וועג...

מײַן ברודער שמואל האָט זיך געאײַלט נאָך דער מאַמען, איר בײַ־הילפֿיק צו זײַן. די פּויערים־אָנטרײַבער זענען געבליבן אַלע שטיין מיט זייערע וועגענער אויפֿן אָרט. אין אַ מינוט אַרום האָבן זיך פֿון בערגל צעשײַנט צוויי קליינטשינקע פֿלעמלעך. דאָס בלינדע וועלדל איז פּלוצ־לינג געוואָרן זעעוודיק, ווי ס'וואָלטן אין אים אַרײַנגעזעצט געוואָרן צוויי לעבעדיקע אויגן. די ביימער אין וואַלד האָבן געגאַפּט(4) אויף דער ייִדענע מיט דער פֿאַטשיילע, וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי מיט אויסגעשטרעק־טע הענט איבער די ליכט און שטילערהייט געוויינט.

די פּויערים האָבן אויך געקוקט אויף איר מיט יראה(5) און כּבֿוד.

אַ מאָדנע זאַך: ווי טרויעריק די לאַגע אונדזערע איז געווען אין יענער מינוט, האָט זיך מיר פֿון דעסטוועגן געדאַכט, אַז אין דער רגע, וואָס די צוויי קליינע פֿלעמלעך האָבן אויפֿגעלויכטן צווישן די ביימער, האָט דעם גאַנצן וואַלד אַרומגעכאַפּט אַ קדושה; אַז אין איינעם פֿון זײַנע פֿינצטערע ווינקלען, אין טיף באַהאַלטענעם היכל(6), האָט זיך אויפֿגעעפֿנט אַ טירל פֿון רחמים, און אַ גוטער מלאך האָט פֿון דאָרטן זײַן קאָפּ אַרויסגעשטעקט...

די צוויי פֿלעמלעך האָבן אין מײַנע אויגן אויסגעזען, ווי צוויי גאָלדענע פֿינ־טעלעך פֿון אַ סוף־פּסוק(7) אויפֿן ברעג הימל: ביז דאַנען — וואָך, פֿון דאַ־נען און ווײַטער — שבת און יום־טובֿ... דער צער(8), וואָס האָט אונדז אַלע־מען אין יענער צײַט אַרומגעכאַפּט, איז ווייך און געהייליקט געוואָרן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַפֿילו די פּויערים האָבן דאָס דערשפּירט(9), און נאָך ליכט־בענטשן, ווען זיי האָבן זיך ווידער גענומען רירן מיט די וועגענער, האָט זייער גאַנג דורכן וואַלדיקן וועג און אין דער פֿינצטער אויסגעזען

---

3. גירוש (גיירעש) — פֿאַרטרײַבונג. בהלה (בעהאָלע) — פּאַניק. דאָ ווערט דערציילט וועגן דעם אַרויסטרײַבן די ייִדן פֿון די דערפֿער.

4. געגאַפּט — שטאַרק געוווּנדערט זיך.

5. מיט יראה (ייִרע) — דאָ: מיט פֿרומקייט.

6. היכל (הייכל) — פּאַלאַץ.

7. סוף־פּסוק — די פּינטלעך נאָך אַ פּסוק אין תּנך.

8. צער (צאַר) — ווייטאָג.

9. דערשפּירט — דערפֿילט.

שטילער און רויִקער, ווי פֿריִער. זייער „וויאָ־וויאָ!״(10) אויף די פּאַרמאָ־טערטע פֿערד איז אַרויסגעקומען איינגעהאַלטענער, רחמנותדיקער, ווי דער צער פֿון דער מינוט וואָלט אונטערטעניק(11) געמאַכט זייערע הער־צער און שטימען...

די מאַמע האָט שוין נאָך ליכט־בענטשן ניט געוואָלט זיך זעצן צוריק אין וואָגן אַריין. זי איז געגאַנגען צו פֿוס מיטן זייט פֿון וועג, דער טאַטע און שמואל — מיט איר פֿון בײדע זייטן.

## אין גרינסגאָרטן

ניט שבת און ניט יום־טובֿ,
סתּם זומערטאָג איז היינט,
און ס׳איז דער גרינער גאָרטן
צעיובֿלט(1) און צעשיינט.

די שפּרינגפֿליג(2) אויפֿן צימבל,
די גריל אויפֿן טרומייט —
און ווען ס׳פֿוס איז טאַקע
צום טאַנצן איצט ניט גרייט?

דער קרויטקאָפּ אויף די בייטן(3),
אין עכטן, רעכטן גלאַנץ,
איז מיט זיין קרובֿה בלומקרויט
אַרויס אין ערשטן טאַנץ.

האָט דאָס דערזען דער קירבעס(4)
און האָפּ! — אַריין אין ריי,
מיט קאַוועגע(5) דער רונדער
צעלאָזט זיך אין געדריי.

די געלע קוקורוזע(6)
מיט שויבערדיקן קאָפּ
האָט גלייך געכאַפּט די זונבלום(7)
און איז אַוועק גאַלאָפּ.

דער רעטעך איז פֿאַר קנאה(8)
געוואָרן גרין און געל,
מיט אוגערקע דער קליינער
אַ דריי געטאָן זיך שנעל.

---

10. וויאָ — דער רוף צו אַ פֿערד, עס זאָל גיין.
11. אונטערטעניק — סובאָרדינירט.

1. צעיובֿלט — jubiloso.
2. שפּרינגפֿליג — ליבעלע.
3. בייטן — די שורות אין אַ גאָרטן.
4. קירבעס — מעלאָן.
5. קאַוועגע — sandía.
6. קוקורוזע — מאַיִס.
7. זונבלום — girasol.
8. קנאה (קִינְעָה) — envidia.

דער בורעק האָט דערזען דאָס —
און האָט אַ כאַפּ געטאָן
די גלאַנציקע טאָמאַטע —
און איז אַרײַן אין קאָן(9).

די ציבעלע, דער קנאָבל —
זיי טאַנצן בײַ דער זײַט —
צו וואָס דען מאַכן וויינען
די אַלע גוטע לײַט?

און פּלוצלינג — מאַכט אַ
וואַרע(10)! —
עס קומט דער שלאַנקער מער
מיט ריבעלע(11) דער גראָבער —
צו ווײַזן: ווער איז ווער.

די אָרעמע קאַרטאָפּל
איז אויך — ניט דאָ געדאַכט —
געקומען מיט מישפּחה
אַ טאַנץ טאָן זאַלבע־אַכט(12).

און ס'האָט גערוישט, געקערט זיך
דער גאָרטן דאָרטן לאַנג,
און ס'האָט די ערד געוויגט זיך
פֿון טענץ און פֿון געזאַנג.

## שלמה המלכס טאָכטער

**(פֿון די ייִדישע אגדות)**

דער גרויסער קיניג שלמה האָט געהאַט אַ טאָכטער. זי איז געווען קלוג און שיין. אויף דער גאַנצער וועלט איז ניט געווען אַזאַ שיינהײַט. האָט דער מלך שלמה געוואָלט וויסן, ווער עס וועט זײַן דער גליקלעכער מענטש, וואָס וועט חתונה האָבן מיט זײַן טאָכטער. האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז מע זאָל צוזאַמענרופֿן די שטערנזעער(1) פֿונעם גאַנצן לאַנד, און זיי זאָלן אים זאָגן: ווער וועט זײַן איר חתן.

אין דרײַ טעג אַרום זענען אַלע שטערנזעער געווען פֿאַרזאַמלט אינעם גרויסן פּאַלאַץ, וואָס איז געווען געמאַכט פֿון קרישטאָל. דער עלטסטער פֿון די שטערנזעער איז צוגעגאַנגען צו דעם נידעריקסטן טרעפּל פֿונעם טראָן, זיך דרײַ מאָל פֿאַרנייגט און געזאָגט:

9. קאָן — שפּיל.
10. מאַכן אַ וואַרע — מאַכן פּלאַץ.
11. ריב — nabo.
12. זאַלבע־אַכט — אַכט צוזאַמען.

1. שטערנזעער — אַסטראָלאָג.

— גרויסער האַר און קיניג, אינעם נאָמען פֿון אַלע שטערנזעער פֿון דײַן הייליקן לאַנד האָב איך דעם כּבֿוד צו פֿרעגן בײַ דיר: וואָס איז דײַן פֿאַרלאַנג?

— איך וויל, איר זאָלט מיר זאָגן: ווער עס וועט זײַן דער יונגערמאַן, וואָס וועט האָבן דאָס גליק חתונה צו האָבן מיט מײַן טאָכטער.

דער עלטסטער שטערנזעער האָט זיך נאָך אַ מאָל פֿאַרנייגט:

— גרויסער מלך, גיב אונדז זיבן טעג און זיבן נעכט צײַט. מיר וועלן קוקן אויף די שטערן, און אויפֿן זיבעטן טאָג, פּונקט האַלבע נאַכט, וועלן מיר דיר זאָגן, ווער עס וועט זײַן דער גליקלעכער באַשערטער(2) פֿון דער בת־מלכּה.

אין זיבן טעג אַרום, פּונקט צו דער מינוט, זענען די שטערנזעער געקומען אין פּאַלאַץ אַרײַן, ווו שלמה האָט מיט אומגעדולד(3) געוואַרט אויף זיי. דער עלטסטער איז צוגעגאַנגען צום טראָן און מיט ציטערניש האָט ער אָנגעהויבן ריידן:

— גרויסער מלך, זאָל דײַן האַרץ צו אונדז זײַן ווייך פֿאַר דער שלעכטער בשׂורה(4), וואָס מיר האָבן דיר געבראַכט. מיר האָבן נאָכגעפֿאָרשט(5) אַלע שטערן אין הימל. דער שטערן, אונטער וועלכן דײַן שיינע טאָכטער איז געבוירן געוואָרן, באַווײַזט אונדז, אַז איר חתן וועט זײַן דער גרעסטער אָרעמאַן צווישן דעם גאַנצן פֿאָלק ישׂראל.

שלמה האָט אַ שמייכל געטאָן, און געזאָגט:

— איר זענט פֿרײַ. מיר וועלן זען, אויב אײַערע רייד זענען אמת.

די שטערנזעער זענען אַוועק יעדער אין זײַן שטאָט אַרײַן, און שלמה איז געבליבן זיצן פֿאַרטראַכט. ער האָט געקלערט, ווי אַזוי צו ראַטעווען(6) פֿון אָרעמקײַט זײַן געליבטע טאָכטער. האָבן זי דאָך די רײַכסטע פּרינצן געוואָלט פֿאַר אַ כּלה!

פּלוצלינג איז אים אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק: ער וועט אויסבויען אַ פּאַלאַץ אויף אַן אינדזל אין מיטן ים. דאָרט וועט ער האַלטן זײַן טאָכטער אָפּגעזונדערט(7) פֿון דער גאַנצער וועלט.

און אַזוי האָט ער געטאָן.

ווען דער פּאַלאַץ איז פֿאַרטיק געוואָרן, האָט שלמה אויסגעריכט(8) אַ שיף אַוועקצופֿירן זײַן טאָכטער אויפֿן ווײַטן אינדזל. זיבעציק דינסטן

---

2. באַשערטער — וואָס וועט זײַן איר מאַן.
3. אומגעדולד — impaciencia.
4. בשׂורה — נײַעס.
5. נאָכגעפֿאָרשט — נאָכגעקוקט.
6. ראַטעווען — salvar.
7. אָפּגעזונדערט — אָפּגעטיילט, באַזונדער.
8. אויסגעריכט — צוגעגרייט צום וועג.

האָט ער מיטגעשיקט זיי זאָלן זי באַדינען, און שפּײַז האָט ער מיטגעגעבן אויף אַ גאַנץ יאָר. ער אַליין האָט זי באַגלייט ביז צום אינדזל. מיט זײַנע אייגענע הענט האָט ער דעם פּאַלאַץ פֿאַרשלאָסן, דעם שליסל גענומען מיט זיך. און שלמה האָט געטראַכט: „איצט וועלן מיר זען, צי די שטערנזעער ווייסן וואָס זיי זאָגן אָדער ניט".

פונקט אין יענער צײַט האָט אַ יונגערמאַן פֿון דער שטאָט עכּו זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן דורך דעם מדבר קיין מצרים.

אויפֿן דריטן פֿאַרנאַכט, ווען ער איז שוין געווען אין מדבר סיני, האָט אַ גרויסער זאַמדשטורעם זיך אויפֿגעהויבן און גענומען בלאָזן מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז דער יונגערמאַן איז שיִער ניט אומגעקומען(9). צו זײַן גליק האָט ער באַמערקט ליגן אַ טויטן קעמל. ווען ער איז צו אים צוגעקומען, האָט ער געזען, אַז זײַן בויך איז געווען אויפֿגעריסן און אויסגעליידיקט. ער האָט אַרײַנגעשטעקט זײַן האַנט, אינעווייניק איז געווען טרוקן. דער יונגערמאַן איז אַרײַנגעקראָכן אין קעמל אַרײַן זיך צו באַשיצן פֿון דעם זאַמד־שטורעם.

ליגנדיק אין קעמל, איז דער יונגערמאַן אײַנגעשלאָפֿן פֿון מידקײַט. דער שטורעם האָט שוין אויפֿגעהערט, און דער יונגערמאַן שלאָפֿט נאָך אַלץ. דערווײַל זענען הונגעריקע אָדלערס אַרויסגעפֿלויגן זוכן עסן. צוויי גרויסע און שטאַרקע אָדלערס האָבן דערזען דעם טויטן קעמל. האָבן זיי אים אַ כאַפּ געטאָן און אַוועקגעפֿלויגן.

די משׂא(10) איז געווען צו שווער אַפֿילו פֿאַר שטאַרקע אָדלערס. זיי האָבן באַמערקט דעם אינדזל. האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן דאַך פֿון פּאַלאַץ. פֿונעם קלאַפּ, וואָס דער קעמל האָט געגעבן אין דאַך, ווען די אָדלערס זענען אַראָפּ, האָט זיך דער יונגערמאַן אויפֿגעכאַפּט. די אָדלערס האָבן דערזען אַ לעבעדיקן מענטשן אַרויסקריכן פֿון קעמל, האָבן זיי זיך דערשראָקן און אַוועקגעפֿלויגן. דער יונגערמאַן איז אַרויסגעקראָכן און זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן, ווו ער איז אין דער וועלט.

אין יענער צײַט איז שלמהס טאָכטער אַרויסגעקומען אויפֿן דאַך צו מאַכן איר פֿרימאָרגן־שפּאַציר. זי איז זייער איבעראַשט געווען, ווען זי האָט דערזען אַ יונגנמאַן זיצן אויפֿן דאַך. זי איז אָבער באַלד געקומען צו זיך, איז צוגעגאַנגען צום פֿרעמדן און געפֿרעגט:

— ווער ביסטו? ווי אַזוי קומסטו אַהער?

דער בחור האָט איר דערציילט די גאַנצע מעשׂה.

די בת־מלכּה האָט אויף אים רחמנות באַקומען און אים געהייסן גיין נאָך איר. זי האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין אַ צימער, און קיינער פֿון די דינער האָט גאָר נישט באַמערקט. זי האָט אַרײַנגערופֿן איר דינסט און איר געהייסן ברענגען וואַסער, עסן און קליידער. זי האָט זי געבעטן, אַז

9. אומגעקומען — געשטאָרבן. 10. משׂא(מאַסע) — שווערקייט, וואָג.

זי זאָל קיינעם פֿון די דינער ניט דערציילן, אַז אַ פֿרעמדער איז דאָ אין פּאַלאַץ.

אָפּגעגעסן צו זאַט, איז ער געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. זײַן פּנים איז געוואָרן שיין און יונג, זײַנע אויגן האָבן געלויכטן מיט קלוגשאַפֿט.

עטלעכע וואָכן זענען אַוועקגעגאַנגען, און די בת־מלכּה פֿלעגט זיך אַלע טאָג טרעפֿן מיטן בחור, פֿאַרברענגען מיט אים און שמועסן מיט אים, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז די בת־מלכּה האָט זיך אין אים אײַנגעליבט און געפֿרעגט בײַ אים: צי וויל ער מיט איר חתונה האָבן. דער בחור האָט זיך געפֿילט גליקלעך, וואָס ער וועט ווערן דער חתן פֿון דער בת־מלכּה.

דאַן האָט די בת־מלכּה אָנגעשריבן אַ בריוועלע צו איר פֿאָטער. זי האָט עס אָפּגעשיקט מיט דער טויב צו שלמה המלך און אים זייער געבעטן, ער זאָל קומען צו איר אויפֿן אינדזל.

אין זיבן טעג אַרום איז שלמה מיט זײַן לײַבוואַך(11) געקומען אויף דעם אינדזל, און זײַן טאָכטער האָט אים דערציילט, צוליב וואָס זי האָט אים אַרויסגערופֿן.

אויסגעהערט די מעשׂה, האָט שלמה געמערקט, אַז דאָס מוז זײַן דאָס מזל פֿון זײַן קינד. ער האָט איר געהייסן אַרײַנרופֿן דעם בחור, און בײַ די ערשטע עטלעכע ווערטער, וואָס דער בחור האָט אַרויסגערעדט, איז ער שלמהן זייער געפֿעלן געוואָרן.

שלמה האָט באַפֿוילן, אַז זײַן טאָכטער מיט אירע זיבעציק דינסטן, און אויך דער אָרעמער בחור, זאָלן זיך אומקערן קיין ירושלים.

אין אַ חודש אַרום האָט דער מלך געפּראַוועט(12) די חתונה פֿון זײַן טאָכטער מיט דעם אָרעמען בחור. מלכים און פּרינצן און אַלע גרויסע לײַט זענען געקומען אויף דער חתונה און געבראַכט די טײַערסטע מתּנות. שלמה האָט אויך געמאַכט אַ סעודה פֿאַר אַלע אָרעמעלײַט פֿון לאַנד. מײַלן ווײַט האָבן זיך געצויגן די טישן, באַלאָדן מיט די טײַערסטע מאכלים און ווײַנען. מײַלן ווײַט האָט מען געהערט דאָס געזאַנג און דאָס שפּילן פֿון די קלעזמער(13).

נאָך דער חתונה האָט די בת־מלכּה מיט איר מאַן „עמנואל”, ווי מען האָט אים גערופֿן, זיך באַזעצט אין איינעם פֿון שלמהס שענסטע פּאַלאַצן, און זיי האָבן דאָרט געלעבט אין עושר(14) און אין כּבֿוד.

שלמה האָט ניט פֿאַרגעסן די שטערנזעער. ער האָט זיי אַלעמען באַשאָנקען מיט שיינע מתּנות. און דעם עלטסטן פֿון זיי האָט ער גענומען צו זיך, ער זאָל לערנען בײַ אים די חכמה פֿון די שטערן.

---

11. לײַבוואַך — גוואַרדיע.
12. געפּראַוועט — דורכגעפֿירט.
13. קלעזמער — מוזיקאַנטן.
14. אין עושר (אוישער) — אין רײַכקייט.

# עס האָט מיך פאַרפלאָנטערט

עס האָט מיך פֿאַרפלאָנטערט(1) מיט גרינס און מיט בלומען,
ווו פֿלאַטערלעך(2) צאַפלען(3) אין נעצן פֿון שטראַלן,
ווו ס'ציטערט די לופֿט פֿון דעם גרילצן און זשומען —
און איך בין פֿאַרכישופֿט צו דר'ערד צוגעפֿאַלן.

ס'איז היים, ס'איז גוט! גאָט'ס וועלטל גלאַנצט,
אין מיטן גראָז דאָרט שמוצערט(4), טאַנצט .
דער סטעפּ — מיט בלימעלעך געצירט(5),
וואָס גאָט אַליין האָט זיי געפֿלאַנצט —
פֿאַרשפּרייט זיך ווײַט און גייט אַוועק
גאָר אָן אָן אָנהייב, אָן אָן עק.
און איינזאַם(6) דאָ צווישן גראָז
שפּיר איך אין מיר אַ גאַנצע וועלט —
דאָס האָט געטאָן אויף מיר אַ בלאָז
מיט פֿרײַען פֿעלד.

ס'איז שאַ, ס'איז שטיל... אָט דאָ געשווינד
איז דורכגעפֿלויגן, ווי אַ פֿײַל(7),
אַזוינס וואָס האָט געשמעקט מיט קינד —
און ליגט שוין ווײַט פֿאַר טויזנט מײַל.
דאָס האָט געטאָן אַ גלאַנץ, אַ בליץ,
און גלײַך האָט אויג דערלאַנגט אַ שפּריץ
מיט טראָפּנס טוי פֿון זיסן גליק,
פֿון יונגן גליק, וואָס ווערט נישט אַלט, —
דאָס האָט אויף מיר געטאָן אַ בליק
דער גרינער וואַלד.

---

1. פֿאַרפלאָנטערן — פֿאַרדרייען, ארומנעמען.
2. פֿלאַטערל — mariposa.
3. צאַפלען — ציטערן.
4. שמוצערן — רויש פֿון פֿליגעלעך.
5. געצירט — געפּוצט.
6. איינזאַם — איינער אַליין.
7. פֿײַל — flecha.

# צום פֿייגעלע

גוט־ליב דיר דײַן קומען, דו פֿייגעלע טײַערס,
פֿון וואַרעמע לענדער צוריק —
אַווינטער־לאַנג האָב איך געבענקט נאָך דײַן זינגען,
געגאַרט(1) נאָך די טרעלן(2) פֿון גליק.

זינג, פֿייגעלע ליבינקע, זינג און דערצייל מיר
די וווּנדער פֿון בלוי־ווײַטן לאַנד:
צי דאָרט, אין דעם זוניקן לאַנד אין דעם שיינעם,
איז אויך גרויס דאָס אומגליק און שאַנד(3)?

צי ברענגסטו אַ גרוס פֿון די ברידער אין ציון,
פֿון נאָנט־ווײַטע ברידער אַ גרוס?
אוי, גליקלעכע מענטשן — צי ווייסן זיי, פֿילן,
וואָס דריקט און וואָס פּײַניקט(4) מײַן ברוסט?

צי טראָגסטו אויפֿבלי פֿון לאַנד מיר געגרוסן,
פֿון פֿעלדער, פֿון באַרג און פֿון טאָל?
האָט גאָט שוין דערבאַרעמט(5), דערוואַרעמט זײַן ציון,
צי ליגט זי נאָך וויסט(6), ווי אַ מאָל?

צי פֿאַלט נאָך דער טוי אויפֿן חרמון(7), ווי פּערל,
צי פֿאַלט ער ווי טרערן צו מאָל?
און וואָס מאַכט דער ליכטיקער ירדן, דער קלאָרער,
און יעטוועדער באַרג, יעדער טאָל?

---

1. געגאַרט — שטאַרק געוואָלט.
2. טרעלן — טענער, קלאַנגען.
3. שאַנד — פֿאַרשעמונג, בושה.
4. פּײַניקן — מאַכן זאָל שטאַרק ווײ טאָן.
5. דערבאַרעמט — רחמנות געהאַט.
6. וויסט — עס וואַקסט גאָרנית.
7. חרמון (כערמאָן) — דער העכס־טער באַרג פֿון לבֿנון, בײַ דער צפֿון־גרענעץ פֿון ארץ־ישׂראל.

און ברידער, וואָס האָבן געזייט דאָרט מיט טרערן,
צי האָט זיי באַגליקט שוין דער שניט(8)?
וואָלט איך געהאַט פֿליגל — דאַן וואָלט איך געפֿלויגן
צום לאַנד, ווו דער טייטלבוים(9) בליט!

און איך — וואָס קען איך דיר, מײַן פֿייגעלע, זאָגן,
וואָס קענסטו שוין הערן פֿון מיר?
ניט לידער פֿון פֿרייד, נאָר פֿון אומגליק און טרויער,
פֿון צפֿון־לאַנד, דאָ ווו איך פֿריר.

כ׳האָב מער ניט קיין טרערן, אַ סוף נעמט צו אַלעם,
נאָר ס׳נעמט ניט קיין סוף צו מײַן לייד, —
גוט־ליב דיר דײַן קומען, דו פֿייגעלע טײַערס,
צעזינג זיך, צעקלינג זיך אין פֿרייד!

## ים-ליד

### (לויט רבי יהודה הלוי)

כ׳האָב פֿאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פֿאַרלאָזט מײַן אייגן הויז;
כ׳האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן:
טראָג מיך, ים, צו מוטערס שויס(1)!

און דו, מערבֿ־ווינט געטרײַער,
טרײַב מײַן שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מײַן הארץ מיט אָדלער־פֿליגל(2)
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג!

ברענג מיך נאָר אַהין בשלום —
נאָכדעם פֿלי זיך דיר צוריק,
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע
און דערצייל זיי פֿון מײַן גליק.

---

8. שניט — דאָס אָראָפּנעמען די תּבֿואה פֿון די פֿעלדער.
9. טייטלבוים — דאַקטילבוים.

1. שויס — regazo.
2. אָדלער — águila.



# צווישן קינדער אַ מאָל און הײַנט



שלום-עליכם

# אויפֿן פֿידל

## א

היינט וועל איך אײַך, קינדער, שפּילן אַ ביסל אויפֿן פֿידל. נישטאָ, אַזוי דאַכט זיך מיר, קיין שענערס און קיין בעסערס, ווי אַז מע קאָן שפּילן אויפֿן פֿידל. וואָס, אַפֿשר נישט אַזוי? איך ווייס נישט, ווי אַזוי איר — איך, פֿון זינט איך בין צו מײַן שׂכל געקומען, בין איך אויסגעגאַנגען נאָך אַ פֿידל און האָב ליב געהאַט גלאַט קלעזמער(1). ווי דאָס לעבן! איז געווען ערגעץ אַ חתונה אין שטעטל, בין איך געווען דער ערשטער, וואָס איז געלאָפֿן מקבל-פּנים זײַן(2) די קלעזמער, זיך פֿאַרגנבֿענען פֿון הינטן צום קאָנטרבאַס, אַ צי טאָן בײַ דער גראָבער סטרונע: בום! — און אַנטלויפֿן. בום! — און אַנטלויפֿן. פֿאַר דעם דאָזיקן „בום" האָב איך אַ מאָל געכאַפּט פֿון בערל באַס אַ מיאוסן פּסק.

דאָס האָט מיך אָבער ווינציק-וואָס אַנגעלערנט. איך האָב נישט אָפּגעטראָטן פֿון די קלעזמער אויף קיין האָר. איך האָב זיי ליב געהאַט אַלע, פֿון שײַקע פֿידעלע מיט דער שיינער שוואַרצער באָרד און מיט די דינע ווײַסע פֿינגערלעך, ביז געציע פּײַקלער, מיטן שיינעם האָרב. נישט איין מאָל בין איך געלעגן אונטער אַ באַנק — וואָרעם מע האָט מיך געטריבן אַהיים — און געהערט, ווי די קלעזמער שפּילן, געקוקט אויף שײַקעס דינע פֿינגערלעך, ווי זיי טאַנצן איבער די סטרונעס, און זיך צוגעהערט צו די זיסע קולות, וואָס ער האָט אַזוי קונציק אַרויסבאַקומען פֿון זײַן פֿידעלע.

אַ צעקאָכטער פֿלעג איך נאָך דעם אַרומגיין עטלעכע טעג כּסדר, און שײַקע מיטן פֿידעלע איז מיר געשטאַנען פֿאַר די אויגן. בײַ נאַכט האָב איך אים געזען אין חלום, און בײַ טאָג אויף דער וואָר(3) — ער איז מיר נישט אַרויס פֿונעם קאָפּ. איך פֿלעג מיר פֿאָרשטעלן, אַז איך בין שײַקע פֿידעלע, אויסבייגן די לינקע האַנט און מאַכן מיט די פֿינגער און געבן

---

1. קלעזמער — מוזיקאַנטן.    זײַן — באַגעגענען שיין.
2. מקבל־פּנים (מעקאַבל־פּאָנים)    3. וואָר — אמת.

אַ פֿיר מיט דער רעכטער האַנט, ווי מיטן סמיך(4), בשעת מעשׂה פֿאַר־וואַרפֿן דאָס קעפּל אויף אַ זײַט, די אויגן אַ ביסעלע צוגעמאַכט — פּונקט ווי שײַיקע, ס׳זאָל דאָס פֿעלן אַ האָר!

## ב

דער חשק צו שפּילן אויפֿן פֿידל איז געוואַקסן מיט מיר אין איינעם. וואָס עלטער איך בין געוואָרן, איז דער חשק געוואָרן נאָך גרעסער, און, ווי אויף צו־להכעיס, האָב איך באַדאַרפֿט אַלע טאָג הערן קלעזמער. פּונקט אויפֿן מיטן וועג צווישן דער היים און דעם חדר איז געשטאַנען אַ קליין שטיבל, פֿלעגן זיך פֿון דאָרטן תּמיד הערן פֿאַרשיידענע קולות און גע־זאַנגען פֿון אַלערליי כּלים(1), און מערסטן טייל — קולות פֿון אַ פֿידל. דאָרטן איז געזעסן אַ קלעזמער, נפֿתּלציע(2) בעזבאַראָדקע, אַ ייִד מיט אַן אונטערגעהאַקטער קאַפּאָטע, מיט אונטערגעבויגענע פּאות און מיט אַ

---

4. סמיך — דער בויגן צום פֿידל.

1. כּלים (קיילים) — דאָ: מוזיקאַלי־שע אינסטרומענטן.
2. נפֿתּלציע (נאַפֿטאָלציע).



„... כיפֿלעג זיך פֿאַרגנבֿנען צום קאָנטרבאַס, אַ צי טאָן די גראָבע סטרונע: בום! — און אַנטלויפֿן"...

געפּרעסטן קאָלנער. אַ נאָז האָט ער געהאַט אַ היפּשע, ליפּן גראָבע, און אַן אַ סימן פֿון אַ באָרד, און דערפֿאַר טאַקע האָט מען אים גערופֿן „בעזבאָ־ראָדקע". אַ ווײַב האָט ער געהאַט אַ מאַשינע, האָט מען זי גערופֿן „די מו־טער חוה"; און קינדער איז בײַ זיי געווען אַ טוץ(3) אַנדערהאַלבן, אויב נישט מער, אָפּגעריסענע, האַלב נאַקעטע און באָרוועסע. און אַלע, פֿון נעם גרעסטן ביזן קלענסטן, האָבן זיי געשפּילט: דער אויפֿן פֿידל, דער אויפֿן באַס, דער אויפֿן טראָמייט, דער אויף דער פֿלייט, דער אויף דער האַרפֿע, דער אויפֿן צימבל, דער אויף דער פּויק, דער אויף די טאַצן. צווישן זיי זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געקאָנט אויספֿײַפֿן דעם גרעסטן ניגון מיט די ליפּן, אויף די ציין, אויף גלעזלעך אָדער אויף טעפּלעך, אויף שטיקלעך האָלץ, אָדער גאָר אויף די באַקן — שדים, רוחות(4) און גאָר!

מיטן דאָזיקן געזינדל(5) האָב איך זיך באַקענט גאָר אומגעריכט(6). איך בין געשטאַנען איין מאָל בײַ זיי אונטערן פֿענצטער, זיך אונטערגע־הערט, ווי זיי שפּילן; האָט איינער פֿון די עלטערע קינדער, פּיניע דער פֿלייטיסט — אַ בחור פֿון אַ יאָר פֿופֿצן, נאָר אַ באָרוועסער — מיך דערזען שטיין, איז ער אַרויסגעגאַנגען צו מיר און פֿרעגט מיך, צי עס געפֿעלט מיר זייער שפּילן.

— הלוואי, — זאָג איך, — וואָלט איך אין צען יאָר אַרום אַזוי געשפּילט!

— קאָנסט דאָס אויספֿירן, — מאַכט ער צו מיר און גיט מיר אָנצוהע־רעניש(7), אַז פֿאַר צוויי קאַרבן אַ חודש וועט מיך דער טאַטע זײַנער אויס־לערנען שפּילן, און אויב איך וויל, וועט ער מיך לערנען, דער זון, הייסט דאָס.

— אויף וואָס פֿאַר אַן אינסטרומענט, — מאַכט ער, — וואָלסטו גע־וואָלט שפּילן? אויפֿן פֿידל?

— אויפֿן פֿידל.

— אויפֿן פֿידל? — מאַכט ער. — קאָנסט צאָלן דריטהאַלבן קערבלעך אַ חודש? צי דו ביסט אַזאַ קאַסריליק(8), ווי איך?

— קאָנען קאָן איך, — זאָג איך, — נאָר וואָס דען? עס טאָר נישט וויסן דערפֿון נישט דער טאַטע, נישט די מאַמע, נישט דער רבי.

— חס וחלילה!(9) — מאַכט ער. — ווער דאַרף דאָס גיין אויספּויקן.

---

3. טוץ — צוועלף.
4. שדים, רוחות (שיידים, רוכעס) — טײַוואָלים.
5. געזינדל — מישפּחה.
6. אומגעריכט — אומדערוואַרט.
7. נעבן אָנצוהערעניש — געבן צו פֿאַרשטיין אומדירעקט.
8. קאַסריליק — דאָ: אַן אָרעמאַן.
9. חס־וחלילה (כאָס־וועכאָלילע) — גאָט זאָל היטן.

אפֿשר געפֿינט זיך ביי דיר אַ פּאַפּיראָס? ניין? דו רייכערסט נישט? אַנטלייַ זשע מיר אַ פּיטאַקל(10), וועל איך מיר אַליין קויפֿן פּאַפּיראָסן, נאָר זאָלסט נישט זאָגן קיינעם, מחמת דער טאַטע טאָר נישט וויסן, אַז איך רייכער, און די מאַמע וועט געוואָר ווערן(11), אַז איך האָב געלט, וועט זי דאָס גלאַט צונעמען און קויפֿן בייגל אויף אָנבייַסן. קום אין שטוב אַרייַן, וואָס וועלן מיר דאָ אויסשטיין?

ג

מיט גרויסע שרעקן, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט ציטערנדיקע פֿיס האָב איך אַריבערגעשפּאַנט די שוועל(1) פֿונעם דאָזיקן קליינעם גן־עדן.

מייַן נייַער חבֿר פּיניע האָט מיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן פֿאָטער:

— שלום נחום וועוויקס, אַ נגידס(2) אַ יינגל, האָט חשק לערנען אויפֿן פֿידל.

נפֿתּליע בעזבאָראָדקע האָט אונטערגעבויגן די פּאות, צו רעכט געמאַכט דעם קאָלנער, פֿאַרשפּיליעט די קאַפּאָטע און פֿאַרבונדן מיט מיר אַ ברייטן שמועס וועגן שפּילן בכלל און וועגן פֿידל בפֿרט, געגעבן מיר צו פֿאַרשטיין, אַז פֿידל איז די בעסטע און די שענסטע פֿון אַלע כּלים, על־טערם און חשובֿערס פֿון פֿידל איז שוין גאָר נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט. אַ סימן האָב איך, פֿאַר וואָס עפּעס דערעזשירט(3) תּמיד דער פֿידל, נישט דער טרומייט אָדער די פֿלייט? ווייַל פֿידל — דאָס איז די מאַמע פֿון אַלע כּלים.

אַזוי האָט מיר נפֿתּליע בעזבאָראָדקע געלייענט אַ גאַנצע לעקציע פֿון מוזיק, געמאַכט בשעת־מעשׂה מיט די הענט און מיט דער נאָז, — און איך בין געשטאַנען, געקוקט אים אין מויל אַרייַן און געשלונגען, ממש געשלונגען די ווערטער.

— העי, חבֿרה־פּלעצל, צו די כּלים!

אַזוי האָט נפֿתּליע בעזבאָראָדקע אויסגערופֿן צו זייַן קאַמאַנדע קינ־דער, וואָס זייַנען זיך צונויפֿגעקומען אַלע אין איין מינוט, גענומען זיך איטלעכער צו זייַן אינסטרומענט. נפֿתּליע אַליין איז אויפֿגעשטאַנען, אַ זעץ געטאָן מיטן סמיק אין טיש אַרייַן, געוואָרפֿן אַ שאַרפֿן קוק אויף איטלעכן באַזונדער און אויף אַלע מיט אַ מאָל — און מע האָט אַ שפּיל געטאָן אַ קאָנצערט אויף אַלערליי אינסטרומענטן מיט אַזאַ כּח, אַז איך

---

10. פּיטאַקל — פֿינף קאָפּיקעס (רו־סיש קליינגעלט).

11. געוואָר ווערן — זיך דערוויסן.

2. נגיד (נאָגיד) — רייַכער מאַן.

3. דערעזשירט — פֿאַרדרייט פֿון „דיריזשירן" — אָנגעפֿירט מיטן אָרקעסטער.

1. שוועל — umbral.

בין שיִער נישט אומגעפֿאַלן פֿון די פֿיס. איטלעכער האָט זיך געפֿלײַסט איבערשרײַען דעם אַנדערן. נאָר מער פֿון אַלע האָט געאַרבעט נפֿתּלציע אַליין: ער האָט אי געשפּילט אי דערעזשירט. געאַרבעט מיט די הענט, מיט די פֿיס, מיט דער נאָז און מיט די אויגן און מיטן גאַנצן גוף, און טאָמער, חלילה, האָט עמעצער געמאַכט אַ פֿעלער, האָט ער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און אַ זאָג געטאָן מיט כּעס:

— פֿאָרטאָ — פֿאָרטאָ — פֿאָרטיסימאָ!..., טאַקט, טאַקט! איינס, צוויי, דרײַ! איינס, צוויי, דרײַ!...

ד

אָפּגעמאַכט מיט נפֿתּלציע בעזובאָראָדקע פֿאַר דרײַ מאָל אין דער וואָך אַנדערהאַלבן שעה אין טאָג צוויי קערבלעך אַ חודש, בעט איך אים נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, עס זאָל זיין בסוד־סודות(1) — אַנישט, בין איך אַ פֿאַרפֿאַלענער. ער גיט מיר זײַן ערנוואָרט, אַז עס וועט נישט ווּסן דערפֿון קיין פֿויגל.

— מיר זענען אַזעלכע מענטשן, — זאָגט ער צו מיר מיט גדלות(2) און מאַכט צו רעכט דעם קאָלנער, — וואָס קיין געלט האָבן מיר נישט, נאָר יושר און ערלעכקייט איז בײַ אונדז פֿאַראַן מער ווי בײַם גרעסטן גביר! אפֿשר געפֿינט זיך בײַ דיר עטלעכע גראָשנס?

איך כאַפּ אַרויס און גיב אים אַ קערבל(3). נפֿתּלציע נעמט דאָס צו בײַ מיר, ווי אַ פּראָפֿעסאָר, מיט צוויי פֿינגער. רופֿט צו די מוטער חוה, קוקט אָן אַ זײַט און מאַכט צו איר:

— נאַ, קויף עפּעס אָנבײַסן!

די מוטער חוה נעמט צו בײַ אים דאָס קערבל, שוין דווקא מיט ביידע הענט און מיט אַלע פֿינגער, באַטראַכט דאָס דווקא פֿון אַלע זײַטן און טוט אַ פֿרעג דעם מאַן, וואָס זאָל זי קויפֿן.

— וואָס דו ווילסט, — ענטפֿערט ער איר כּלומרשט(4) קאַלטבלוטיק. — קויף בולקעס עטלעכע, הערינג אַ צוויי־דרײַ, און דאַרע קישקע(5), און אַ ציבעלע פֿאַרגעס נישט, עסיק און בוימל, נו, און אַ גלעזל בראָנפֿן דאָרטן...

אַז די דאָזיקע אַלע זאַכן זײַנען באַשאַפֿן געוואָרן אויפֿן טיש, איז דער עולם אָנגעפֿאַלן אויף דעם מיט אַזאַ אַפּעטיט, גלײַך ווי נאָך אַ תּענית(6).

---

1. בסוד־סודות (בעסאָד־סוידעס) — אין שטרענגן סעקרעט.
2. גדלות (גאַדלעס) — שטאָלץ, באַרימערײַ.
3. קערבל — רוסיש געלט.
4. כּלאָמערשט — dizque.
5. קישקע — דאָ: וווּרשט.
6. תּענית (טאָנעס) — פֿאַסטטאָג.

עס האָט אַזש מיך אָנגענומען אַ יצר־הרע(7), און אַז מע האָט מיך גע־בעטן, איך זאָל גיין צום טיש, האָב איך זיך נישט געקענט אָפּזאָגן, און איך געדענק נישט די צײַט, ווען איך זאָל אַזוי הנאה האָבן פֿונעם עסן, ווי איך האָב הנאה געהאַט פֿון דער דאָזיקער סעודה.

נאָך דער סעודה האָט בעזבאָראָדקע אַ ווינק געטאָן צו דער קאָמאַנדע, מע זאָל זיך נעמען צו די כּלים, און מע האָט מיך מכבד געווען ווידער אַ מאָל מיט אַ זאַך, „זיין אייגענע קאָמפּאָזיציע". די דאָזיקע „קאָמפּאָזיציע" האָבן זיי געשפּילט מיט אַזאַ רעש, אַז עס האָט מיר פֿאַרטורקעט די אויערן און פֿאַרטומלט דעם קאָפּ — און איך בין אַוועק פֿון דאָרטן אַ שיכּורער פֿון נפֿתּלציע בעזבאָראָדקעס „קאָמפּאָזיציע". אַ גאַנצן טאָג אין חדר האָט זיך מיר געדרייט דער רבי מיט די תּלמידים מיט די ספֿרים, און די אויערן האָט מיר נישט אויפֿגעהערט צו קלינגען די „קאָמפּאָזיציע". בײַ נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז מע האָט מיר דערלאַנגט מיט אַ פֿידל איבערן קאָפּ, — איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ געשריי און מיט אַ קאַפּווייטיק און האָב אָנגעהויבן שיטן ווערטער, ווי פֿון אַ זאַק. וואָס איך האָב גערעדט — ווייס איך נישט. נאָר מײַן עלטערע שוועסטער פּעסל האָט מיר נאָך דעם דערציילט, אַז איך האָב גערעדט פֿון היץ, עס האָט זיך נישט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט!... און נאָך אַ זאַך האָט מיר די שוועסטער דערציילט, אַז אין דער צײַט, וואָס איך בין געלעגן קראַנק, איז מען אַ פּאָר מאָל געווען פֿון נפֿתּלציע דעם קלעזמער, עפּעס אַ באָרוועס יינגל, געוואָר ווערן, וואָס איך מאַך, האָט מען אים דורכגעטריבן און פֿאַרזאָגט, ער זאָל זיך מער נישט דערוועגן קומען אַהער...

— ו״אָס פֿאַר אַ פּנים האָט דאָס? — זאָגט צו מיר די מאַמע. — ביסט שוין, קיין עין־הרע(8), אַ בחור צו לײַטן, מע רעדט דיר שוין שי־דוכים(9), און דו האָסט צו טאָן מיט שיינע חבֿרים. באָרוועסע קלעזמערלעך. וואָס פֿאַר אַ מחותּן ביסטו מיט קלעזמער? וואָס האָט דאָ געטאָן בײַ דיר נפֿתּלציע דעם קלעזמערס יינגל?

— וואָסער נפֿתּלציע? — זאָג איך און מאַך זיך תּמעוואַטע(10), — וואָסער קלעזמער?

— קוק אים אָן, דעם תּנא(11)! — מישט זיך אַרײַן דער טאַטע. — ער ווייסט נישט פֿון וואָס צו זאָגן! נעבעך, גאָט די נשמה שולדיק! איך אין דײַנע יאָרן בין שוין לאַנג געווען אַ חתן, און ער שפּילט זיך נאָך מיט

---

7. יצר־הרע (יעיצער־האָרע) — דאָ: אַ גרויסער אַפּעטיט.
8. קיין עין־הרע (איין־האָרע) — קיין בייז אויג זאָל ניט שאַטן.
9. שידוכים רעדן — דאָ: ער זאָל ווערן אַ חתן.
10. מאַכן זיך תּמעוואַטע (טאַמעוואַ־טע) — ווי מע ווייסט גאָרניט.
11. תּנא (טאַנע) — דאָ איראָניש: גרויסער חכם.

חבֿרים! טו זיך אָן און גיי אין חדר אַרײַן! טאָמער וועט דיך טרעפֿן הערשל בעל־טאַקסע(12) און וועט דיך אַ פֿרעג טאָן, וואָס דיר איז געווען, זאָלסטו זאָגן — קדחת(13). דו הערסט, וואָס איך רעד צו דיר? קדחת!

איך הייב נישט אָן צו פֿאַרשטיין: וואָס פֿאַר אַ מהותּן איז דאָ הערשל בעל־טאַקסע? און צוליב וואָס באַדאַרף איך אים זאָגן קדחת?...

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז מיר פֿאַרענטפֿערט געוואָרן די קשיא(14):

איך בין געוואָרן צו מזל אַ התן פֿאַר הערשל בעל־טאַקסעס בת־יחיד־קעלע(15) — אסתּרל.

ח

אַ מאָל מאַכט זיך, אַ מענטש וואַקסט אויס אין איין טאָג, מער ווי אַן אַנדערער אין צען יאָר. אַז איך בין געוואָרן אַ חתן, האָב איך מיט אַ מאָל דערפֿילט, אַז איך בין „אַ גרויסער“. דאַכט זיך, דער אייגענער וואָס פֿריִער, נאָר פֿאָרט נישט דער. פֿונעם קלענסטן חבֿר ביזן רבין רב זרח האָט מען אָנגעהויבן קוקן אויף מיר שוין מיט מער דרך־ארץ(1) — פֿאָרט אַ חתן מיט אַ זייגער. אויך דער טאַטע האָט שוין אויפֿגעהערט צו שרײַען אויף מיר, פֿון פּעטש שמועסט מען נישט: ווי אַזוי נעמט מען דאָס אַ חתן מיט אַ גילדענעם זייגער און מע פּאַטשט אים אויס? אַ חרפּה פֿאַר לײַטן און אַ בזיון(2) פֿאַר זיך אַליין!

אמת, מע האָט אַ מאָל אָפּגעשמיסן בײַ אונדז אין חדר אַ חתן, עליע, דערפֿאַר וואָס מע האָט אים געכאַפּט גליטשן זיך מיט אַלע שקצימלעך אויפֿן אײַז, — האָט טאַקע נאָך דעם געהאַט צו טאָן דערמיט די גאַנצע שטאָט. די כּלה זײַנע, אַז זי איז געוואָר געוואָרן פֿון אַזאַ סקאַנדאַל, האָט זי אַזוי לאַנג געוויינט, ביז מע האָט אָפּגעשיקט דעם חתן די תּנאָים, און דער חתן, עליע הייסט דאָס, האָט זיך פֿאַר האַרצווייטיק און פֿאַר בזיון געוואָלט אַרײַנוואַרפֿן אין טײַך אַרײַן, איז געווען פֿאַרפֿרוירן דאָס וואַסער...

כּמעט אַזאַ אומגליק האָט זיך געטראָפֿן מיט מיר, נאָר נישט איבער שמיץ און נישט איבערן גליטשן זיך אויפֿן אײַז, נאָר איבער אַ פֿידל.

אָט אַזוי איז געווען די מעשׂה:

---

12. בעל־טאַקסע — דער וואָס האָט געהאַט די קאָנצעסיע צו פֿאַרקויפֿן כּשר פֿלייש.

13. קדחת (קאַדאָכעס) — מאַלאַריע.

14. קשיא (קאַשע) — פֿראַגע.

15. בת־יחידקעלע (באָס־יעכידקעלע) — איין־איינציק טעכטערל.

1. דרך־ארץ — רעספּעקט.

2. בזיון (ביזאָיען) — בושה, פֿאַרשעמונג.

ביי אונדז אין ווייַנשענק(3) האָבן מיר געהאַט אַן אָפּטן גאַסט, טשעטשעק דעם קאַפּעלמייַסטער(4), וואָס מיר פֿלעגן אים רופֿן: „פּאַן פּולקאָווניק(5)". דאָס איז געווען אַ געזונטער יונג, אַ הויכער, מיט אַ גרויסער קייַלעכיקער באָרד און מוראַדיקע ברעמען(6). גערעדט האָט ער אויף אַ מאָדנע געמישט לשון, וואָס איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע שפּראַכן. בשעת רעדן האָט ער געמאַכט מיט די ברעמען אַרויף און אַראָפּ: אַז ער האָט אַראָפּגעלאָזט די ברעמען, איז דאָס פּנים געווען שוואַרץ, ווי די נאַכט; און אַז ער האָט זיי אויפֿגעהויבן — איז דאָס געווען קלאָר ווי דער טאָג, וואָרעם עס האָבן זיך געפֿונען אונטער די דאָזיקע געדיכטע ברעמען אַ פּאָר העל-בלויע, גוטע, שמייכלענדיקע אויגן. געטראָגן האָט ער אַ מונדיר מיט גאָלדענע קנעפּ, און דערפֿאַר טאָקע האָט ער ביי אונדז געהייסן „פּאַן פּולקאָווניק". ביי אונדז אין ווייַנשענק איז ער געווען זייער אַן אָפּטער גאַסט, נישט דערפֿאַר ווייַל ער איז געווען אַ שיכּור, חלילה, נאָר ווייַל דער טאַטע מייַנער איז געווען אַ בריה(7) אויף מאַכן פֿון ראָזשינקעס דעם „בעסטן, טייַערסטן אונגערישן ווייַן", וואָס טשעטשעק פֿלעגט אָנקוועלן, זיך גאָר נישט קאָנען אָפּלויבן פֿון אים. ער פֿלעגט אַרויפֿלייגן אויף אים זייַן גרויסע האַנט און זאָגן צום טאַטן אויף זייַן געמישטער שפּראַך:

— הער קעלנערמייַסטער! או טעבי נאַילעפּשי אונגאַרוויין! נישטאָ טאַקי זוינע אין בודאַפּעשט! פּרעדבאַהעם(8)!

צו מיר איז טשעטשעק תּמיד געווען צוגעלאָזט, מיך געליובט, וואָס איך לערן אין חדר, פֿלעגט מיך אָפּט פֿאַרהערן, פֿרעגן, דערציילן מעשׂיות פֿון פּאָלק און פֿון מוזיקאַנטן. איין מאָל האָט ער זיך מיט מיר צערעדט וועגן שפּילן. האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן:

— דער פּאַן פּולקאָווניק שפּילט אויף וואָסער אינסטרומענט?

— נאַ ווסיסטקיך אינסטרומענט(9), — מאַכט ער צו מיר און הייבט אויף אויף מיר די ברעמען.

— אויפֿן פֿידל אויך? — פֿרעג איך אים, און ער באַקומט מיט אַ מאָל אין מייַנע אויגן אַ פּנים פֿון אַ מלאך.

— קום צו גיין אַ מאָל צו מיר, — מאַכט ער, — וועל איך דיר שפּילן.

— ווען קאָן איך, — זאָג איך, — צו דיר קומען, פּאַן פּולקאָווניק, אַז נישט שבת? נאָר געדענק, קיינער זאָל נישט וויסן. זאָגסטו מיר צו?

---

3. ווייַנשענק — וווּ מע פֿאַרקויפֿט ווייַן.
4. קאַפּעלמייַסטער — אָנפֿירער פֿון אָרקעסטער.
5. פּאַן פּולקאָווניק — הער קאָראָ־נעל.
6. ברעמען — cejas.
7. בריה (בעריע) — פֿעיִקער.
8. „ביי דיר איז דער בעסטער אונ־גערישער ווייַן! ניטאָ אַזאַ ווייַן אין בודאַפּעשט! ביי גאָט!".
9. אויף אַלע אינסטרומענטן.

## ז

טשעטשעק האָט געוווינט ווײַט־ווײַט הינטער דער שטאָט, אין אַ קליין ווײַס שטיבל מיט קליינע פֿענצטערלעך, מיט געפֿאַרבטע לאָדן, מיט אַ גרינעם גאָרטן; ס׳האָבן אַרויסגעקוקט פֿון דאָרטן מיט גרויס גדלות אַ סך הויכע געלע סאָנישניקעס(1), ווי עפּעס רעכטס, און האָבן ווי גערופֿן מיך צו זיך: „אַהער צו אונדז, בחורל!‟ און נאָך דער היץ, מיטן שטויב, וואָס אין שטאָט, און נאָך יענער ענגשאַפֿט, מיטן געשריי, מיטן טומל, וואָס אין הדר, — גלוסט זיך טאַקע אַהער, וואָרעם דאָ איז גראָז, דאָ איז ליכ־טיק, דאָ איז פֿרײַ, דאָ איז פֿריש, דאָ איז וואַרעם, דאָ איז גוט! עס גלוסט זיך לויפֿן, שפּרינגען, שרײַען, זינגען, אָדער גאָר אַ וואָרף טאָן זיך אויף דער הוילער ערד, מיטן פּנים אינעם גרינעם שמעקנדיקן גראָז אַרײַן.

באַגעגנט האָט מיך אַ שוואַרצער הונט מיט רויטע פֿײַערדיקע אויגן. ער איז אויף מיר אָנגעפֿאַלן מיט אַזאַ רשעות(2), אַז ס׳איז מיר שיִער די נשמה אַרויסגעפֿאַלן. אַ גליק, וואָס ער איז געווען צוגעבונדן אויף אַ שטריק. דערהערט מײַן געשריי, איז טשעטשעק אַרויסגעלאָפֿן אָן אַ מונ־דיר און האָט אָנגעהויבן שטראָפֿן דעם הונט, ער זאָל אַנטשטומט ווערן — און ער איז אַנטשטומט געוואָרן.

איבערגעלעבט די שרעק פֿונעם הונט און אַרײַנגעגאַנגען מיטן „פּאַן פּולקאָווניק‟ אין שטוב אַרײַן, בין איך נבֿהל ונשתּומם(3) געוואָרן: אַלע ווענט זײַנען פֿאַרהאָנגען פֿון אויבן ביז אַראָפּ מיט ביקסן, און אויף דער ערד ליגט אַ פֿעל מיט אַ קאָפּ פֿון אַ לייב אָדער אַ לעמפּערט(4) מיט מורא־דיקע שאַרפֿע ציין. מילא, דער לייב איז נאָך אַ האַלבע צרה — פֿאַרט אַ געפּייגערטער, אָבער די ביקסן, די ביקסן?... ס׳איז מיר נישט אײַנגעגאַנ־גען די פֿרישע פֿלאַמען מיט די שיינע עפּל, וואָס דיִער באַלעבאָס האָט מיך מיט זיי מכבד געווען פֿון זײַן אייגענעם גאָרטן, מײַנע אויגן האָבן נישט אויפֿגעהערט צו שפּרינגען פֿון איין וואַנט אויף דער אַנדערער.

נאָר שפּעטער, אַז טשעטשעק האָט אַרויסגענומען פֿון אַ רויט שאַכטל(5) אַ פֿידעלע, אַ קײַלעכיקס, אַ קליינס, מיט אַ מאָדנע בײַכעלע, האָט אַרויפֿגעלייגט אויף דעם די גרויסע צעשפּרייטע באָרד און די גרויסע געזונטע האַנט, און האָט געגעבן דעם ערשטן פֿיר עטלעכע מאָל הין און צוריק מיטן סמיטשיק, און עס האָבן זיך געגעבן אַ גאָס די ערשטע עט־לעכע מעלאָדיעס, האָב איך אין איין אויגנבליק פֿאַרגעסן דעם שוואַרצן כּלבֿ, מיטן שרעקלעכן לייב, מיט די אָנגעלאָדענע ביקסן, — איך האָב נאָר געזען פֿאַר זיך טשעטשעקס גרויסע צעלאָזטע באָרד מיט זײַנע גע־

---

1. סאָנישניק — girasol.
2. רשעות (רישעס) — בייזקייט.
3. נבֿהל ונשתּומם (ניוול־ווענישטוי־מעס) — שטאַרק פֿאַרוווּנדערט.
4. לעמפּערט — לעאָפּאַרד.
5. שאַכטל — קעסטעלע.

דיכטע אַראָפּגעלאָזטע ברעמען, איך האָב נאָר געזען אַ קײַלעכיק פּידעלע מיט אַ מאָדנע בײַכל, און פֿינגער, וואָס טאַנצן איבער די סטרונעס מיט אַזאַ גיכקייט, אַז אַ מענטשנס שׂכל איז גאָר נישט אימשטאַנד משׂיג(6) צו זײַן, ווי נעמט מען אַזוי פֿיל פֿינגער?

נאָך דעם איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן טשעטשעק מיט זײַן צעשפּרייטער באָרד, מיט זײַנע געדיכטע ברעמען, מיט זײַנע ווונדערלעכע פֿינגער, און איך האָב שוין נישט געזען פֿאַר זיך גאָרנישט. איך האָב נאָר געהערט אַ זינגען, אַ קרעכצן, אַ וויינען, אַ כליפּען, אַ רעדן, אַ ברומען — משונה מאָדנע קולות ווי האָניק, גלאַטע ווי בוימל, האָבן זיך געגאָסן, געגאָסן גלײַך אין האַרצן אַרײַן אָן אַן אויפֿהער, און מײַן נשמה איז אַוועק ווײַט-ווײַט פֿון דאַנען, אין אַן אַנדערער וועלט אַרײַן, אין אַ גן-עדן פֿון סאַמע קולות און געזאַנגען...

— האַרבאַטע כצעש(7)? — רופֿט זיך אָן צו מיר טשעטשעק, לייגט אַוועק דאָס פּידעלע און טוט מיר אַ פּאַטש אין פּלייצע.

איך האָב דערפֿילט, אַז איך בין אַראָפּגעפֿאַלן פֿונעם זיבעטן הימל אַראָפּ אויף דער ערד.

פֿון דעמאָלט אָן האָב איך אָנגעהויבן צו גיין אַהער אַלע שבת בײַ טאָג הערן טשעטשעקן שפּילן אויפֿן פּידל. איך פֿלעג שוין גיין גלײַך, נישט מורא געהאַט פֿאַר קיינעם, און אַפֿילו מיטן שוואַרצן כּלבֿ זײַנען מיר גע־וואָרן אַזוי באַקאַנט, אַז ער האָט מיך דערזען, פֿלעגט ער דרייען מיטן וויידל און זיך וועלן וואַרפֿן אויף מיר, אַ לעק טאָן די האַנט. פֿלעג איך אים נישט לאָזן: „לאָמיר בעסער זײַן גוטע פֿרײַנד פֿון דער ווײַטן!"

אין דער היים האָט נישט געוווּסט קיין פֿויגל, ווי איך פֿאַרברענג דעם שבת — פֿאַרט אַ חתן! — און מע וואָלט נישט געוווּסט דערפֿון עד היום, עס זאָל זיך נישט געווען טרעפֿן מיט מיר אַ נײַער אומגליק, אַ גרויסער אומגליק.

ז

אפֿרים קלאָץ, אַ ייִד אַ ווילד-פֿרעמדער, האָט נאָכגעקוקט נאָך מיר, נאָכגעשפּירט און אָנגעשמעקט, וווּהין איך גיי. און ער האָט מיר צוגע־שטעלט אַ בענקעלע(1), געשוואָרן, אַז ער האָט אַליין געזען מיך עסן טרפֿות(2) בײַם „פּולקאָווניק" און רייכערן אַ פּאַפּיראָס שבת. ער זאָל אַזוי

6. משׂיג (מאַסיג) זײַן — באַנעמען, פֿאַרשטיין.

7. „טיי ווילסטו?"

1. צושטעלן אַ בענקעלע — אויס־געבן (denunciar).

2. טרפֿות (טאַרפֿעס) — טרייפֿענע עסנס.

זען, זאָגט ער, בײַ זיך אַלדאָס גוטס, און אויב ער זאָגט אַ דבֿר־שקר(3) אויף אָט אַזוי פֿיל, זאָל זיך אים שטעלן, זאָגט ער, דאָס מויל אויף אַ זײַט און עס זאָלן אים אַרויס ביידע אויגן!

— אָמן, הלוואַי! — האָב איך געזאָגט און האָב געכאַפּט פֿונעם טאַטן אַ פֿרישן פּאַטש, איך זאָל נישט זײַן קיין עזות־פּנים(4)... נאָר איך פֿאַר־כאַפּ, אַזוי דאַכט זיך מיר, די לאָקשן פֿאַר די פֿיש, איך האָב גאָר פֿאַרגעסן אײַך דערציילן, ווער איז געווען אפֿרים קלאָץ, און וואָס איז ער געווען, און ווי אַזוי איז געווען די מעשׂה.

געווען איז אפֿרים אַ נידעריטשקער, געהאַט קורצע פֿיסעלעך, קליינע הענטעלעך, רויטע בעקעלעך; גערעדט האָט ער גיך, מיט אַ קוויטשל, און געלאַכט האָט ער מיט אַ געלעכטערל, ווי מע שיט אַרבעסלעך. אָנקוקן האָב איך אים נישט געקאָנט — איך וויים נישט פֿאַר וואָס. אַלע שבת בײַ טאָג, ווען איך בין געגאַנגען צו טשעטשעקן אָדער פֿון טשעטשעקן, פֿלעג איך אים באַגעגענען אויפֿן בריק גיין שפּאַצירן אין אַ לאַנגן געלאַ־טעטן שבתדיקן לעטניק(5) אָן די אַרבל. ער איז געגאַנגען די הענט פֿאַר־לייגט אַהינטער און אונטערגעזונגען אויף זייער אַ דין קולעכל.

— גוט שבת! — זאָג איך אים.

---

3. דבֿר־שקר — ליגן.

5. עזות־פּנים (אַזעס־פּאָנים) — וואָס רעדט אנטקעגן, אראָגאַנט.

5. לעטניק — זומער־מאַנטל.



„...איין מאָל האָב איך באַמערקט, אַז אפֿרים קלאָץ קוקט מיר שטאַרק נאָך"...

— גוט שבת! — מאַכט ער. — וווּהין גייט דאָס אַ ייִנגל?
— גלאַט אַזוי, — זאָג איך, — אויפֿן שפּאַציר.
— אויפֿן שפּאַציר? איינער אַליין? — מאַכט ער און קוקט מיר אין די אויגן אַרײַן מיט אַזאַ מין שמייכעלע, וואָס ס'איז שווער צו טרעפֿן, וואָס מיינט ער דערמיט: צי ס'איז אַ גרויס בריהשאַפֿט(6), וואָס איך שטעל זיך אײַן גיין איינער אַליין, צי ס'איז אַ חכמה, צי אַ נאַרישקייט?...

איין מאָל, גייענדיק צו טשעטשעקן, האָב איך באַמערקט, אַז אַפֿרים קלאָץ קוקט מיר עפּעס זייער שטאַרק נאָך, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן בריק און געקוקט אין וואַסער אַרײַן. האָט זיך אַפֿרים אויך אָפּגעשטעלט און אויך געקוקט אין וואַסער אַרײַן. האָב איך זיך געלאָזט גיין צוריק — ער גייט אויך. האָב איך זיך געלאָזט גיין ווידער אַהין — ער אויך. נאָך דעם איז ער פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. שפּעטער, געזעסן מיט טשעטשעקן בײַם טיש און געטרונקען טיי, האָבן מיר דערהערט דעם שוואַרצן כּלבֿ בילן אויף עמעצן זייער שטאַרק און רײַסן זיך פֿון דעם שטריק. אַ קוק געטאָן אין פֿענצטער, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך זע עפּעס אַ נידעריקס, אַ שוואַרצינקס, מיט קליינע פֿיסעלעך, לויפֿט, לויפֿט און ווערט פֿאַרשוווּנדן. נאָכן געננגל וואָלט איך געמעגט שווערן, אַז ס'איז אַפֿרים קלאָץ.

כּך הווה(7). איך בין געקומען שבת צו נאַכטס אַהיים, מיט אַ פֿאַר־פֿלאַמט פּנים, און האָב געטראָפֿן אַפֿרימען זיצן בײַם טיש. ער האָט עפּעס זייער שטאַרק גערעדט און געלאַכט מיט זײַן מאָדנעם געלעכטערל. דערזען מיך, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן און געקלאַפּט מיט די קורצע פֿינגערלעך איבערן טיש. אַקעגן אים איז געזעסן דער טאַטע, טויט ווי די וואַנט, און האָט זיך געדרייט די באָרד, געריסן די האָר אייניציקווײַז — אַ סימן, אַז ער איז אין כּעס.
— פֿון וואַנען גייסטו דאָס? -- פֿרעגט מיך דער טאַטע און קוקט אויף אַפֿרימען.
— פֿון בית־מדרש, — זאָג איך.
— און ווו, — זאָגט ער, — ביסטו געווען אַ גאַנצן טאָג?
— ווו, — זאָג איך, — זאָל איך זײַן?
— איך וויים, — זאָגט ער, — ווו? זאָג דו, דו ווייסט בעסער.
— אין בית־מדרש, — זאָג איך.
— וואָס האָסטו געטאָן, — זאָגט ער, — אין בית־המדרש?
— וואָס זאָל איך טון, — זאָג איך, — אין בית־המדרש?
— איך וויים, — זאָגט ער, — וואָס דו זאָלסט טון?

---

6. בריהשאַפֿט(בעריעשאַפֿט) — דאָ: גרויסער אויפֿטו.

7. כּך־הווה (קאַך־האַווע) — אַזוי איז טאַקע געווען.

— איך האָב געלערנט, — זאָג איך.
— וואָס, — זאָגט ער, — האָסטו געלערנט?
— וואָס זאָל איך לערנען? — זאָג איך.
— איך ווייס, — זאָגט ער, — וואָס דו זאָלסט לערנען?
— גמרא, — זאָג איך, — האָב איך געלערנט.
— וואָסער גמרא, — זאָגט ער, — האָסטו געלערנט?
— וואָסער גמרא, — זאָג איך, — זאָל איך לערנען?
— איך ווייס, — זאָגט ער, — וואָסער גמרא זאָלסטו לערנען?
— די גמרא „שבת", — זאָג איך, — האָב איך געלערנט.

דאָ האָט זיך אפֿרים קלאָץ צעלאַכט מיט זײַן געלעכטערל, און מער האָט שוין, ווײַזט אויס, דער טאַטע נישט געקאָנט איבערטראָגן. ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿונעם אָרט און האָט מיר אויפֿגעוואָרפֿן צוויי הילכיקע פֿלאַמפּײַערדיקע פּעטש — עס זענען געפֿלויגן בײַ מיר פֿונקען פֿון די אויגן.

האָט דערהערט די מאַמע פֿונעם אַנדערן חדר(8), איז זי אַרײַנגעלאָפֿן מיט אַ געשריי:

— נחום! גאָט איז מיט דיר! וואָס טוסטו? אַ בחור אַ חתן פֿאַר דער חתונה? באַרעכן זיך, טאַטער, חלילה, ווערט געוואָר(9) דער מחותּן!?



די מאַמע איז געווען גערעכט. דער מחותּן איז געוואָר געוואָרן פֿון דער גאַנצער מעשׂה — אפֿרים האָט דאָס אים אַליין איבערגעגעבן און האָט דערלעבט אין אים אַ נקמה, וואָרעם זיי זענען תּמיד געווען צווישן זיך אויף מעסער־שטעך.

אויף מאָרגן האָט מען מיר אָפּגעשיקט די תּנאים מיט די כּלה־מתּנות, און איך בין געוואָרן אויס חתן. דאָס האָט דעם טאַטן אַזוי געקרענקט, אַז ער איז פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן(10), געלעגן צו בעט אַ היפּשע צײַט, מיך נישט געלאָזט פֿאַר די אויגן, נישט געוואָלט מײַן פּנים אָנקוקן, וויפֿל די מאַמע האָט נישט געטענהט פֿאַר מיר, מיך געוואָלט פֿאַרענטפֿערן.

צווישן די, וואָס זענען געקומען מבֿקר־חולה זײַן(11) דעם טאַטן, איז געווען אויך טשעטשעק דער קאַפּעלמײַסטער.

דער טאַטע, אַז ער האָט אים דערזען, האָט ער אויסגעטאָן די יאַרמלקע, זיך אויפֿגעזעצט אויפֿן בעטל, האָט אים אויסגעצויגן די דאַרע טרוקענע האַנט, אַ קוק געטאָן אים אין די אויגן אַרײַן און אַ זאָג געטאָן:

— איי, פּאַן פּולקאָווניק! פּאַן פּולקאָווניק!...

---

8. חדר — דאָ: צימער.
9. געוואָר ווערן — זיך דערוויסן.
10. פֿאַרשלאָפֿט — קראַנק.
11. מבֿקר חולה (מעוואַקער כוילע) זײַן — וויזיטירן אַ קראַנקן.

מער האָט ער נישט געקאָנט אויסרעדן קיין וואָרט, וואָרעם עס האָבן אים געשטיקט די טרערן און דער הוסט...

דאָס ערשטע מאָל אויף מײַן לעבן האָב איך דערזען דעם טאַטן װײנען. עס האָט מיך אָנגענומען בײַם הארצן און עס האָט מיך פֿאַרקלעמט בײַ דער נשמה. איך בין געשטאַנען, געקוקט אין פֿענצטער און געשלונגען די טרערן. אין דער מינוט האָב איך באמת חרטה געהאַט אויף דער חתונה, וואָס איך האָב אָנגעאַרבעט. איך האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט, איך זאָל קיין מאָל, קיין מאָל נישט דערגרגזוענען(12) דעם טאַטן, קיין מאָל נישט אָנטאָן אים קיין יסורים — אוים פֿידל!....

## לייב נײַדוס

## אַ זון מיט אַ רעגן

אַ זון מיט אַ רעגן, אַ זון מיט אַ רעגן!
עס לאָכן מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגן,
זיי לויכטן אין לופֿטן און פֿאַלן אויף מיר,
ווי גאָלדענע פֿונקען אויף זײַדענע שניר(1).

אַ זון מיט אַ רעגן, אַ זון מיט אַ רעגן!
עס צאַנקען(2) די גראָזן בײַם ראַנד(3) פֿון די װעגן,
עס שמייכלען די בלומען, צעקושטע פֿון ווינט,
אַזוי ווי עס שמייכלט דורך טרערן אַ קינד.

אַ זון מיט אַ רעגן, אַ זון מיט אַ רעגן!
עס וויגט זיך דער בלאַסלעכער טײַך אין די ברעגן,
עס פֿאַלן די טראָפּנס אין וואַסער, און גרינג
צעלויפֿן זיי ווײַט אין אַ גאָלדענעם רינג.

אַ זון מיט אַ רעגן, אַ זון מיט אַ רעגן!
און ווײַט, ערגעץ ווײַט, וואַרפֿט זיך איבער אַנטקעגן,
אין הימל אין בלויען, אַ פֿאַרביקע בריק,
אַזוי ווי אַ וועג צו דעם אייביקן גליק.

---

12. דערגרגזוענען — אַרײַנברענגען אין כּעס.

3. ראַנד — ברעג.
1. שניר — בענדער.
2. צאַנקען — אויסגיין.

שלום-עליכם

# די בר-מצווה

## א

דער העלד פֿון דער דאָזיקער ביאָגראַפֿיע(1) געדענקט, דאַכט זיך, גאַנץ קלאָר, אַז ער האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן פֿון דעם, וואָס מע האָט אים אויסגעשטעלט, ער זאָל זאָגן אויף זײַן יום-טובֿ, — און דאָך האָט געקלונגען די שטאָט מיט זײַן בר-מצווה. טאַטעס האָבן מקנא געווען. מאַמעס האָבן זיך געוווּנטשן אַזעלכע קינדער.

ס'איז געווען אַן אמתער יום-טובֿ, אַ גרויסאַרטיקער(2) יום-טובֿ. און אין אים האָבן זיך באַשעפֿטיקט(3) אַ סך הענט, אונטער דער קאָמאַנדע פֿון דער באָבע מינדיע, וואָס האָט אויסגעזען אין איר שבתדיקן אָנטאָן, מיטן שטערנטיכל(4), ווי אַן אמתער קאָמאַנדיר. זי האָט געקאָמאַנדעוועט, וועמען מע זאָל רופֿן און וועמען נישט; ווער עס יאָל זיצן אויבן אָן און ווער נישט; וואָסערע טעלער מע זאָל שטעלן, וואָסערע בראָנפֿן און וואָסער-רע ווײַנען מע זאָל טרינקען. מיט אַלעמען האָט זי זיך איבערגעקריגט, אויף אַלעמען זיך אָנגעבייזערט, נישט געשאַנעוועט(5) אַפֿילו דעם בר-מצווה-העלד, ער זאָל זיך האַלטן ווי אַ מענטש, נישט האָבן קיין טבֿע צו בײַסן די נעגל, נישט לאַכן אַליין און נישט מאַכן לאַכנדיק די איבעריקע קינדער.

— גאָט האָט רחמנות געהאַט, האָסט דערלעבט די בר-מצווה, איז שוין צײַט, זאָלסט ווערן אַ שטיקל מענטש! — האָט זי אײַנגעטענהט מיט אים און אויסגעגלעט דאָס לעצטע רעשט פֿון די פּאהלעך, וואָס זי האָט קוים „אָפּגעוואָיעוועט(6)" בײַ איר זון. נחום ראַבינאָוויטש האָט שוין

---

1. דאָס איז אַ פֿראַגמענט פֿון שלום-עליכמס אויטאָביאָגראַפֿישן ווערק „פֿונעם יאריד".
2. גרויסאַרטיק — אויסערגעוויינ-לעך שיין.
3. זיך באַשעפֿטיקט — געווען פֿאַר-נומען.
4. שטערנטיכל — אַמאָליקע קאָפּ-פֿאַרפּוצונג פֿון פֿרויען.
5. שאַנעווען — האָבן רעספּעקט.
6. אָפּגעוואָיעוועט — אויסגעקעמפֿט.

לאַנג חשק געהאַט זיי גאָר אין גאַנצן אָפּשערן, האָט די באָבע מינדיע נישט דערלאָזט.

ב

אַחוץ דעם גרויסן עולם, וואָס מע האָט צונויפגערופן גלײַך פון שול אויף בר־מצווה, איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע מישפּחה. פאַרשטייט זיך, אַז דער רבי משה־דוד רודערמאַן, אין דער שבתדיקער געווענטענער(1) קאַפּאָטע, איז אויך געווען בתוך הבאים. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן זייער קליין און פון דער ווײַטן.

נאָר אָט איז געקומען די מינוט פונעם „עקזאַמען". דער בר־מצווה־בחורל האָט זיך באַדאַרפט אַוועקשטעלן און אַרויסווײַזן דעם עולם, וואָס ער קען, — האָט מיט אַ מאָל דער רבי רודערמאַן אויפגעכאַפּט זיך; זײַן פּלייצע האָט זיך אויסגעגלײַכט; די געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָבן זיך אויפגעהויבן און זײַנע אויגן האָבן זיך אײַנגעגעסן, אײַנגעזויגן אינעם תּלמיד, און זײַן גראָבער פינגער האָט מיט אַ קוועטש, ווי דאָס שטעקעלע פונעם דיריזשאָר(2), אונטערגעזאָגט דעם תּלמיד די אויסגעשטעלטע ווערטער.

און דער תּלמיד, דער בר־מצווה, הייסט עס, איז תּחילת(3) שיִער נישט אומגעפאַלן פאַר שרעק, געפילט אַ מאָדנע טרוקנקייט אין מויל און אַ שווינדל(4) אין די אויגן. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער גייט אויף אײַז. אָט־אָט צעשפּאַלט זיך דאָס אײַז און טראַך־טראַך — ער טוט אַ פאַל מיטן גאַנצן עולם. נאָר וואָס ווײַטער־ווײַטער, איז ער, אונטער דעם רבינס קוועטש מיטן גראָבן פינגער, געוואָרן בײַ זיך שטאַרקער און שטאַרקער און ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען, ווי אויף אַן אײַזערנעם בריק, און ער האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט אין אַלע אבֿרים(5), און עס איז אַוועק בײַ אים, ווי אַ מזמור(6).

ג

האַלטנדיק אין מיטן דער אַרבעט און דרייענדיק מיטן גראָבן פינגער נאָכן רבינס גראָבן פינגער, האָט דער בר־מצווה פון דעסטוועגן גוט גע־קוקט אויפן עולם, געזען דעם אויסדרוק פון אַלע פּנימער, נישט דורכגע־לאָזט קיינעם, — אַלעמען און אַלץ האָט דער בר־מצווה באַמערקט. און אַלע פּנימער האָבן אויסגעזען יום־טובֿדיק. נאָר יום־טובֿדיקער פון אַלעמען

---

1. געווענטענע — de paño.
2. דיריזשאָר — אָנפירער פון אַן אָרקעסטער.
3. תּחילת (טכילעס) — צום אָנ־הייב.
4. שווינדל — mareo.
5. אבֿרים (אייווערים) — גלידער, טיילן פון קערפּער.
6. ווי אַ מזמור (מיזמער) — זייער גוט, אָן אָפּשטעל.

איז געווען דעם פֿעטער פיניעס פּנים. געזעסן גאַנץ אויבן אָן, לעבן בר־מצווהס פֿאָטער, אין זײַן שבתדיקער זײַדענער קאַפּאָטע מיט אַ ברייטן גאַרטל, מיט אַ בלוי סאַמעטן היטל אויפֿן קאָפּ, — האָט דער פֿעטער פיניע געקוקט אויפֿן בר־מצווה פֿון אונטן אַרויף, געשמייכלט זיך אין באָרד אַרײַן, ווי איינער רעדט: „מילא, קענען קען ער, דער שייגעץ(1) — דאָס זעט מען... נאָר צי דאַוונט ער אַלע טאָג? צי טראָגט ער נישט אום שבת? — דאָס איז בײַ מיר אַ גרויסער ספֿק(2)!"...

דערפֿאַר איז אָבער דער פֿאָטער פֿונעם בר־מצווה געווען — אים נישט אין פּנים אַרײַנצוקוקן. עס איז געווען צו זען, אַז קיין מער גליקלעכער מענטש פֿאַר אים איז אויף דער וועלט נישטאָ. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַרויף. די ליפּן האָבן זיך אים גערירט, נאָכגעגאַנגען טריט בײַ טריט דעם זון; געקוקט אויפֿן עולם, אויפֿן ברודער פיניע, אויפֿן רבין רודערמאַן, אויפֿן בר־מצווה אַליין און אויף דער מאַמען פֿון בר־מצווה.

און די מאַמע, די קליינינקע היה־אסתר, איז געשטאַנען גאָר אומ־באַמערקט, מיט דרך־ארץ, בײַ דער זײַט, צווישן די איבעריקע ווײַבער, אין דער שבתדיקער זײַדענער פֿאַטשיילע(3), אַ פֿאַרגאַפּטע(4), שטילערהייט, זיפֿצנדיק זיך אויסגעקנאַקט אַלע פֿינגער, און צוויי בלישטשענדיקע(5) טרערן, ווי צוויי בריליאַנטן, האָבן זיך געקײַקלט און אָפּגעשײַנט קעגן דער זון אויף איר גליקלעך, יונג, ווײַס, נאָר שוין געקנייטשט(6) פּנים.

וואָס זײַנען דאָס געווען פֿאַר אַ טרערן? טרערן פֿון פֿרייד? פֿון תּענוג?, פֿון גדלות(7)? פֿון דער שלעכטער צײַט? אָדער אפֿשר האָט אַ מאַמעס האַרץ אײַנגערוימט איר אַ סוד אויפֿן אויער, אַז אָט דער בר־מצווה־בחורל, וואָס קלינגט איצט אַזוי שיין, וועט אין גיכן, גאָר אין גיכן, זאָגן קדיש נאָך איר נשמה?

ווער ווייסט, וואָס אַ מאַמע קען זיינען?...

---

1. שייגעץ — דאָ געמיינט אין שפּאַס: אַ שטיפֿער.
2. ספֿק (סאָפֿעק) — צווייפֿל, אומזיכערקייט.
3. פֿאַטשיילע — קאָפּטיכל.
4. פֿאַרגאַפּט — שטאַרק פֿאַרוווּנדערט.
5. בלישטשענדיקע — גלאַנצנדיקע.
6. געקנייטשט — arrugado.
7. גדלות (גאַדלעס) — שטאָלץ.



# אַבֿרהם רייזען — די צוויי ברידערלעך

### א

יאַנקעלע און בערעלע — ברידערלעך, דער ערשטער פֿערצן יאָר אַלט, דער צווייטער זעכצן — לערנען אין דער ישיבֿה, וואָס געפֿינט זיך אין דער גרויסער שטאָט, פֿינף מײַל פֿון זייער געבורט־שטעטל „דלותאָווקע(1)".

יאַנקעלע איז אַ דאַרינקער, אַ בלייכינקער, מיט צוויי שוואַרצע אייגעלעך, וואָס קוקן קלוג אַרויס פֿון אונטער די שוואַרצע ברעמען. בערעלע איז העכער און פֿולער פֿון יאַנקעלען, אויגן האָט ער העלערע, און זײַן קוק איז שטרענגער און פֿאַרטראַכט.

די צוויי ברידערלעך האָבן געהאַט סטאַנציע(2) בײַ אַן אָרעמער קרובֿה זייערער, אַן אַלמנה, אַ הענדלערין, וואָס האָט ביז שפּעט אין דער נאַכט אין שטיבל זיך ניט געפֿונען. קיין בעט האָבן די צוויי ברידערלעך ניט געהאַט. דער קופֿערט(3) האָט זיי געדינט פֿאַר אַ בעט, און די ברידערלעך פֿלעגן ביידע געשמאַק שלאָפֿן אויף אים, אײַנדעקנדיק זיך מיט זייערע לאַנגע צעריסענע בגדימלעך.

זיי פֿלעגן זען אין חלום זייער שטעטעלע, זייער געסל, דאָס שטיבעלע; דעם טאַטן מיט דער לאַנגער באָרד, מיטן געבויגענעם רוקן; די מאַמע מיטן לאַנגן, בלייכן, אומעטיקן פּנים; זיי פֿלעגן הערן, ווי די קלענערע ברידערלעך און שוועסטערלעך קריגן זיך איבער אַ שטיקל הערינג... און נאָך חלומות פֿון דער היים פֿלעגן זיך זיי חלומען. און אין דער פֿרי פֿלעגן זיי בענקען, און עס פֿלעגט זיי ציִען, ציִען אַהיים, און דעמאָלט פֿלעגן זיי לויפֿן אויף דער דלותאָווקער אַכסניא(4) פֿרעגן די באַלעגאָלעס אַ גרוס צי אַ בריוועלע פֿון דער היים...

און די דלותאָווקער באַלעגאָלעס זײַנען געווען גוטע ייִדן, האָבן געהאַט ווייכע הערצער און זיי וואָלטן אַוודאי רחמנות געהאַט אויף די

---

1. דלותאָווקע — פֿון „דלות" (דאַלעס) — אָרעמקייט.
2. סטאַנציע — דאָ: וווינונג.
3. קופֿערט — אַ קאַסטן, ווו מע פֿלעגט אַ מאָל האַלטן קליידער, וועש א"א.
4. אַכסניא (אַכסאַניע) — גאַסט־הויז.

צוויי אָרעמע יינגלעך, וואָס גאַרן(5) אַזוי צו הערן עפּעס פֿון דער היים, וואָס זייערע אייגעלעך ברענען און זייערע הערצעלעך קלאַפּן אַזוי שטאַרק, אַזוי שטאַרק... זײַנען אָבער די באַלעגאָלעס געווען שטאַרק פֿאַרשמאַיעט(6). קומען פֿלעגן זיי אַהער מיט טויזנטער שליחותן(7) פֿון דלותאָווקער קרעמער און סוחרים; און בריוו האָבן זיי געהאַט מער פֿון דער פּאָסט, און אָרדענונג איז בײַ זיי געווען אַ סך ווייניקער, ווי אויף דער פּאָסט; בריוו פֿלעגן בײַ זיי פֿאַרלעגן ווערן, פּאָסילקעס(8) פֿלעגן בײַ זיי פֿאַרפֿאַלן ווערן, און צעטומלטע פֿלעגן זיי יעדן ענטפֿערן:

— אָט באַלד, אָט געפֿין איך... ניין... דאַכט זיך, פֿאַר אײַך האָב איך גאָרנישט...

אַזוי פֿלעגן זיי ענטפֿערן גרויסע ייִדן, וואָס פֿלעגן קומען צו זיי זיך נאָכפֿרעגן. די ברידערלעך אָבער פֿלעגן שטיין און שטיין, קוקן מיט דאַרשטיקע אויגן און מיט צעקלעמטע(9) הערצער אויף לייזער באַלעגאָלע — טאָמער וועט ער זיי באַמערקן און זאָגן עפּעס, כאָטש אַ וואָרט... נאָר לייזער־איז געווען פֿאַרהאַוועט(10): דאָ האָט ער אויפֿן הויף דעם פֿערד עסן געגעבן; דאָ פֿלעגט ער אַרײַנלויפֿן אינעווייניק אין אַכסניא; דאָ פֿלעגט ער זיך צערעדן מיט אַ פּריקאַשטשיק(11) פֿון אַ גרויסן מאַגאַזין, וואָס האָט אים אַ רשימה מיט סחורה געבראַכט אָפּצופֿירן קיין דלותאָווקע פֿאַר אַ קרעמער... און די ברידערלעך פֿלעגן אַלץ שטיין... ביז דעם על־טערן ברודערל, בערלען, פֿלעגט דאָס געדולד פּלאַצן, און שיִער ניט וויינענדיק פֿון פֿאַרדרוס(12), פֿלעגט ער קוים אַרויסרעדן:

— איר האָט, רב לייזער, אַ בריוועלע פֿון טאַטן?

נאָר לייזער פֿלעגט אָדער פּלוצעם ניט ווערן, אַנטלויפֿן אין גאַס אַרײַן מיט וועמען־ס׳איז, אָדער זײַן פֿאַרטראָגן אין שמועס, און בערעלע פֿלעגט זיך קוים דערוואַרטן אויף עפּעס אַן ענטפֿער. ווען לייזער פֿלעגט, ניט קוקנדיק בערעלען אין פּנים אַרײַן, קאַלט אַרויסזאָגן:

— ניטאָ... ניטאָ...

— ניטאָ! — פֿלעגט בערעלע אַרויסקרעכצן און, אַ צעקלעמטער, אַוועקרופֿן יאַנקעלען, און זיי פֿלעגן זיך לאָזן גיין אויף זייערע „טעג״(13), אומעטיקע, דערשלאָגענע...

---

5. גאַרן — שטאַרק וועלן.
6. פֿאַרשמאַיעט — שטאַרק פֿאַרנומען.
7. שליחות — מיסיע.
8. פּאָסילקע — אַ פּעקל, וואָס מע שיקט.
9. צעקלעמטע — וואָס טוען וויי.
10. פֿאַרהאַוועט — שטאַרק פֿאַרטאָן.
11. פּריקאַשטשיק — פֿאַרקויפֿער.
12. פֿאַרדרוס — pena.
13. טעג — דאָ: די ערטער, וווּ זיי פֿלעגן קריגן צו עסן.

— ער מוז אַוודאַי פֿאַרלירן די בריוו, — פֿלעגט יאַנקעלע אין אַ מי־
נוט אַרום אַרויסרעדן.
— אַ שלעכטער ייִד! — פֿלעגט בערעלע ברומען פֿאַרדריסלעך.

ב

נאָר איין מאָל האָט זיי לייזער דאָך איבערגעגעבן אַ בריוועלע פֿון
דער היים און אַ קליינע פּאַסילקע. אין בריוועלע איז געשטאַנען:

„ליבע קינדער, זייַט מענטשן און ווילט לערנען. מיר שיקן אייַך דאָ
אַ האַלבן קעז און אַ פֿערטל פֿונט צוקער, און אין גלעזל אַ ביסל יאַגדעס־
סאַק(1). עסט געזונטערהייט און קריגט זיך ניט.
ממני אַביכם חיים העכט".

דעמאָלט איז בייַ זיי אין די אויגן לייזער געווען דער בעסטער מענטש
אין דער וועלט. וואָלטן זיי זיך ניט געשעמט, וואָלטן זיי אים, מיט זייַן
פֿערד־און־וואָגן, פֿאַר ליבשאַפֿט אויסגעקושט... זיי האָבן גלייַך אָנגע־
שריבן ענטפֿער אַ בריוול און האָבן עס אויף דער נאַכט אָפּגעטראָגן צו
לייזער באַלעגאָלע. לייזער האָט עס קאַלט צוגענומען, אַרייַנגערוקט אין
בוזעם און עפּעס אַרויסגעברומט(2) אַ וואָרט, ענלעך צו „גוט".
— וואָס האָט ער געזאָגט, בערל? — האָט יאַנקעלע מיט האַרצקלאַ־
פּעניש געפֿרעגט.
— „גוט", דאַכט זיך, — האָט בערל מיט ספֿקות(3) געענטפֿערט.
— מיר האָט זיך אויך געדאַכט, אַז ער האָט געזאָגט „גוט". — האָט
יאַנקעלע זיך אַליין באַרויִקט. ער האָט אַ זיפֿץ געטאָן און צוגעגעבן מיט
שרעק: — ער קאָן נאָך דעם בריוו אָנווערן(4).
— בייַס זיך בעסער אָפּ די צונג! — איז בערעלע אין כּעס געוואָרן.
און פֿאַרקלעמטע וועגן גורל פֿון זייער בריוו אַהיים, האָבן זיי זיך
געלאָזט גיין אויף זייערע „טעג", וואָס זיי האָבן געהאַט אין באַזונדערע
גאַסן

ג

אַזוי זייַנען די צוויי ברידערלעך דרייַ מאָל אין וואָך, ווען לייזער באַ־
לעגאָלע קומט צו פֿאָרן אַהער, ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפֿן אויף דער
דלותאָווקער אַכסניא צו פֿרעגן אָן ענטפֿער אויף זייער בריוועלע. און
לייזער באַלעגאָלע איז וואָס אַ מאָל מער פֿאַרהאַוועט, בייזער און ענטפֿערט

---

1. יאַגדעס־סאַק — jugo de bayas.
2. אַרויסגעברומט — gruño.
3. ספֿקות (ספֿייקעס) — אומזיכער־קייט.
4. אָנווערן — פֿאַרלירן.

זיי אָדער האַלבע ווערטער, וואָס די צוויי ברידערלעך באַנעמען עס ניט און וואָלטן וועלן איבערפֿרעגן, ווען זיי וואָלטן ניט מורא געהאַט, אָדער ער ענטפֿערט זיי גאָרניט, און זיי גייען אַוועק מיט צעקלעמטע הערצער.

איין מאָל האָבן זיי דערהערט פֿון לייזערן גאַנצע ווערטער, וואָס זיי האָבן גוט פֿאַרשטאַנען:

— וואָס האָט איר זיך, קונדייסים(1), צוגעטשעפּעט? וואָס דולט איר מיר אַ קאָפּ: בריוול, שמיוול!... איר צאָלט מיר אַ סך?... איך בין אַ־יערער אַ פּאָסטאַליאָן(2), וואָס?... גייט אײַך געזונטערהייט!...

די ברידערלעך זײַנען טאַקע אַוועקגעגאַנגען, אָבער ניט געזונטערהייט, ווי ער האָט זיי געהייסן. די הערצעלעך האָבן זיי מאָדנע געדריקט, שטאַרק וויי געטאָן. די יונגע דינע פּיס האָבן זיך געבויגן, און טראָפּנס טרערן האָבן זיך זיי אין די אויגן געשטעלט, אַראָפּגערונען אויף דער ערד און צע־טראָטן געוואָרן פֿון מענטשלעכע טריט....

און מער זײַנען זיי שוין ניט געגאַנגען צום באַלעגאָלע פֿרעגן אויף אַ בריוו, כאָטש זיי האָט געצויגן זען לייזער דעם באַלעגאָלע, זײַן פֿערד און וואָגן...

ד

איין מאָל, אין אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם ווי דער באַלעגאָלע האָט זיי אַזוי פֿאַריאָגט, זײַנען די צוויי ברידערלעך געזעסן בײַ זייער אָרעמער קרובֿה אין שטיבל און האָבן גערעדט וועגן דער היים. דאָס איז געווען אַ זומערדיקער טאָג, פֿרײַטיק.

— וואָס קען איצטער טאָן דער טאַטע? — האָט יאַנקעלע אַ זאָג געטאָן, אַרויסקוקנדיק דורך די שײַבעלעך פֿון די קליינע פֿענצטערלעך.

— ער שנײַדט אַוודאי די נעגל, און די מאַמע מוז איצטער קעמען כיענעלען, — האָט יאַנקעלע זיך פֿאַרגעשטעלט, — און כיענעלע מוז אַוודאי וויינען...

— גענוג צו רעדן נאַרישקייטן. — האָט בערעלע אים אָפּגעשטעלט.

— וואָס קען מען וויסן אונטער די אויגן, וואָס דאָרטן טוט זיך? און אפֿשר איז עמעצער גאָר געשטאָרבן! — האָט ער צום סוף גענומען שרעקן יאַנקעלען.

— גיי, גיי, משוגענער! — האָט יאַנקעלע אַ דערשראָקענער איבער־געשלאָגן. — אַז מע שטאַרבט, זאָגט מען דאָך אָן...

—אפֿשר האָט מען אָנגעזאָגט, און דער באַלעגאָלע גיט אונדז ניט איבער...

---

1. קונדייסים — שטיפֿערס. 2. פּאָסטאַליאָן — בריווטרעגער.

—אײַ, גענוג צו פּלוידערן(1)! — האָט שוין יאַנקעלע זיך צעבייזערט אויף אַן אמת.

— שאַ, נאַרעלע, איך לאַך דאָס! — האָט בערעלע אים באַרויִקט. — אַלע לעבן...

יאַנקעלע איז פּריילעכער געוואָרן. פּלוצלינג האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אין דער הייך און מיט לוסטיקע(2) אייגעלעך אויסגעשריִען:

— בערל! פּאָלג מיך, לאָמיר גאָר שיקן אַהיים אַ בריוול דורך פּאָסט!

— ביסט גערעכט, — האָט בערל אײַנגעשטימט, — ווּ זשע נעמט מען געלט?

— איך האָב אַ פּירערל(3), מיר איז געבליבן פֿון נעכטיקן צענערל. אויף מײַן „דאָנערשטיק" גיט מען דאָך מיר אַ צענערל אויף וועטשערע(4), איז מיר אַ פּירערל געבליבן.

— און איך האָב אויך אַ קאָפּיקע, — האָט בערל געזאָגט פּריילעך, — אַקוראַט אויף אַ קאַרטל.

— ווער וועט אָבער שרײַבן? — האָט יאַנקל געפֿרעגט.

— איך, — האָט בערל געענטפֿערט, — איך בין דאָך עלטער, איך בין דער בכור(5)...

— איך גיב דאָך אָבער אַ פּירער!

—אַ בכור איז מער ווערט, ווי אַ פּירער.

— נײן, איך וועל שרײַבן אַ האַלבס, און דו אַ האַלבס, האַ?

— זאָל זײַן אַזוי. קום קויפֿן אַ קאַרטל!

און די צוויי ברידערלעך זײַנען אַוועקגעלאָפֿן אויף פּאָסט קויפֿן אַ קאַרטל.

— דאָ וועט זיך גאָרנישט אויסשטעלן! — איז יאַנקעלע ניט געווען צופֿרידן, באַטראַכטנדיק דאָס קליינע קאַרטל, צוריקגייענדיק אַהיים.

— מיר וועלן שרײַבן קליינע אותיותלעך, — האָט בערל אַן עצה געגעבן.

— וועט דער טאַטע ניט קענען איבערלייענען...

— נישקשה, ער וועט אָנטאָן די ברילן...

— נו, קום גיכער! — האָט יאַנקעלע געטריבן.

זײַן הערצל איז שוין פֿול געווען מיט ווערטער, און ער האָט זיי געוואָלט וואָס גיכער אויסגיסן אויפֿן שטיקעלע פּאַפּיר, פֿאַר וועלכן ער האָט זײַן גאַנצן פֿאַרמעגן(6) אַוועקגעגעבן...

---

1. פּלוידערן — רעדן נאַרישקייטן.
2. לוסטיקע — פּריילעכע.
3. פּירער — צוויי קאָפּיקעס (קליי־ נע רוסישע מטבע).
4. וועטשערע — אָוונטברויט.
5. בכור (בכאָר) — עלטסטער זון.
6. פֿאַרמעגן — רײַכטום.

בערל האָט גענומען שרײַבן דער ערשטער. יאַנקעלע איז געשטאַנען און געקוקט.

— הייב אָן העכער, דאָ קען מען נאָך שרײַבן אַ שורה!... וואָס האָסטו אַזוי ווײַט אַוועקגעשטעלט דעם „לאהובֿי אָבֿי(1)"? — האָט יאַנקעלע געשריִען.

— ווּ זאָל איך אים שטעלן? אויפֿן הימל, וואָס? — האָט בערעלע גערעדט און געטריבן פֿון זיך יאַנקעלען. — גיי אַוועק! איך וועל דיר לאָזן אַ האַלבס. טומל מיר ניט...

—שאַ־שאַ! — איז יאַנקעלע אָפּגעטראָטן און געקוקט פֿון דער ווײַטן מיט דאָרשטיקע אייגעלעך, ווי בערעלע זיצט פֿאַרטיפֿט און שרײַבט, שרײַבט, קנייטשט דאָס שטערנדל און טונקט די פּען און פֿאַרטראַכט זיך — און שרײַבט ווײַטער.

1. לאהובֿי אָבֿי — צו מײַן ליבן פֿאָטער.



„... יאַנקעלע האָט געקוקט מיט דאָרשטיקע אייגעלעך, ווי בערעלע שרײַבט"...

— גענוג שוין! — האָט יאַנקעלע אין עטלעכע מינוט אַרום אַ געשריי געגעבן.

— עס איז דאָך נאָך ניט קיין העלפֿט, — האָט בערעלע געענטפֿערט. שרײַבנדיק.

— מיר קומט מער ווי אַ העלפֿט! — האָט יאַנקעלע שוין בייז גע־שריִען. דער חשק צום שרײַבן, אויסגיסן דאָס האַרץ פֿאַר די היימישע, האָט אים שוין אין גאַנצן דורכגענומען.

נאָר בערעלע האָט שוין ניט געהערט. ער האָט זיך צום אָנהייב שטאַרק אַרײַנגעלאָזט אין מליצות(2), ווי „ראשית באתי להודיעך שאני בריא וקים"(3); ער דאַרף נאָך פֿאַרמסרן(4) לייזער דעם באַלעגאַלע; ער דאַרף נאָך שרײַבן, וויפֿל בלאַט גמרא ער האָט אָפּגעלערנט; ער דאַרף נאָך געבן אָנצוהערעניש, אַז מע זאָל זיי שיקן עפּעס אַ פּאָסילקעלע, ווײַל עס פֿעלט זיי צום מאָנטיק און צום מיטוואָך, און דער דינסטיק איז אויך ווי גאַרנישט.

און בערעלע שרײַבט און שרײַבט, און יאַנקעלע קען זיך שוין ניט אײַנהאַלטן — ער זעט, ווי בערעלע פֿאַרנעמט מער ווי אַ האַלבס.

— גענוג! — איז ער צוגעלאָפֿן מיט אַ געשריי און אָנגעכאַפּט דאָס הענטל פֿון פֿעדער.

— נאָך דרײַ ווערטער! — האָט זיך בערעלע געבעטן.

— אָבער געדענק זשע: מער ניט! — האָט יאַנקעלע געשריִען, און די אייגעלעך האָבן אים געפֿלאַקערט...

און בערעלע האָט זיך גענומען שרײַבן די דרײַ ווערטער. נאָר דער געדאַנק, וואָס ער האָט געוואָלט אויסדריקן, האָט געפֿאָדערט נאָך אַ צענ־פֿופֿצן ווערטער, . און בערעלע, אַ באַגײַסטערטער פֿון שרײַבן, האָט געפּיקט(5) אויפֿן פּאַפּיר און פֿאַרנומען נאָך אַ שטיק פֿון דער אַנדערער העלפֿט קאַרטל.

— דו הערסט אויף?! — האָט יאַנקעלע אויסגעשריִען און זיך צעוויינט, באַטראַכטנדיק דאָס קליינע שטיקעלע, וואָס איז פֿאַר אים געבליבן...

— שאַ, נאָר „ממני בנך"(6)... — האָט זיך בערל געבעטן. — מער ניט...

נאָר יאַנקעלע דערמאָנט זיך, אַז ער האָט געגעבן אַ גאַנצן פֿירערל, און בערלס וועט מען אין דער היים לייענען אַזוי פֿיל. איז ער אַזוי צע־קאָכט געוואָרן, אַז ער האָט גענומען מיט ווילדקייט רײַסן פֿון אונטער בערלס האַנט דאָס קאַרטל.

2. מליצות (מעליצעס) — שיינע פֿראַזעס.

3. „ערשטנס, גיב איך דיר צו וויסן, אז איך בין געזונט".

4. מסרן (מאָסערן) — denunciar.

5. פּיקן — picotear.

6. „פֿון מיר דײַן זון".

— עס וועט זײַן רעכט(7) אָן „ממני בנך"! — האָט יאַנקעלע געשריִען, כאָטש ער האָט געפֿילט, אַז „ממני בנך" מוז זײַן. אָבער דער כּעס האָט אין אים גענומען קאָכן, און ער האָט גענומען שלעפּן מיט געוואַלט דאָס קאָרטל. בערעלע האָט עס פֿעסט צוגעדריקט. יאַנקעלע האָט אַזאַ שטאַרקן שלעפּ געטאָן, אַז דאָס קאָרטל האָט זיך אויף צווייען צעריסן.

— וואָס האָסטו געטאָן?! -- האָט בערעלע ווילד אויסגעשטעלט זײַנע אויגן אויף יאַנקעלען.

— איך האָב געוואָלט אַזוי! — האָט יאַנקעלע געזאָגט דורך פֿאַרשטיקטע(8) טרערן.

— וואָס האָסטו געטאָן, גזלן?! — האָט בערעלע נאָך אַ מאָל געפֿרעגט, קוקנדיק מיט פֿאַרצווייפֿלטע(9) בליקן אויף די צוויי האַלבע שטיקער פֿון דעם פּאָסטקאַרטל.

נאָר יאַנקעלע האָט ניט געקאָנט ענטפֿערן, די טרערן האָבן אים געוואָרגן. דאָ האָט שוין בערעלע אויך ניט געקאָנט אויסהאַלטן, און דאָס קליינע שטיבל איז פֿול געוואָרן מיט יאָמער(10)...

## אַבֿרהם רייזען — אַ תּפֿילה

קליינע, בלאַסע קינדער
אין די גרויסע היצן
זאָלסטו, גאָט, פֿון קראַנקהײַט
און פֿון בייז באַשיצן.

קליינע, בלאַסע קינדער
מיט די ליבע אויגן —
זאָל זיי וווּיל באַקומען
מוטערס מילך, וואָס זויגן.

אויב די מוטער אַרבעט
ערגעץ־ווו פֿאַרטרויערט,
זאָל די מילך אין פֿלעשל
ווערן נישט פֿאַרזויערט.

און פֿאַר אַלע קינדער
וואָס אין דרויסן שפּילן,
פֿון די פֿעלדער שיקן
זאָלסט אַ ווינט אַ קילן.

פֿון די ווײַטסטע פֿעלדער
זאָל די היילונג קומען;
גאָט, באַשיץ די קינדער,
פֿון דער וועלט די בלומען!

---

7. רעכט — דאָ: גוט.
8. פֿאַרשטיקט — ahogado.
8. פֿאַרצווייפֿלטע — רעזיגנירטע.
9. יאָמער — שטאַרק געוויין.

יוסף אָפּאַטאָשו

# סעמקע

## א

זונטיק נאָך מיטאָג איז סעם אַוועק מיט די יִינגלעך אין וואַן־דײַק־וועלדל.

אין וועלדל זײַנען געווען גרויסע, צעשפּאָלטענע פֿעלדזן(1). די פֿעלדזן זײַנען געלעגן איינער אויפֿן אַנדערן, ווי טרעפּ, און משופּעדיק(2) זיך גע־הויבן באַרג־אַרויף. אויפֿן סאַמע שפּיץ האָט זיך דער באַרג אָפּגעריסן, און אַ קליינע וואַנט, וואָס איז פֿון אַלטקייט געווען באַוואַקסן מיט מאָך(3), האָט פֿאַרנומען דאָס אויג.

די יִינגלעך האָבן זיך פֿאַרקליבן אויפֿן שפּיץ באַרג, אַרויסגעשלעפּט פֿון די קעשענעס „זיסע” קאַרטאָפֿל, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פֿון דער היים, צעלייגט אַ פֿײַערל און זיי געבראָטן.

סעם איז געזעסן אָן אַ זײַט. ער איז געווען אַן אָפּגעריסן, בלאַס יִינגל, מיט מאַטע(4) אויגן, מיט אַ פֿאַרבויגן נעזל, ווי בײַ אַ פֿויגל. סעם האָט זייער חשק געהאַט אַ שאַר צו טאָן אין פֿײַער און זען, צי די קאַר־טאָפֿל בראָטן זיך גוט. ער האָט זיך אָבער געשראָקן. ער האָט זיך ניט געוואָלט וואַרפֿן דער חבֿרה אין די אויגן און געווען צופֿרידן, וואָס מע האָט אין אים פֿאַרגעסן און מע לאָזט אים צו רו. תּמיד, ווען די יִינגלעך האָבן ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָבן זיי זיך געטשעפּעט צו סעמען, אָפּ־געלאַכט פֿון אים. זיי האָבן אים קיין מאָל ניט גערופֿן בײַ זײַן נאָמען, תּמיד אים געגעבן אַ צונאָמען. און סעם, אַ שוואַכער, האָט זיך זעלטן־ווען געוועריט(5).

און ניט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז די חבֿרה זײַנען צו ווײַט פֿאַר־קראָכן מיט זייערע שטיק. דעמאָלט האָט סעם מער זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן. ער האָט פֿאַרקוועטשט די פֿויסטן און מיט אַ געוויין זיך גע־

---

1. פֿעלדז — roca.
2. משופּעדיק — שטאַרק אײַנגע־בויגן.
3. מאָך — musgo.
4. מאַט — פֿאַרטונקלט.
5. זיך געוועריט — זיך פֿאַרטיידיקט.

וואָרפֿן אויף זייַן קעגנער. האָט יענער זיך צעלאַכט און פֿאַר קיין פֿאַל ניט געוואָלט „פֿײַטן זיך"(6) מיט סעמען, ווי עס וואָלט אים ניט אָנגעשטאַ־נען(7). דאָס האָט סעמען נאָך מער געקרענקט.

אין האַרצן האָט דאָס צוועלפֿיעריקע ייִנגל פֿײַנט געהאַט די גאַנצע וועלט. ער האָט געגלייבט, אַז אַלע האָבן זיך צונויפֿגערעדט אים צו מו־טשען(8). ער איז געווען זיכער, אַז פֿון די קלעפּ, וואָס די חבֿרים האָבן אים געגעבן, האָט ער געקריגן אַ „גראָבן קאָפּ", און דעריבער קומט אים אָן אין „סקול" יעדע זאַך שווער צו באַנעמען.

די קאַרטאָפֿל זײַנען פֿאַרטיק געוואָרן. די חבֿרה האָבן געוואָרפֿן די הייסע קאַרטאָפֿל פֿון איין באַק אויף דער צווייטער, געשפּרונגען איבער די פֿעלדזן, ווי די חיהלעך, זיך געשטעלט אויף די קעפּ. אַנדערע האָבן זיך אויסגעצויגן אויף די בײַכלעך, אַראָפּגעקוקט פֿון באַרג און זיך אויס־געפּרובירט, ווער עס קאָן ווײַטער שפּײַען.

ב

אַ ייִנגל האָט אָפּגעשטעלט עטלעכע חבֿרה־לײַט און זיי געוויזן אויף סעמען:

— זעט נאָר, ער גייט אין אַ פּאָר מיידלשע שיך מיט הויכע קנאַפֿל!

— ס'איז זייַן מאַמעס שיך! — האָט זיך אַ צווייטער צעלאַכט.

סעם האָט באַהאַלטן די פֿיס אונטער זיך. פֿון כּעס פֿאַרקוועטשט די פֿויסטן און גאָרניט געענטפֿערט.

די חבֿרה האָבן אים אַרומגערינגלט. איינער האָט אים אַ צופּ געטאָן פֿאַר אַן אויער, דער צווייטער האָט אים אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויגן, דער דריטער האָט אים אויסגעצויגן אויף דער ערד. דאָס ייִנגל, וואָס האָט אָנגעוויזן, אַז סעם גייט אין זײַן מאַמעס שיך, האָט אים אָנגע־כאַפּט פֿאַר אַ פֿוס. סעם האָט אַ ריס געטאָן דעם פֿוס, זיך צעבריקעט און אומגעוואָרפֿן דאָס ייִנגל. ביידע זײַנען אויפֿגעשפּרונגען, מיט פֿאַר־קוועטשטע פֿויסטלעך געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן, זיך פֿאַרמאָסטן, ווי הענער. די איבעריקע האָבן געמאַכט פּלאַץ, געוואַרט מיט גלאַנצנדיקע אויגן, איינער זאָל זיך וואַרפֿן אויפֿן צווייטן. איז פּונקט דעמאָלט אָנגעלאָפֿן אַ ייִנגל מיט אַ פֿרייד:

— העי, ייִנגלעך, ווילי קלײַבט זיך אַראָפּצושפּרינגען פֿון דער וואַנט!

די חבֿרה האָבן פֿאַרגעסן אין דעם „פֿײַט" און אַלע האָבן זיך אַ שאָט געטאָן צום שפּיץ באַרג. ווילי, דער פֿײַ־ער פֿון דער חבֿרה, איז אַרומגע־גאַנגען איבער דער וואַנט, געשטעלט ווייכע טריט, ווי אַ קאַץ, און וואוי־

6. פֿײַטן זיך — באָקסעווען זיך.

7. ניט אָנגעשטאַנען — ניט געפּאַסט.

8. מוטשען — מאַטערן, וויי טאָן.

לעריש(2) געשמייכלט צו די חבֿרים. ער האָט זיך עטלעכע מאָל פֿאַרמאָסטן, געוואָלט אַראָפּשפּרינגען, אַראָפּגעקוקט, געפּילט אַ שווינדל(3) אין די אויגן און געבליבן שטיין. ער איז אָפּגעלאָפֿן צוריק אַ שטיק וועג, זיך אָנגעשפּיגן אין די הענט, זיך געלאָזט לויפֿן, און אין שטאַרקסטן אימפּעט האָט ער זיך בײַם סאַמע ראַנד(4) אָפּגעשטעלט.

די חבֿרים האָבן אים געגעבן עצות: ווי צו שפּרינגען, ווי צו האַלטן די פֿיס, ווי צו בלײַבן שטיין אויף די שפּיץ פֿינגער.

ג

סעם איז געשטאַנען אַ ברוגזער, ער האָט זיך נאָך ניט געהאַט באַרואיקט, וואָס די חבֿרים האָבן אים באַליידיקט, און געפּילט, אַז איצט איז די צײַט זיי צו ווײַזן, אַז ער איז מער ריזיקאַנט(1) אַפֿילו פֿאַר ווילין. ער האָט געפּילט, ווי זײַן האַרץ קלאַפּט, אַלץ אין אים הייבט זיך. ער האָט געכאַפּט אַ קוק פֿון באַרג — עס איז אים אַפֿילו טונקל געוואָרן אין די אויגן — נאָר ער האָט זיך געמאַכט קוראַזש(2), איז אַרײַן צווישן די ייִנגלעך און אַ פֿאַרשעמטער אַ זאָג געטאָן:

— חבֿרה, איך שפּרינג אַרונטער!

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

אַ נידעריק ייִנגל מיט ברייטע פּלייצעס איז צוגעגאַנגען צו סעמען און אים אָנגענומען פֿאַרן אָרעם:

— חבֿרה, האָט ער אַ מוסקל! — האָט דאָס ייִנגל כּלומרשט(3) פֿון גרויס איבעררײַשונג אויפֿגעהויבן די האַנט צום קאָפּ. — האַרט, זאָג איך אײַך, ווי... צעריבענע קאַרטאָפֿל!...

— אַז דו ווילסט פֿאַלן, — האָט אַ צווייטער זיך געוויצלט(4), — קום אַרויף, וועל איך דיך אויפֿהייבן...

— ער וועט זיך גאָרניט טאָן! — האָט עמעצער אַרײַנגעוואָרפֿן.

— פֿאַר וואָס?

— ער גייט אין זײַן מאַמעס שיך — ס'איז מזלדיק!...

אַ ייִנגל איז צוגעגאַנגען צו סעמען און אים אַ וויש געטאָן מיט דער האַנט איבערן פּנים.

---

2. ווילעריש — מיט בראַוווּר.
3. שווינדל — mareo.
4. ראַנד — ברעג.

1. ריזיקאַנט — פֿון ריזיקירן, אײַנשטעלן זיך.

2. קוראַזש — מוט, דרייסטקייט.
3. כּלומרשט (קלאָמערשט) — אַזוי ווי.
4. זיך געוויצלט — געמאַכט שפּאַס, אָפּגעלאַכט.

אָבער דאָ האָט ווילי אָנגעכאַפּט דאָס ייִנגל און אים אַ שלײַדער געטאָן(5) אָן דער ערד. סעם איז געשטאַנען, ווי אין פֿיבער. די אויגן זײַנען בײַ אים געווען פֿאַרלאָפֿן, און ער האָט געפֿילט, אַז ער האָט שוין אַפֿילו ווילין, דעם שטאַרקסטן פֿון דער חבֿרה, אויף זײַן זײַט. ער האָט געוווּסט, אַז אויב ער ווײַזט ניט איצט, וואָס ער איז, איז אַלץ פֿאַרפֿאַלן, וועלן זיי אים דערגיין די יאָרן...

ער האָט געזען, ווי אַלע קוקן אויף אים. האָט זײַן צעהיצט מוחל(6) ווײַטער ניט געקענט ציִען דעם געדאַנק. ער איז אַרויף אויף דעם ראַנד פֿון באַרג. עס איז אויף אַ רגע שטיל געוואָרן. סעם האָט געפֿילט, ווי עפּעס רײַסט זיך אין אים אָפּ, געהערט הינטער זיך: „הוראַ פֿאַר סעמען, הוראַ!"(7) — האָט ער זיך אַ הייב געטאָן, געפֿלויגן אַרונטער און געזען, ווי קעגנאיבערדיקע ביימער און פֿעלדזן לויפֿן אים אין די אויגן אַרײַן, ווי פֿײַערדיקע רעדער.

---

5. שלײַדערן — שטאַרק וואַרפֿן.
6. מוח (מויעך) — קאָפּ, געדאַנק.
7. הוראַ — „זאָל לעבן!"



„... סעם האָט זיך אַ הייב געטאָן, געפֿלויגן אַרונטער"...

משה דלוזשנאָווסקי

# זילבער און האָלץ

## א

אין מעקסיקע געפֿינט זיך אַ שטעטל, וואָס ליגט צווישן בערג און טאָלן, פֿעלדזן(1) און וועלדער. דאָס שטעטל הייסט טאַסקאָ און איז באַרימט אויף ווײַט און ברייט מיט זײַנע שיינע אויסאַרבעטונגען פֿון זילבער: וואַזעס, קרוגן, לײַכטערס, טאַצן און אַלערליי צירונג(2). אַרום טאַסקאָ ליגן טיף אין דער ערד ריזיקע זילבער־גרובנס(3). מע גראָבט שוין דאָרטן דאָס זילבער הונדערטער יאָרן און עס שעפּט זיך ניט אויס.

פֿאַלסטו אַרײַן אין טאַסקאָ, איז ווי דו וואָלסט אַרײַן אין אַ פֿלייצנדיקן(4) טײַך מיט שפּיגלדיקן זילבער. אין יעדן הויז כּמעט איז דאָ אַ געשעפֿט פֿון זילבערוואַרג, און פֿון די פֿענצטער קוקן אַרויס זילבערנע כּלים — וואַזעס, טעלער, פֿיגורן פֿון פֿייגל און חיות פֿון לויטערן זילבער; אויף די טישן זײַנען אויסגעלייגט אוירינגלעך, פֿינגערלעך, קייטעלעך, שפּילקעס און בראָשקעס, אינדיאַנישע פֿיגורלעך.

הינטער יעדן געשעפֿט איז דאָ אַ פֿאַבריקל, וווּ דאָס רויע זילבער ווערט גערייניקט און צעלאָזן אין שמעלצאויוונס(5), און מענטשלעכע הענט שמידן אויס אַלערליי צירונג און קונסטווערק(6), וואָס ווערן פֿאַרקויפֿט אין דער גרויסער וועלט אַרײַן.

עס קומען אַהער טוריסטן פֿון אַלע לענדער. עס קומען אַהער אויך קינסטלערס(7), מאָלערס און שרײַבערס, וואָס זוכן דאָ די איינזאַמקייט(8), און די שיינקייט פֿון דער נאַטור גיט זיי פֿרייד צו שאַפֿן.

די ערד פֿון טאַסקאָ האָט טאַקע אין זיך אוצרות מיט זילבער, אָבער ניט אַלע מענטשן דאָ זײַנען רײַך. אויף די שמאָלע, ענגע און אויסגע־

---

1. פֿעלדזן — rocas.
2. צירונג — פֿינגערלעך, אוירינגלעך און אַנדערע.
3. גרובן — mina.
4. פֿלייצנדיק — וואָס גיסט זיך.
5. שמעלצאויוון — alto horno.
6. קונסטווערק — שאַפֿונגען פֿון קונסט obras de arte.
7. קינסטלער — אַרטיסט (מאָלער, שרײַבער א״אַ).
8. איינזאַמקייט — דאָס זײַן אַליין.

קרימטע געסלעך, מיט וועלכע עס באַגײַסטערן זיך(9) אַזוי די טוריסטן, זעט מען אַ סך אָרעמע מעקסיקאַנער, באָרוועסע, מיט גרויסע, ברייטע שטרוי-קאַפּעלושן; פֿאַרהאָרעוועטע פּרויען מיט צעקנייטשטע(10) פּנימער פֿון זון און שטורעמס; אויף די פּלייצעס טראָגן אַ סך פֿון זיי, אײַנגעוויקלט אין אַ טוך, אַ קינד אָדער צוויי; מענער דאַרע, מיט לענגלעכע פּנימער, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך פּשוטקייט און גוטסקייט — טייל אַרבעטן אויף זייערע פֿעלדער, טייל אין די זילבער-גרובנס און פֿאַרדינען קוים אויף מאַים-פּלעצלעך צום עסן. און קינדער אַרבעטן אויך צו פֿאַרדינען.

ב

בײַ אַ שטיינערנעם הויז, ווו עס איז געווען אַ גרויסער האָל, פֿול מיט צירונג און זילבערשטיקער, זײַנען געשטאַנען אַ מיידעלע און אַ ייִנגעלע. דאָס מיידעלע האָט פֿאַרקויפֿט געבראָטענע קאַשטאַנעס, און דאָס ייִנגל האָט געהאַט צו פֿאַרקויפֿן עטלעכע קליינע אינדיִאַנישע פֿיגורלעך פֿון האָלץ. איך בין שוין געשטאַנען אַ צייט פֿאַר דעם געשעפֿט, און די אויגן האָבן מיר גענומען שווינדלען(1) פֿון דעם טײַך זילבער, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט(2) פֿון די טויזנטער וואַזעס און צירונג-שטיקלעך. איך האָב באַשלאָסן בעסער צו קויפֿן עפּעס בײַ דעם ייִנגל.

— ווי הייסטו? — האָב איך אים געפֿרעגט.

זײַנע שוואַרצע אייגלעך האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט פֿרייד. ער האָט געגעבן אַ זינג אויס זײַן נאָמען:

— פּעדראָ! — און צוגעגעבן מיט אַ זינגעוודיקן קול: — און דאָס איז מײַן שוועסטער מאַריִאַ. קויף מײַנע געשניצטע(3) פֿיגורלעך — איך האָב זיי אַליין געמאַכט. זיי זײַנען שענער פֿון דעם זילבער און ביליקער. מײַן שוועסטערס קאַשטאַנעס זײַנען גוט צום עסן — קויף, קויף!

ער האָט געטראָגן צעריסענע הייזלעך, די פֿיס — באָרוועסע. דאָס מיידעלע איז אויך געווען באָרוועס. ביידע האָבן געשמייכלט צו מיר און געפּרוווט אַוודאי טרעפֿן, צי וועט זיי טאַקע דאָס מזל צושפּילן און דער פֿרעמדער זאָל ניט קויפֿן די זילבערשטיקער, נאָר דווקא בײַ זיי עטלעכע זאַכן פֿאַר אַ פּאָר פּעזעס.

— נאָר וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט בײַ אָט דעם געשעפֿט פֿון אַזוי פֿיל שיינע זאַכן? — האָב איך געפֿרעגט.

---

9. באַגײַסטערן זיך — קריגן ענטוזיאַזם.

10. צעקנייטשטע — arrugados.

1. שווינדלען — דאָ: קריגן קאָפּפֿאַרדרייעניש.

2. אַרויסגעשטראָמט — אַרויסגעגאָסן זיך.

3. געשניצטע — tallados.

— דאָ גייען אַ סך מענטשן, — האָט מיר מאַריאַ געענטפֿערט, — וועלן זיי קוקן אויף אונדזערע זאַכן און אפֿשר קויפֿן עפּעס בײַ אונדז.

—די עלטערן לאָזן אײַך דאָ שטיין, זיי שיקן אײַך ניט אין שול אַרײַן לערנען?

— דער טאַטע איז געשטאָרבן אין די זילבער־גרובנס, — האָבן בײדע אין איין אָטעם אויסגעזונגען. — די מאַמע איז קראַנק, און מיר מוזן פֿאַר־דינען הײַנט אויף פּלעצלעך צום עסן. אין שול וועלן מיר גיין מאָרגן.

איך האָב געקויפֿט בײַ פּעדראָן צוויי געשניצטע פֿיגורלעך און בײַ איר אַ ביסל קאַשטאַנעס. זיי האָבן באַהאַלטן דאָס געלט און מיט די אויגן גענומען זוכן אַנדערע קויפֿערס. דאָס ייִנגל האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע נאָך געשניצטע פֿיגורן און געשריִען מיט זײַן דין שטימעלע:

— קויפֿט בײַ מיר! עס איז שענער ווי דאָרטן, איך האָב דאָס מיט מײַנע אייגענע הענט געשניצט! זעט ווי שיין, שענער ווי זילבער, שענער!

איך בין אַרײַן אין געשעפֿט פֿון זילבער און איך האָב געפֿילט, ווי איך וואָלט געטראָטן צווישן שפּיגלען. אין יעדן שטיקעלע זילבער האָט מען



„... קויפֿט בײַ מיר, איך האָב דאָס אַליין געשניצט"...

געקענט זען דאָס אייגענע געשטאַלט(5). צענדליקער מענטשן, וואָס האָבן גערעדט צענדליקער שפּראַכן, האָבן געגישטערט(6) צווישן די זילבער־שטיקער, געקויפט, געדונגען זיך, באַטראַכט, באַוווּנדערט די פיינע, מייס־טער־אַרבעט פון די זילבערשמידן(7).

דאָס זילבער האָט מיך נישט געררייצט און איך האָב גאָרנישט געקויפט. אָבער ווען איך בין אין אַ ווײַלע אַרום אַרוים פון געשעפט, האָבן פּעדראָ און מאַריאַ געקוקט אויף מיר אומצופרידן און אַפילו בייז. עס הייסט — איך האָב זיי אָפּגענאַרט. איך האָב זיך געלאָזט פאַרפירן און געקויפט די זילבערזאַכן. איך האָב צו זיי געשמייכלט מיט באַווונדערונג פאַר זייער מוט אַוועקצושטעלן זיך מיט עטלעכע געשניצטע העלצלעך בייַ דעם מי־ליאָנען־געשעפט און „פירן אַ קאָנקורענץ"(8)... איך בין גרייט געווען צו קויפן נאָך עפּעס ביי פּעדראָן, האָב איך אויסגעשטרעקט נאָך עטלעכע פעזעס און פאַרלאַנגט אַ הילצערן פיגורל. ער האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיין שוועסטערל, און ביידע האָבן אָפּגעקערט די פּנימער פון מיר.

איך האָב געזען, אַז עס טוט זיי וויי. זיי מיינען, אַז איך האָב זיי אָפּ־גענאַרט, זייער אַרבעט געפעלט מיר נישט. איך האָב זיך פאַרשעמט און מער נישט צוגעשטאַנען צו זיי צו קויפן נאָך עפּעס. איך האָב געפילט, אַז זיי האָבן מיך באַזיגט, און די אָרעמע געשניצטע פיגורלעך זיינען אין דעם מאָמענט מיר טייערער געוואָרן, ווי די שווערע, טייערע צירונגען פון זילבער...

| מעקסיקע | יעקב גלאַנץ |
|---|---|

דיינע בערג און זוניקע טאָלן
האָבן געטלעכע מאָלער באַמאָלן
מיט ווונדערלעכע פאַרבן,
וואָס וואָלט געווען גענוג צו
זען און שטאַרבן — — —

נאָר איך בין געקומען לעבן
און טרינקען דיין שיינקייט,
נישט ווערנדיק מיד,
און עס באַזינגען
אין מיין יידישן ליד. — — —

אויף דיין זוניקן שוים —
אָט־דאָ איז מיין קינד שוין געבוירן
און דערפאַר איז מיין פרייד אַזוי גרויס...

5. געשטאַלט — פיגור.
6. געגישטערט — געזוכט.
7. זילבערשמיד — platero.
8. קאָנקורענץ — competencia.

| חבֿרים | יוסף אָפּאַטאָשו |
|---|---|

## א

דער קליינער דן, מיט די גרויסע טונקעלע אויגן, איז שוין געלעגן אַן אויסגעבאָדענער אין זײַן בעטל. ער האָט אַ רוף געטאָן די מוטער:

— לילי, לילי, ס׳שנייט!

— אָט קום איך, ייִנגעלע.

פֿון די קראַטאָן־פֿאָלס־רעזערוווּאַרן(1) האָט זיך אָפּגעריסן אַ קאַלטער ווינט און מיטגעבראַכט פֿון ערגעץ־ווו אַ דינעם, טרוקענעם שניי, וואָס איז געפֿאַלן אין די שויבן מיט אַ קלימפּער(2). דאָס ווינטערהויז, וווּ דנס טאַטע־מאַמע האָבן געוווינט, איז געשטאַנען אויף אַ באַרג. אַרום הויז — נאַקעטע קאַשטאַן־ביימער. באַרג־אַראָפּ, אין טאָל — אַ בלעכענער גאַראַזש, וווּ אין איין העלפֿט איז געשטאַנען אַן אויטאָמאָביל, און אין דער צווייטער — אַ קוילן־אייוועלע, אַ מאַשינקע צו שנײַדן גראָז. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ הילצערנע שטײַג(3), וווּ דן האָט געהאַלטן זײַנע דרײַ ווײַסע קראָלי־קעס(4). ער האָט די קראָליקעס יעדן טאָג געביטן ס׳וואַסער און געבראַכט דאָ מערן, דאָ אַ הייפּטל שאַלאַטן(5).

פֿיטערן די קראָליקעס איז דן געגאַנגען מיטן חבֿר זײַנעם, מיט לאָרדן. דאָס איז געווען אַ גרויסער, צעוואַקסענער סאַן־בערנאַרד־הונט. און אַז דער הונט האָט זיך אַ שטעל געטאָן אויף די הינטערשטע פֿיס, איז ער געווען צוויי מאָל אַזוי הויך, ווי דן.

די ליבע צווישן די חבֿרים איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער הונט, וואָס האָט נישט געטאָרט אַרײַנגיין אויף בײַ נאַכט אין דנס צימער, האָט זיך אַוועקגעלייגט אין דרויסן, פֿאַר דער פֿאַרמאַכטער טיר, און אַזוי אָפּ־געלעגן, ביז דן איז נישט אַרויס פֿון שלאָפֿצימער.

---

1. רעזערוווּאַרן — represas.
2. קלימפּער — קלאַפּערײַ.
3. שטײַג — jaula.
4. קראָליק — conejo.
5. שאַלאַטן — lechuga.

די מוטער האָט אַן עפֿן געטאָן די טיר. לאָרד האָט זיך אַ הייב געטאָן אויף די הינטערשטע פֿיס און אַרויסגעלאָזן אַ חבֿרשן ביל, וואָס האָט געהייסן: „אַ גוטע נאַכט, דן". דן האָט אַ הייב געטאָן די האַנט:

— אַ גוטע נאַכט, לאָרד.

די מוטער האָט זיך צוגעזעצט אויף דנס בעטל.

— מאַ, ווען איך פֿאַל אַרײַן אין אַ טיפֿן שניי, וואָלט מיך לאָרד געראַטעוועט?

— אַוודאי וואָלט ער דיך געראַטעוועט. לאָרד איז דאָך אַ סאַן-בער-נאַרד-הונט, און די הינט ראַטעווען באַרג-קלעטערער פֿון גרעסטער געפֿאַר.

ס'האָט זיך געהערט, ווי לאָרד דראַפּעט מיט די פֿאָדערשטע לאַפּעס אין דער פֿאַרמאַכטער טיר, ער וויל אַרײַן צום חבֿר.

דן, אַן איינגעטוליעטער, האָט פֿאַרמאַכט די אויגן. ער האָט געהערט, ווי די מוטער גייט אַרויס, פֿאַרמאַכט די טיר; געהערט, ווי לאָרד שפּרינגט אויף, לעקט דער מאַמעס הענט, ברומט פֿון פֿרייד, און די מוטער גלעט אים:

— לייג זיך, לאָרד, און היט דײַן חבֿר!

דנען איז גוט. די טרוקענע שנייעלעך פּײַקלען אין די שויבן, און אין צימער איז וואַרעם. דער הונט ליגט פֿון יענער זײַט טיר, היט דנען. אַ זי-סערקייט גייט אויף אין דנען. די אויגן קלעפּן זיך. ס'טראָגן זיך פֿאַרבײַ פֿאַרשנייטע פֿעלדער, ס'טראָגן זיך הינט, איינגעשפּאַנט אין אַ שליטן. דער ווינט פֿײַפֿט:

— או־או־ו — — —

ב

ווען דן האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, איז אין צימער נאָך געווען טונקל. דורך ביידע פֿענצטער האָט געבלענדט(6) דער שניי, וואָס איז געפֿאַלן ווי דורך אַ זיפּ. אין דער ווײַסקייט האָבן זיך געקײַקלט בלויע פּאַסן, ליליע-פּאַסן, געגלעט דנס פֿאַרשלאָפֿענע אויגן. ער האָט זיי ברייטער געעפֿנט, און די פֿרייד, וואָס איז אין אים אויפֿגעגאַנגען, האָט אים נישט געלאָזט אײַנ-ליגן אין בעט. אים האָט זיך שטאַרק געגלוסט אויפֿצוּוועקן די מוטער: „מאַ, זע נאָר, ווי ס'שנייט, און דו שלאָפֿסט?" ער האָט חשק געהאַט אויפֿ-צוּוועקן דאָס דינסטמיידל: „אַלין, זע נאָר ,ווי ס'שנייט, און דו שלאָפֿסט?"

דן האָט קיינעם נישט אויפֿגעוועקט. שטיל, גאָר שטיל האָט ער זיך געַנומען אָנטאָן. ער איז אַרײַן אין אַ פּאָר הויזן, האָט אויפֿגעזוכט זײַנע שניישיך, וואָס האָבן געגרייכט ביז איבער די קני. דערנאָך האָט ער אָנגע-טאָן ס'לעדערנע רעקל. ער האָט אָנגעטאָן אַ פֿוטערן היטל און האָט זיך אויף די שפּיץ-פֿינגער אַרײַנגעשאַרט אין קיך. ער האָט שטיל געעפֿנט דעם

---

6. בלענדן — שטאַרק שײַנען.

אײַזקאַסטן און אַרויסגענומען אַ בינטל מערן, אַ האַלב הייפּטל שאַלאַטן. דערנאָך האָט ער שטיל געעפֿנט די טיר, וואָס האָט געפֿירט אויף דער וועראַנדע. און אַז לאָרד האָט מיט פֿרייד זיך אַ שטעל געטאָן, האָט דן מיט ביידע הענט אים פֿאַרשטעלט דאָס מויל:

— שאַ, לאָרד, וועק נישט אויף די מאַמע.

ער האָט אַרײַנגעלייגט די מערן מיט די שאַלאָטן אינעם שליטעלע, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וועראַנדע, און מיטן שליטעלע אויף די הענט איז ער אַרויס אין דרויסן. דער הונט נאָך אים.

דער שניי איז דנען באַפֿאַלן פֿון אַלע זייטן, אַז ס׳האָט אים פֿאַרפֿעלט אָטעם. ער האָט גענומען טרײַבן מיט די הענט די שנייִיקע רעדער, וואָס זײַנען אָנגעלאָפֿן פֿון אויבן, פֿון אונטן. די טרוקענע קעלט האָט זיך פֿאַרקליבן דנען אין דער נאָז אַרײַן. ער האָט זיך צענאָסן איין מאָל און נאָך אַ מאָל, אויסגעווישט מיט די הענט די טרערן פֿון די אײַנגעלאָפֿענע אויגן און איז געבליבן שטיין, ווי אַן אָנגעפּעלצטער עסקימאָ. דעם שליטנשטריק האָט ער אַרײַנגעשטופּט דעם הונט אין פּיסק אַרײַן און געזאָגט:

— מיר גייען צו די קראָליקעס, לאָרד.

דן, אַן אָנגעפּעלצטער, האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיטן פֿאַרשנייטן וועגל, וואָס איז געלאָפֿן באַרג־אַראָפּ צום גאַראַזש. דער הונט איז אים פֿאַרבייגעלאָפֿן, האָט אים פֿאַרטשעפּעט מיטן שליטעלע. דן האָט זיך איבערגעדרייט אין שניי אַרײַן און איז געבליבן ליגן אויף די פּלייצעס. ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן, געקוקט אויפֿן יִינגל, וואָס ער האָט אויסגעפּרעסט אין שניי, און ער האָט זיך צעלאַכט, אים באַגריסט:

— האַי, דן!

דער שניי, אַ משוגענער, האָט געקערט וועלטן. ער האָט פֿאַרווישט דאָס וועגל, וואָס האָט געפֿירט צום גאַראַזש, פֿאַרשאָטן דנען די אויגן. ער האָט פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט, געאָטעמט שווער און געזוכט אַרום זיך דעם הונט!

— לאָרד, ווו ביסטו, לאָרד?

די שנייעלעך אין מויל האָבן זיך צעשמאָלצן פֿון דער אייגענער פֿאַרע. דן האָט זיך געשלעפּט מיט האַלב־פֿאַרמאַכטע אויגן, ווי אַ בלינדער. ער האָט געפֿילט, ווי דער שניי הייבט זיך שוין איבער זײַנע קני. אַ טראָט — אַ זינק(7), אַ טראָט — — — — — —

מיט אַ מאָל האָט דנס רעכטער פֿוס זיך אַ גליטש געטאָן. ער האָט אים געוואָלט צוריקכאַפּן און נישט געקאָנט. ער האָט גענומען זינקען אין שניי. דער שניי און דער ווינט האָבן אַלץ פֿאַרווישט. און אַז דן האָט זיך מער נישט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן, נישט דעם ווינט, נישט דעם שניי, איז

---

7. זינקען — hundirse.

אויסגעוואַקסן לאָרד. דער הונט האָט מיט זײַנע שאַרפֿע ציין זיך אײַנגע־ביסן אין דעם לעדערן רעקל און אים אַזאַ שלעפּ געטאָן, אַז ס׳ייִנגל האָט ברייט געעפֿנט די אויגן. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן „לאָרד״ און נישט געקענט.

דער הונט האָט מיט דער גרויסער, וואַרעמער צונג געלעקט דעם באַקן, דעם שטערן. און אַז דן איז געקומען צו זיך, האָט ער אַרומגעכאַפּט דעם חבֿר זײַנעם מיט ביידע הענט פֿאַרן האַלדז, אים געגלעט און פֿון גרויס פֿרייד זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף אים:

— לאָרד... מײַן גוטער לאָרד...

איינס, צוויי — און דער הונט האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם גאַראַזש, וווּ ס׳שליטעלע איז געשטאַנען. דן איז אַראָפּ פֿונעם הונטס רוקן און האָט אויפֿגעעפֿנט די טיר פֿון גאַראַזש. דן און דער הונט זײַנען אַרײַן מיט די מערן, מיט די שאַלאַטן און האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער הילצערנער שטײַג. אין דרײַען צונויפֿגערוקט, ווי זיי וואָלטן זיך געוואַרעמט, זײַנען די קראָליקעס געזעסן אין אַ ווינקל און געציטערט אין גאַנצן. דן האָט זיי צוגעוואָרפֿן דאָ אַ בלעטל שאַלאַט, דאָ שטיקלעך מערן:

— עסט, קראָליקלעך, עסט.

דער הונט האָט זיך צוגעזעצט לעבן דנען, און ביידע חבֿרים האָבן זיך צוגעקוקט, ווי די קראָליקעס האָבן אײַנגעלייגט די לאַנגע, אויפֿגעשטעלטע אויערן און אין דרײַען גענומען רײַסן און עסן די בלעטער שאַלאַט.



**א. ח. העלער** | **אויף אַ ניו־יאָרקער גאַס**

## א

קיד גאָלדבערג, טאָני מאַרינאָ, דזשיפּ קון און גופּי מײַק האָבן געשלאָסן פֿרידן. קינד־און־קייט(1) פֿון דרײַ בלאָק(2) אַרום זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן און האָבן אַרומגערינגלט דעם ליידיקן פּלאַץ, ווו די פֿיר פֿאַרביסענע קאָנקורענטן(3), וואָס האָבן ערשט שלום געמאַכט צווישן זיך, זײַנען געשטאַנען און געשפּילט האַנטבאָל.

די קליינע שלעגערס האָבן געטראָגן אויפֿן פּנים שטאַרקע צייכנס, פֿרישע און האַלב־פֿאַרהיילטע, פֿון די קלעפּ, וואָס זיי האָבן געכאַפּט איינער פֿון צווייטן. בלויז דזשיפּ קון, דאָס פֿלינקע נעגערל, האָט, אַ חוץ אַ בײַל(4) אויפֿן שטערן, ניט געהאַט קיין אַנדערע צייכנס פֿון קלעפּ, כאָטש ער איז געווען דאָס כּפּרה־הינדל(5) אין אַלע געשלעגן; אויף זײַן שוואַרצער הויט האָבן זיך די בלײַע סימנים ניט אָנגעזען.

נאָך דער שפּיל האָבן די פֿיר חבֿרה־לייט פֿאַרנומען זייערע שוכפּוצערזאַכן און זײַנען אַוועק אין אײַזקרעם־געשעפֿט צו פֿײַערן דעם שלום.

דער דאָזיקער שלום איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס די „מאַלבערי־סטריט־גענג" (6) האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דער האָוסטאָן־סטריט טעריטאָריע און האָט קאָנקורירט מיט די לאָקאַלע שיכפּוצער, וואָס האָבן כּסדר געפֿירט מילחמות איינער מיטן אַנדערן.

אויפֿן טראָטואַר, צווישן אַ גרופּע קינדער, איז געשטאַנען אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר צוועלף, אַ מאָגערער, מיט גוטמוטיקע(7) אויגן. דאָס איז געווען איבי, מײַקס שכן.

— העי, סלים(8), קום אַרײַן, נעם אַן אײַזקרעם, „אויף מיר".

---

1. קינד־און־קייט — קליין און גרויס, אַלע.
2. בלאָק — manzana.
3. קאָנקורענט — competidor.
4. בײַל — chichón.
5. זײַן דאָס כּפּרה־הינדל — שולדיק זײַן פֿאַר אַלעמען.
6. גענג — באַנדע.
7. גוטמוטיק — bondadoso.
8. סלים — דאַרער.

גופּי מײַק האָט פֿאַרבעטן אײבין אויף דער שׂימחה. מײַק און אײבי האָבן געוווינט אינעם זעלביקן הויז היפּשע עטלעכע יאָר. ווען מײַקס טאַטע, אַ שיכּורער, איז אַמאָל אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אַלע טרעפּ, האָט אים אײבים פֿאָטער אַרויפֿגעטראָגן אין הויז אַרײַן. דאָס איז געווען מיט אַ יאָר זעקס־זיבן צוריק. אָבער מײַק האָט עס קײן מאָל ניט פֿאַרגעסן: קײנער האָט ניט געוואַגט(9) אָנרירן אײבין, ווײַל דאָס וואָלט געפֿירט צו אַ קריג מיט מײַקן...

ב

ווען גופּי מײַק איז געוואָרן אַ שוכפּוצער, האָט ער געהאַט אַ פֿולע קעשענע מיט ניקלס און פֿלעגט נאַשן שאָקאָלאַד און אײַזקרעם, וויפֿל ער האָט געוואָלט. ער האָט אויך אָפֿט געגעבן אײבין אַ נאַש. אָבער אײבים פֿאָטער האָט עס אײן מאָל באַמערקט און האָט אים שטרענג אויסגעמוסרט(1) פֿאַר זײַן „שנאָרען"(2).

— גיב אים אַלע טאָג אַ ניקל(3), — האָט ער אָנגעזאָגט דער מאַמען, — און זאָל ער זיך ניט אַרומשלעפּן מיט מײַקן און שנאָרען אײַזקרעם.

דאָס איז געווען פֿאַר אַ יאָרן, ווען דער טאַטע האָט געאַרבעט און פֿלעגט אים נעמען אַלע וואָך אין קינאָ, און דער לענדלאָרד(4) האָט דעמאָלט ניט געשריגן אויף זײַן מאַמען. דאָס איז געווען פֿאַר אַ יאָרן; אָבער איצט איז אַנדערש... גאָר אַנדערש...

דער טאַטע גײט לעצטנס אַרום אָנגעברוגזט און פֿאַרזאָרגט. קײן דזשאָב(5) איז נאָך אַלץ ניטאָ. די לעצטע וואָך האָט ער געאַרבעט צוויי טעג. היינטיקע וואָך בלויז אײן טאָג. די מאַמע איז כּסדר פֿאַרזאָרגט, שטענדיק אין כּעס אויף עמעצן. נעכטן, ווען דער טאַטע איז געקומען פֿון דער „יוניע"(6), האָט זי אים, ווי געוויינלעך, באַגעגנט מיט אַ —„נו"?

דאָס מאָל האָט דער טאַטע אויף איר אַ קרומען קוק געטאָן:

— אפשר וואָלסטו שוין אויפֿגעהערט נוקען? אַלע טאָג דער זעלבער ניגון. ס'ווערט דיר גאָר ניט נמאס(7)?

— אָט האָט דאָך אונדזער שכן יאָ געפֿונען אַרבעט.

— זיכער, אײבין ווילסטו מאַכן פֿאַר אַ באָם(8), אַ שיכפּוצער, און מיך פֿאַר אַ סקעב(9)!....

---

9. ניט געוואַגט — מורא נעהאַט.

1. אויסגעמוסרט (מוסער) — גע־זאָגט שטראָפֿרייד.
2. שנאָרען — בעטלען.
3. ניקל — פֿינף סענט.
4. לענדלאָרד — באַלעבאָס פֿון הויז.
5. דזשאָב — אַרבעט.
6. יוניע — סינדיקאַט.
7. ווערן נמאס (נימעס) — דערעסן ווערן, מער ניט וועלן.
8. באָם — אַ גאַסניונג.
9. סקעב — שטרײַקברעכער.

מיט די ווערטער איז דער טאַטע אַרויס פֿון הויז. די טיר הינטער אים האָט ער פֿאַרמאַכט מיט אַזאַ קלאַפּ, אַז אַ טעלער איז אַראָפּגעפֿאַלן אין קיך פֿון דער פּאָליצע, און לוסי, אייבים קליין שוועסטערל, האָט זיך פֿאַר שרעק צעוויינט.

ג

פֿאַר נאַכט, ווען די בחורים „נעמען אויס"(1) זייערע כּלות, איז אַ גוטע צײַט פֿאַר די שיכפּוצער פֿון דער האָוסטאָן-סטריט-געגנט. איצט האָבן די פּירערס פֿון דער „גענג" קאָנטראָלירט זייערע טעריטאָריעס" אומגעשטערט. דעם צווייטן מיטוואָך נאָכן שלום האָט מײַק געבראַכט זײַן מאַמען גאַנצע צוויי דאָלער.

— נאָ, באַהאַלט פֿאַר מיר אָט די פֿופֿציק סענט, — האָט מײַק פֿאַרטרויט(2) אייבין, — זי קאָן נאָך בײַ נאַכט אָנהייבן טרייסלען מײַנע קעשענעס און געפֿינען דעם האַלבן דאָלער, און איך וועל ווידער כאַפּן קלעפּ...

— אַזוי פֿיל געלט האָסטו הײַנט געמאַכט?! — האָט זיך אייבי גע-וווּנדערט.

— געוויס. דו קענסט אויך מאַכן — פֿיר אויס בײַ דײַן טאַטן. מיר וועלן דיר געבן אַ „טעריטאָריע" פֿרײַ. בײַ דיר וועלן מיר קיין געלט פֿאַר פּראָ-טעקציע ניט נעמען.

— אָך, ווען דער טאַטע זאָל ניט זײַן אַזוי אײַנגעשפּאַרט! — האָט אייבי געטראַכט, זיפֿצנדיק. — ווען איך וואָלט געקאָנט ברענגען אַהיים צוויי דאָלער — צוויי דאָלער!...

עטלעכע טעג פֿאַר די זומער-וואַקאַציעס האָט אייבי געהערט, ליגנדיק אין דער פֿרי אין בעט, ווי די מאַמע טענהט(3) ווידער אײַן מיטן טאַטן:

— נישקשה, ניט געפֿערלעך, ער וועט זיך ניט איבעראַרבעטן. מער חרפּה אַרומצוגיין מיט שיך אָן זוילן(4), ווי פּוצן שיך. קיין „דזשאָב" וועט ער ניט קריגן און פֿון צײַטונגען וועט ער מאַכן וואַסער אויף קאַשע.

דאָס מאָל האָט דער טאַטע גאָרניט געענטפֿערט: אייבין האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן: ער מוז נעבעך נאָכגעבן, דער אָרעמער שטאָלצער טאַטע זײַנער...



---

1. נעמען אויס — דאָ: נעמען שפּאַ-צירן.
2. פֿאַרטרויען — דאָ: זאָגן אַ סוד.
3. טענהט (טײַנעט) — שמועסט.
4. זוילן — suelas.

מאָרגן איז דער לעצטער טאָג פֿון שוליאָר. אייבים מאַמע האָט שוין אַלץ באַזאָרגט: בײַ אייבין אונטערן בעט שטייט אַ שפּאָגל־נײַ(5) קעסטעלע. שוואקס(6), בערשטלעך און אַנדערע נייטיקע זאַכן האָט די מאַמע אויך אָנגעגרייט. מאָרגן! — מאָרגן וועט אייבי פֿאַרנעמען די „טעריטאָריע", וואָס חבֿרה האָט פֿאַר אים באַשטימט. ניט ווײַט פֿון דזשיפּן — אויף דילענסי־סטריט.

און אייבי פֿאַנטאַזירט וועגן דעם, ווי ער וועט קומען אַהיים נאָך דער אַרבעט און וועט דערלאַנגען דער מאַמען צוויי דאָלער... דעם ערשטן ניקל, וואָס ער וועט פֿאַרדינען, וועט ער האַלטן; ס'איז מזלדיק. כאָטש קיד גאָלד־בערג לאַכט זיך אויס דערפֿון, אָבער טאָני, מײַק און קון האַלטן זייערע ערשטע פֿינף סענט שוין צוויי יאָר, „פֿאָר לאַק" (פֿאַר מזל).

ד

דעם ערשטן האַלבן טאָג איז אייבין געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ: פֿיר שעה איז ער אַרומגעגאַנגען שלינג־און־שלאַנג(1) איבער זײַן „טעריטאָריע".

— שײַן, שײַן! אַ ניקל אַ שײַן(2)!...

ס'איז אים נמאס געוואָרן שרײַענדיק: שײַן! שײַן!....

הונדערטער מענטשן גייען פֿאַרבײַ. ער קוקט יעדן אויף די שיך. ער טוט אַלץ, וואָס מײַק און גאָלדבערג האָבן אים געלערנט: ווען ער באַמערקט, אַז איינער גייט אין פֿאַרשטויבטע שיך, שרײַט ער אויף אַ קול — „שײַן! שײַן, מיסטער!" — און ווײַזט דערבײַ מיטן פֿינגער אויף יענעמס שיך; אַז ער זעט איינעם טראָגנדיק אַ רענצל — מעגלעך, אַז ער פֿאָרט ערגעץ אָדער ער קומט פֿון ערגעץ — ווענדט ער אָן די זעלביקע קונצן; אָבער עס גייט ניט — אַלע מײַדן אים אויס(3), ווי אויף צו להכעיס(4).

— ענדלעך(5) — פֿאַרדינט אַ ניקל, דעם ערשטן ניקל!

שוין אַזוי לאַנג, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם ניקל. זינט דער טאַטע גייט אַרום אָן אַרבעט, האָט ער קיין האַרץ ניט צו בעטן בײַ דער מאַמען געלט, און בײַ מײַקן וויל ער ניט נעמען.

ס'איז שוין צוויי אַ זייגער נאָך מיטאָג. אייבי הערט, ווי דזשיפּ קון שרײַט: „שײַן! שײַן!" אָבער ער האָט מער קיין כּוח ניט צו שרײַען. די ליפּן זײַנען אים טרוקן און עס טוט אים וויי אין האַלדז. אַנטקעגן אין „קענדי־סטאָר", שטייען אין אַ בעקן אַזעלכע פֿרישע, געשמאַקע טאָרטן.

---

5. שפּאָגל־נײַ — נאָר־וואָס געמאַכט.
6. שוואקס — פּאַסטע צו שיך.

1. שלינג־און־שלאַנג — אָן אַרבעט.
2. „שײַן" — פּוצן (ענגליש).
3. מײַדן אויס — גייען פֿאַרבײַ.
4. צו־להכעיס — a propósito.
5. ענדלעך — צום סוף.

די ווײַסע זיסע „קרעם״ איז אַזוי רייצנדיק(6)... שוין אַזוי לאַנג, אַז ער האָט ניט פֿאַרזוכט קיין טאָרט, אָבער דעם טעם געדענקט ער: פֿאַר אַ יאָרן אויף זײַן געבורטסטאָג האָט די מאַמע געבראַכט פּוטער־געבעקס, שאָקאָ־לאַד און צוויי טאָרטן...

ער נעמט אַרויס דעם ניקל פֿון קעשענע, קוקט אויף דער פֿאַרשוויצ־טער מטבע מיט אַזאַ בענקעניש... און לאָזט זיך אויטאָמאַטיש גיין צום „קענדי־סטאָר״...

אייבין האָט געציטערט דאָס האַרץ: דעם ערשטן ניקל פֿאַרנאַשט. ס׳האָט זיך אים איצט אַזוי געוואָלט זען גאָלדבערגן; גאָלדבערג גלייבט ניט אין קיין „זאַבאַבאָנעס״(7); ער לאַכט זיך אויס פֿון „לאָק״.

און ער איז טאַקע, ווײַזט אויס, גערעכט: זינט ער האָט אויסגעגעבן דעם ערשטן ניקל, האָט אייבין דווקא אָנגעהויבן גיין בעסער ווי פֿריִער. אָט האָט אים איינער געגעבן אַ „דאַים״ (צען סענט) און האָט ניט געוואָלט נעמען קיין אויסגאָב(8). דער טאָג איז נאָך גרוים: ביז נאַכט, אויב דאָס מזל וועט אַזוי אָנהאַלטן, וועט ער קאָנען ברענגען דער מאַמען אַ דאָלער און אפֿשר מער. ער וועט פֿון זײַן מאַמען קיין פּוֹפּציק סענט ניט פֿאַרלייקענען. בלויז איין ניקל וועט ער לאָזן פֿאַר זיך יעדן טאָג, ניט מער.

ה

אין אַ צײַט אַרום איז אייבי איין מאָל געשטאַנען בײַם אַרײַנגאַנג פֿון דער סינעמאַ אויף דילענסי־סטריט. ער איז געווען זייער פֿאַרצוויי־פֿלט(1): הײַנט האָט ער געזאָלט פֿאַרדינען אויף שיכלעך פֿאַר ליוסין. ער טוט אַ קוק אויפֿן זייגער פֿון דער באַנק: פּונקט אַ שעה זינט דער פֿוילער רעגן האָט אָנגעהויבן גיין. אפֿשר וועט זיך נאָך אויסלײַטערן(2), אפֿשר...

ער קוקט אויפֿן פֿאַרוויינטן דרויסן, און —

— העלאָ, אייבי!

ער דערזעט לעבן זיך גאָלדבערגן.

אַ פּנים(3) גאָלדבערגן אַרט גאָרניט, וואָס ער וועט דורכן רעגן פֿאַרלירן די מיטוואָכדיקע „ביזנעס״. ער לאַכט זיך אויס דערפֿון:

— ס׳איז נאָך בעסער, — זאָגט ער און גיט אייבין אַ טורקע אין זײַט.

— זאָרג ניט, אייבי, וואַרט, דו וועסט זען... דערווײַל נעם אָט דעם שירעם און גיב אים איבער דזשיפֿן און קום צוריק אויפֿן זעלבן פּאָסטן(5). גיי!

---

6. רייצנדיק — פּראָוואָצירנדיק.
7. זאַבאַבאָנעס — supersticiones.
8. אויסגאָב — רעשט.

1. פֿאַרצווייפֿלט — רעזיגנירט.
2. זיך אויסלײַטערן — ווערן אַ שיינער וועטער.
3. אַ פּנים — דאָ: זעט אויס.
4. ביזנעס — געשעפֿטן.
5. פּאָסטן — פּלאַץ, שטעל.

אייבי האָט געקוקט מיט פֿאַרדאַכט(5) אויף גאָלדבערגן, אָבער עס האָט זיך באַוויזן מײַק, טראַגנדיק צוויי שירעמס. מײַק האָט אייבין געגעבן די זעלבע אינסטרוקציעס, וואָס גאָלדבערג:

— פּעקל איבער(6) די סחורה און קום צוריק אַהער.

אייבי האָט זיך אין גאַנצן פֿאַרלאָרן; עס האָט זיך אים געוואָלט אי לאַכן אי וויינען. מײַקס גלײַכגילטיקייט(7) האָט אים באַרויִקט.

— הער זיך איין, גופֿי, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שפּיל? — האָט ער מיט מער דרייסטקייט(8) אַ פֿרעג געטאָן מײַקן.

— זיי ניט קיין נאַר, אייבי, און שרעק זיך ניט, — האָט אים מײַק איַינגערעדט. — ס'איז ניט קיין שפּיל, ס'איז אַ „דזשאָב", אַן אַרבעט. טאָני מאַרינאָ האָט אונדז אויסגעלערנט די קונציקע מלאָכה. מ'דאַרף עס קענען. ד י ר קאָנען מיר נאָך ניט אַנטרויען(9)... אָבער מיט דער צײַט... גיי!

מײַקס ברייט, קלײַענדיק(10) פּנים האָט אויף אַ מאָמענט פֿאַרלאָרן זײַן געוויינלעכן זאָרגלאָזן(11) אויסדרוק.

— גיי! — האָט מײַק מיט פֿאַרזשמורעטע אייגעלעך אַ שאַרפֿן קוק געטאָן אויף אייבין. — שנעל, און מאַך ניט קיין טומל...

פֿאַר נאַכט האָט זיך די „גענג" פֿאַרזאַמלט בײַ דזשיפּן אין קעלער. דזשיפּס פֿאָטער איז געווען אַ „דזשעניטאָר(1)" אין אַ טענעמענט־הויז(2) אויף קריסטי־סטריט. אין דעם דאָזיקן קעלער האָט זיך געפֿונען „דאָס געשעפֿט" פֿון דער „גענג". מאַרינאָ האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מײַק האָט מיטגענומען אייבין אין קעלער אַרײַן.

— ל אָ ז ע ס פֿ אַ ר מ י ר ! — האָט מײַק געפּויקט מיטן פֿינגער אויף דער ברוסט. — א י ך בין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אייבין. און נאָך מער: אייב איז אַ גלײַכער שותּף. דאָס זאָג א י ך , און איך האָב הײַנט אָפּגעטאָן מער אַ ר ב ע ט אַפֿילו פֿון דיר, טאָני. בלויז אינעם אָקטיאָרן־קלוב האָב איך „געמאַכט" פֿיר שירעמס...

אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, און עס האָט געהאַלטן בײַ אַ געשלעג. אָבער דאָ האָט זיך גאָלדבערג אַרײַנגעמישט:

---

5. פֿאַרדאַכט — sospecha.
6. איבערפּעקלען — איבערטראָגן.
7. גלײַכגילטיקייט — indiferencia.
8. דרייסטקייט — מוט.
9. אַנטרויען — confiar.
10. קלײַענדיק — pecoso.
11. זאָרגלאָז — אָן זאָרג.

1. „דזשעניטאָר" — פּאָרטיער.
2. „טענעמענט־הויז" — הויז מיט אַפּאַרטאַמענטן צו פֿאַרדינגען.

— העי, חבֿרה, וואָס פֿאַר אַ פּריוואַטע רײַסערײַען זײַנען עס דאָ! אויב עס האַלט בײַ קלעפּ, דאַרפֿן מיר אַלע אָנטייל נעמען אינעם געשלעג; מיר זײַנען גלײַכע שותּפֿים: יעדערער מוז קריגן זײַן „פּאָרציע”.

גאָלדבערגס שפּאַס האָט געמאַכט דעם געוווּנטשענעם עפֿעקט: דזשיפּ האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט מיט זײַן שאַרף קוויטשעלע, וואָס האָט אַרויס־געררופֿן בײַ אַלעמען אַ הילכיק געלעכטער.

אייבי איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אָנגעשפּאַרט בײַ דער וואַנט און האָט אַרײַנגעקוקט אין קאַמער, ווו עס זײַנען געלעגן אַ פּאָר טוץ(3) שי־רעמס, רענצלעך, דאַמען־בײַטלען און נאָך זאַכן, וואָס די גענג האָט „אָנגעשלעפּט”.

— נו, חבֿרה, גענוג! — האָט גאָלדבערג פּלוצעם אַ קאָמאַנדעווע געטאָן. — לאָמיר זיך אַ נעם טאָן אויסאָרטירן די שירעמס. „דאָפּי” וועט באַלד קומען פֿאַרנעמען די סחורה. אָבער לאָמיר זיך ניט לאָזן בלאָפֿן דאָס מאָל. עס זײַנען דאָ פֿאַראַן אַ צען שטיק דאַמען־פּאַראַסאָלן(4), זײַדענע, נײַע, וואָס קאָסטן פֿיר־פֿינף דאָלער אַ שטיק. באַצאָלן וועט „דאָפּי” מוזן באַלד. מער האָט ער בײַ אונדז קיין קרעדיט ניט. דאָס געלט וועלן מיר גלײַך צע־טיילן אויף פֿי... אויף פֿינף טיילן, און...

— ניין, ניין! — האָט אים אייבי איבערגעשלאָגן. — אויף פֿיר טיילן. און דו, טאָני, האָסט זיך אומזיסט געערגערט: א י ך  װ י ל  נ י ט  ק י י ן  ט י י ל.

גייענדיק אַהיים, האָט אייבי זיך געשאַרט בײַ די ווענט פֿון די מויערן און האָט אויסגעמיטן די ליכטיקע פֿענצטער פֿון די קראָמען... דאָס קעס־טעלע, וואָס איז געהאַנגען אויף זײַן לינקן אַקסל, איז עפּעס הײַנט אַזוי שווער געווען... אָבער נאָך שווערער האָט געדריקט אויף זײַן האַרצן דאָס, וואָס ער האָט ניט פֿאַרדינט פֿאַר לוסין אויף שיכעלעך. אמת, דער טאַטע אַרבעט שוין איצט אַ שטיק צײַט. אָבער ער צאָלט כּסדר אַלטע חובֿות(1), און לוסי האָט נאָך אַלץ ניט קיין שיכעלעך... זי מוז שוין איצט שלאָפֿן. ס׳איז שוין שפּעט. מאָרגן וועט ער איר קויפֿן שיכעלעך, אַפֿילו ווען ער זאָל דאַרפֿן באָרגן בײַ מײַקן...

אין הויז אַרײַן האָט זיך אייבי אַרײַנגעגנבֿעט שטילערהייט. וואָס וועט ער ענטפֿערן, ווען דער טאַטע אָדער די מאַמע וועט אים פֿרעגן, ווו ער איז געווען אַזוי שפּעט? קיין ליגן וועט ער ניט זאָגן; אָבער אויסזאָגן, וואָס ער האָט געטאָן און ווו ער איז געווען אַזוי שפּעט, קאָן ער אויך ניט, בשום אופֿן ניט!....

---

1. חובֿות (כויוועס) — דאָ: שול־דיק געלט.

3. טוץ — צוועלף.
4. פּאַראַסאָל — שירעם.

— וואָס וואַשסטו זיך אַזוי לאַנג דאָרט, „איבי? קום נאָר אַהער!

איבין האָבן אָנגעהויבן טרייסלען הענט און פֿיס: ער וועט דאָך אים געווים פֿרעגן...

— לאָז אים צו רו, — האָט זיך די מאַמע אַרײַנגעמישט, — לאָז אים אָפּעסן.

און דער טאַטע ענטפֿערט:

— אַ מאַמעס האַרץ... פֿריִער מאַכט זי פֿון אים אַ באַס, און איצט — „לאָז אים צו רו"... געוואָלט אים שיקן אין דער ייִדישער שול, איבער וואַקאַציעס(2) ווייניקסטנס, האָט זי אויף אים אַרויפֿגעוואָרפֿן אַ יאָך(3) פֿון פּרנסה, געמאַכט אים פֿאַר אַ פֿאַרדינער...

די מאַמע איז געזעסן אין קיך לעבן איבין און האָט אים געגלעט דעם קאָפּ:

— עס, איבעלע, עס. וואָס ווײנסטו? וואָס האָט פּאַסירט? נו, שאַ, געענדיקט: מער גייסטו ניט פּוצן קיין שיך. דער טאַטע וועט שוין איצט אַרבעטן כּסדר. זעסט, אָט האָט ער הײַנט געקויפֿט לאָסין שיכעלעך פֿאַר צוויי דאָלער. ער זאָגט, אַז אויף ווינטער וועלן מיר זיך אין גאַנצן אַרויסקלייבן פֿון דער סטריט. מיר וועלן וווינען ווײַט-ווײַט פֿון דאַנען, אין די בראָנקס...

— קום אַ ביסל אַרויס אין דרויסן, איבל, — האָט דער טאַטע אים גערופֿן. — קום, נאָכן עסן איז גוט אַ ביסל פֿרישע לופֿט. און נעם מיט דײַן „פּרנסה-קעסטעלע" מיט אַלע זאַכן. דו וועסט עס שוין מער ניט אָנקוקן... געזעגן זיך מיט דעם אויף אייביק.

***

אויפֿן ליידיקן פּלאַץ, ווו די גענג האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געשלאָסן שלום, האָט נאָך געטליִעט(4) אַ הויפֿן(5) קוילן, וואָס איז געבליבן פֿון אַ פֿײַער, וואָס ייִנגלעך האָבן דאָרט פֿריִער צעלייגט. אָט אַהינצו האָט דער טאַטע אַרײַנגעוואָרפֿן איבים „געצײַג"(6). איבי איז געשטאַנען בײַם פֿײַער און האָט מיט פֿרייד אָנגעקוקט, ווי די פֿלאַמען שלינגען ביסלעכווײַז אײַן דאָס שמוציקע קעסטעלע... איבי טוליעט זיך צום טאַטן. דער טאַטע האַלט אים פֿעסט צוגעדריקט צו זיך. זיי גייען דערנאָך ביידע אַהיים. איבין איז אַזוי גוט אויפֿן האַרצן: ער גייט און וויינט און ווייסט ניט פֿאַר וואָס...

---

2. וואַקאַציעס. — אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן זײַנען דאָ שולן, ווו מע לערנט אין די וואַקאַציעס, פֿאַר קינדער וואָס לערנען ניט אַ גאַנץ יאָר אין ייִדישע שולן.

3. יאָך — שווערקייט (yugo).

4. געטליִעט — שוואַך געברענט.

5. הויפֿן — אַ ביסל.

6. געצײַג — אינסטרומענטן.

זינאַ ראַבינאָוויטש

# לייזערס געבורטסטאָג

א

לייזער איז געווען אַ שלעכט יינגל.

מיט אַ מאָל איז ער געוואָרן שלעכט, האָבן אַלע גערעדט וועגן אים. לייזער אַליין האָט געפּילט, אַז ער איז געוואָרן שלעכט, ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט העלפן.

גלייַך ווי אַן אַנדער לייזער איז געזעסן אין אים און האָט אים געשטופּט טאָן פּונקט פאַרקערט, ווי די מאַמע האָט אים געהייסן.

„לייזער, טו זיך אָן שנעלער, דו וועסט פאַרשפּעטיקן אין שול!”

און גראַד דאַן זיצט זיך לייזער, איין זאָק אַרויפגעצויגן אויף אַ האַלבן פוס, און קוקט זיך אין פענצטער אַריַין... קוקט אויף די נאַקעטע ביימער, אויף די ברעקלעך שניי, וואָס פאַלן אויף זיי. און לייזער פאַרשפּעטיקט יעדן טאָג אין שול אַריַין...

— לייזער, — בעט זיך בייַ אים די מאַמע, — טו אָפּ דייַן אַרבעט און דערנאָך וועסטו זיך שפּילן!

וואָס־זשע טוט לייזער? שפּילט ער זיך אָן אַ גאַנצן טאָג און דערמאָנט זיך אין אָוונט, אַז ער האָט אַרבעט צו טאָן פאַר דער שול. נעמט ער זיך צו דער אַרבעט, ווען עס איז שוין שפּעט.. גענעצט ער, גענעצט, אַזוי אַז עס דוכט זיך זייַן מויל ווערט צעריסן, און פאַלט אַנידער אויפן בעט אין די קליידער, אָן אײַנגעשלאָפענער, און די אַרבעט ניט געטאָן...

און פון אַלע זייַטן הערט מען נאָר „לייזער איז געוואָרן שלעכט! ניט צו דערקאָנען אים”. אַלע זייַנען ברוגז אויף לייזערן, און די מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי וועט אים שוין ניט מאַכן קיין געבורטסטאָג־יום־טובֿ, ווי זי פלעגט אים מאַכן ביז איצט יעדן יאָר.

דאָס האָט לייזערן זייער פאַרדראָסן, נאָך מער ווי ווען די מאַמע האָט אים געזאָגט, אַז זי וועט אים אויפהערן נעמען אין קינאָ אַרייַן, ווייַל כאָטש לייזער האָט זייער ליב געהאַט צו גיין אין קינאָ, דאָך איז זייַן געבורטסטאָג געווען פיל וויכטיקער פאַר אים.

וועגן זייַן געבורטסטאָג פלעגט ער טראַכטן אַ גאַנץ יאָר. אַזאַ יום־טובֿ, ווי זייַן מאַמע פלעגט מאַכן, האָט קיינער פון זייַנע פרייַנד און חבֿרים ניט געהאַט. לייזערס מאַמע האָט געקאָנט מאַכן אַ יום־טובֿ, ווי קיינער אין

דער וועלט. עס פֿלעגט זיך אָפּט מאָל דוכטן לייזערן, אַז אַפֿילו בײַם פּרע־זידענט מאַכט מען ניט קיין שענערע שׂימחהלעך. זײַן מאַמע פֿלעגט אַרום־העגגען דעם גרויסן גאַסטצימער מיט אַלערליי קאָלירטע בענדער, צוויי טישן שטעלט זי צונויף אין מיטן צימער, באַדעקט זיי מיט אַ גרויסן, ווײַסן, אויסגענייטן טישטעך און אין מיטן טיש ווערט אַנידערגעשטעלט דער רי־זיקער טאָרט, אויף וועלכן עס איז אָנגעשריבן מיט קאָלירטן שאָקאָלאַד און דווקא אויף ייִדיש: „צו לייזערס געבורטסטאָג"...

און איצט, הייסט דאָס, וועט שוין ניט זײַן קיין טאָרט, קיין ווײַסער לאַנגער טיש, קיין בענדער, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי שלאַנגען פֿון איין עק ביזן צווייטן איבער דעם צימער... אויס געבורטסטאָג! אויס מתּנות פֿון די עלטערן און פֿון אַ צוואַנציק אָדער פֿינף און צוואַנציק קינדער...

**ב**

לייזערן איז געווען אומעטיק, זייער אומעטיק, באַזונדערס ווען עס איז געקומען דער פֿרימאָרגן פֿון זײַן געבורטסטאָג. ער האָט ניט געוואָלט אַפֿילו אויפֿשטיין יענעם אין דער פֿרי. צוליב וואָס אױפֿשטיין? וואָס וואַרט דען אויף אים? אַ טאָג, ווי אַלע טעג. ניין! ער וויל גאָר אַפֿילו ניט אַרויס־קריכן פֿון בעט. גוט, וואָס עס איז שבת, דאַרף ער ניט גיין אין שול...

לייזער האָט זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און איז אַזוי געלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. ער וויל אַפֿילו די אויגן ניט עפֿע־נען... צוליב וואָס עפֿענען די אויגן? לייזער איז געלעגן אונטער דער קאָל־דרע, און טרערן האָבן אים געוואָרגן(1) אין האַלדז... עס האָט אים מיט אַ מאָל אָנגעכאַפּט אַ ווייטיק. פֿאַר וואָס איז ער מיט אַ מאָל געוואָרן שלעכט, אַז ער האָט באַדאַרפֿט אָנווערן(2) יעדנס ליבשאַפֿט?

אַך, ווען ער קאָן צוריקשטופּן דאָס יאָר! עס וואָלט געווען אַזוי גוט, ער וואָלט שטענדיק געפֿאָלגט דער מאַמען...

מ'האָט אַ קלונג געטאָן אין טיר...

לייזער האָט געוואָלט אַראָפּלויפֿן און צוגיין עפֿענען די טיר, אַז זײַן מאַמע זאָל זיך ניט אויפֿכאַפּן פֿון שלאָף... ער האָט זיך אָבער באַלד צוריק־געכאַפּט...

— ניין, איך וועל ניט עפֿענען די טיר! איך בין דאָך אַ שלעכט ייִנגל, וועמען מ'ע מאַכט שוין מער ניט קיין געבורטסטאָג־שׂימחה...

אַ רחמנות אויף דער מאַמען. עס איז דאָך שבת! זאָל זי שלאָפֿן. איך האָב דאָך ערשט פֿריִער געזאָגט — ווען איך קאָן צוריקשטופּן דאָס יאָר און אָנהייבן אויף ס'נײַ... לייזער האָט אַראָפּגעריסן פֿון זיך די קאָלדרע

---

1. געוואָרגן — געדריקט. 2. אָנווערן — פֿאַרלירן.

**און איז אַראָפּ פֿון בעט... לויפֿנדיק צו דער טיר, האָט ער זיך פֿאַרטשעפּעט אין עפּעס...**

ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער דערזען, אַז ער האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין אַ שאַכטל(3)... יעדן יאָר פֿלעגט ער אין טאָג פֿון זײַן געבורט געפֿינען בײַ זײַן בעט אַזאַ שאַכטל...

קאָן דאָס זײַן?...

ער האָט מיט ציטערדיקע הענט געעפֿנט דאָס שאַכטל און, ווי יעדן יאָר, דאָרט געפֿונען אַ צעטעלע, וווּ עס איז געווען געשריבן:

**„פֿאַר אונדזער טײַערן לייזער, וואָס נעמט זיך פֿיר צו זײַן ווידער גוט, ווי ער איז געווען פֿריִער**

**טאַטע־מאַמע"**

פֿון וואַנען ווייסן זיי, אַז איך האָב באַשלאָסן ווערן נאָך אַ מאָל גוט? — האָט לייזער זיך געפֿרעגט מיט פֿאַרווּנדערונג. — ווי אַזוי האָבן זיי געטראָפֿן, אַז איך האָב חרטה(4) אויף מײַן זײַן שלעכט?...

ער האָט אַרויסגעוויקלט פֿון פּאַפּיר די עלטערנס מתּנה...

פּונקט די מתּנה, וואָס ער האָט געגאַרט(5) אַ גאַנץ יאָר: אַ פּאָר גליטשערס(6)...

ווי אַזוי האָבן זיי געטראָפֿן, וואָס ער וויל? טײַערע מאַמע! קאָן זײַן, אַז זי האָט זיך צוגעהערט, וואָס ער האָט גערעדט מיט זײַנע חבֿרים? און איך בין געווען אַזוי שלעכט...

טרערן האָבן אָנגעהויבן וואַרגן לייזערן... ער האָט דערפֿילט אַ מאָדנעם חשק צוצולויפֿן צו זײַן מאַמען און בעטן איר, זי זאָל אים פֿאַרגעבן(7) פֿאַר אַלע טעג, ווען ער האָט זי געערגערט(8)... ער האָט זיך געלאָזט גיין צו איר שלאָפֿצימער...

אויפֿן וועג איז ער פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם גאַסטצימער. די טיר פֿון צימער איז געווען אָפֿן, און עפּעס האָט אַ צי געטאָן זײַנע אויגן. ער האָט אַרײַנגעקוקט: דער גאַנצער צימער איז געווען באַהאַנגען מיט אַלערליי קאָלירטע בענדער. אין מיטן איז געשטאַנען דער גרויסער טיש, באַדעקט מיט אַ שניי־ווײַס טישטעך, אויף דעם טישטעך איז געווען פֿון אַלעם בעסטן, אין מיטן — דער גרויסער טאָרט מיט אַן אויפֿשריפֿט אויף ייִדיש „צו לייזערס געבורטסטאָג" און אַלערליי געבעקסן און צוקערקעס...

הייסט עס, טאַקע יאָ אַ יום־טובֿ?

---

3. שאַכטל — קעסטעלע.
4. האָבן חרטה (כאַראָטע) — arrepentirse.
5. געגאַרט — שטאַרק געוואָלט.
6. גליטשערס — patines.
7. פֿאַרגעבן — אַנטשולדיקן.
8. געערגערט — געמאַכט פֿילן שלעכט.

עס קומט מיר ניט! איך פֿאַרדין דאָס ניט... — האָט לייזער געשטאַמלט.

מאַמעלע, פֿאַר וואָס בין איך געווען אַזוי שלעכט אַ גאַנץ יאָר? פֿאַר וואָס האָב איך דיר אַזוי ווײ געטאָן?

ווײנענדיק שטילערהייט, איז לייזער געשטאַנען אַ לאַנגע צײַט בײַ דער טיר פֿון זײַנע עלטערנס שלאָפֿצימער, ניט וועלנדיק זיי אויפֿוועקן...

## מאָריס ראָזענפֿעלד — וווּ הין

וווּהין, וווּהין, דו שיינעם קינד?
די וועלט איז נאָך ניט אָפֿן!
אָ, זע ווי שטיל דאָ איז אַרום!
פֿאַר טאָג, די גאַסן שטייען שטום, —
וווּהין, וווּהין, אַזוי געשווינד(1)?
איצט איז דאָך גוט צו שלאָפֿן:
די בלומען טרוימען דאָך נאָך — זעסט?
עס שווײַגט נאָך יעדע פֿויגלנעסט(2) —
וווּהין פֿאָרט טרײַבט עס דיך אַצינד?
ווּ לויפֿסטו, זאָג, באַגינען(3)?
— „איך גיי פֿאַרדינען!"

וווּהין, וווּהין, דו שיינעם קינד,
אַזוי שפּעט בײַ נאַכט שפּאַצירן?
אַליין דורך פֿינצטערניש און קעלט!
און אַלצדינג רוט, עס שווײַגט די וועלט, —
וווּהין פֿאָרט טראָגט עס דיך דער ווינט?
דו וועסט דאָך נאָך פֿאַרבלאָנדזשען!
קוים האָט דער טאָג דיר ניט געלאַכט,
וואָס קען דיר העלפֿן דען די נאַכט?
זי איז דאָך שטום, און טויב, און בלינד!
וווּהין מיט לײַכטן זינען(4)?
— „איך גיי פֿאַרדינען!"

---

1. געשווינד — גיך.
2. נעסט — nido.
3. באַגינען — פֿאַר טאָג.
4. זינען — דאָ: געדאַנקס.

מלכה לי

# שבת

די פֿרײַטיק־צו־נאַכטן זײַנען געווען די יום־טובֿדיקסטע.

דער טאַטע קומט פֿון דער שול. דער שבתדיקער טיש מיט די ברענענדיקע ליכט, דער פֿינקלדיקער(1) ווײַן, דער ווײַסער סערוועט(2) מיט די געפֿלאָכטענע חלות, וואָס מײַן מאַמע האָט געבאַקן; די זילבערנע לײַכטער מיט די אָנגעצונדענע ליכט; די שמעקעדיקע מאכלים און די מחיהדיקע(3) רו, — דאָס אַלץ שטייט מיר נאָך פֿאַר די אויגן. דער טאַטע צעזינגט זיך מיט זײַן זיסער שטים: „שלום־עליכם, מלאכי השלום!" און די מאַמע זינגט נאָך שטילערהייט... אַזאַ ליכטיקע רו גיסט זיך אויס אין אונדזער שטוב. און די מאַמע הייבט אויף די שוואַרצע ייִדישע אויגן צו גאָט און דאַנקט אים פֿאַר דער רו, וואָס ליגט איצט אין איר הויז און אויף איר הויזגעזינד...

און ווען דער טאַטע מאַכט קידוש, די הייליקע ברכה איבערן ווײַן, שטעלן מיר זיך אַלע אויף, מיר קוקן אויף זײַן גוט פּנים מיט די האַלב געשלאָסענע אויגן, מיט דער בלייכקייט(4) אויף זײַנע באַקן, מיט דעם ציטער אויף די ליפּן; און מיר זאַפּן אַרײַן(5) אין זיך דעם ניגון, וואָס זינגט אָדער וויינט אַרויס פֿון זײַן מויל, — דער שבת־ניגון, וואָס באַהעפֿט זיך(6) מיט דער רו און ליכטיקייט פֿון אַלע זאַכן, וואָס האָבן זיך אָנגעטאָן דעם גײַסט(7) פֿון שבת...

מײַן טאַטע איז געווען אַן אמתער מלך בײַם שבת־טיש, מײַן מאַמע — אַ מלכּה, און מיר, די קינדער, זײַנען געווען פּרינצן און פּרינצעסינס.

דאָ הייבט אָן די מאַמע צו דערלאַנגען די געפֿילטע פֿיש, די גאָלדענע יויך, די געשמאַקע הון, דעם צימעס. און מע זינגט די זמירות. שכנים עפֿענען די פֿענצטער און הערן זיך אײַן, ווי מײַן טאַטע זינגט. דאָס געזאַנג שלע־

---

1. פֿינקלדיק — שײַנענדיק.
2. סערוועט — שיינער טישטעך.
3. מחיהדיק (מעכאַיעדיק) — זייער אָנגענעם.
5. אַרײַנזאַפּן — אַרײַננעמען.
7. גײַסט — espíritu.
6. באַהעפֿטן — פֿאַרבינדן.

פֿערט מיך איַין און איך פֿאַל אַוועק אויפֿן שטול אין אַ מחיהדיקן דרימל... און די שבת-ליכט ווערן קלענער און קלענער... די שבת־רו נידערט(8) אין דער שטילקייט, און איך שלאָף איַין...



שבת פֿרי.

די מאַמע, אויסגעפּוצט אין איר פליושן(9) קלייד, מיטן ברייטן הוט און די לאַנגע הענטשקעס, ווו די פֿינגער שטעקן אַרויס, אויסגעצירט אין דער גאָלדענער קייט, מיט די דימענט־אוירינגלעך, — זי נעמט איר סידור מיט די פּערלמוטערנע(10) טאָוולען און גייט אין שול דאַוונען.

מיַין מאַמע האָט אַן אייגענעם שטענדער(11) אין דער וויַיבערשער שול. זי זאָגט הויך די תּפֿילות, און די וויַיבער זאָגן איר נאָך.

און צוריק פֿון שול גייט זי מיטן טאַטן צוזאַמען. דאָס פּערלמוטער-סי־דורל פֿינקלט קעגן דער זון. און ווען זיי קומען אַריַין אין שטוב, איז דער שבת-טיש ווידער געגרייט. די דינסט טראָגט אונטער דעם טשאָלנט, נאָך־וואָס אַרויסגענומען פֿון אויוון, די גלעזער מיט וויַין פֿינקלען אויפֿן טיש, די מאכלים פֿאַרשמעקן דאָס הויז.

נאָכן עסן זינגט דער טאַטע זמירות — ער זינגט דעם רבינס(12) נייַעם ניגון. מיר כאַפּן אויף דעם ניגון און מיר בענטשן זיך מיטן טאַטנס גאָל־דענער שטים.

| | |
|---|---|
| אליעזר שינדלער | די מלכּה שבת |

די זון איז אין מערבֿ פֿאַרגאַנגען —
די מלכּה, דער שבת איז דאַ.
טראָגן זיך שירים, געזאַנגען,
פֿרום אין דער הייליקער שעה.

---

8. נידערן — אַראָפּגיין.
9. פליוש — terciopelo.
10. פּערלמוטערנע — de nácar.
11. שטענדער — אַ הויך, קליין טישל אין שול צום דאַווענען.
12. רבי — דאָ: אַ חסידישער פֿירער.

פֿון פּשוטע שטיבעלעך גלאַנצן
פֿלעמעלעך ריינע, באַחנטע(1);
און כּיתּות מלאָכימלעך טאַנצן,
מיט ייִדישע תּפֿילות באַקריינטע(2).

זיי טראָגן די קרוינען און שוועבן
אַרויף צום באַשעפֿער דעם האַר,
און ייִדן זיך פֿרייען מיט שבת —
קיין סימן פֿון גלות און צער(3).

## שמואל-יוסף עגנון — די מטבע

אַ מעשׂה מיט איינעם אַן אָרעמאַן, וואָס איז פֿרײַטיק צו נאַכט געגאַנגען אַהיים פֿון שול און דערזען אַ מטבע אויפֿן וועג. האָט דער אָרעמאַן געטראַכט: „דאָס הייסט אַ ביסל מזל! אָבער וואָס טוט מען, אַז הײַנט איז שבת און איך טאָר זיך נישט רירן פֿון פלאַץ? ווען כ׳געפֿין זי, אַ שטייגער, איידער ס׳איז פֿינצטער געוואָרן, וואָלט איך מיר געקויפֿט עטלעכע ראַזשינקעס(1) און וואָלט מיר געמאַכט ווײַן אויף קידוש, אָדער כ׳וואָלט מיר געקויפֿט אַ ביסל ווייצנמעל צי עפּעס אַנדערש פֿאַר עונג שבת". איז ער אַוועק אַהיים און אויפֿגענומען דעם שבת אָן ווײַן און אָן חלה און אָן אַנדערע זאַכן, פֿון וואָס מע קען שבת הנאה האָבן, און געמאַכט קידוש אויף שוואַרץ ברויט.

אין דער פֿרי, גייענדיק אין שול אַרײַן, האָט דער אָרעמאַן צו זיך געזאָגט: „לאָמיר גיין אַ קוק טאָן, צי זי ליגט נאָך, וווּ זי איז געלעגן. אויב דער שבת-גוי(2) האָט זי נישט דערזען, וועל איך זי געפֿינען אויפֿן אייגענעם פלאַץ". ווען ער איז צוגעגאַנגען אַהין — זעט ער, אַז ס׳איז נישט קיין קאָפּערנע, נאָר אַ זילבערנע מטבע. האָט זיך דער אָרעמאַן געטראַכט: „דאָס מזל האָט זיך אָפּגעמזלט! געפֿונען אַ קופּערנע — צום סוף איז דאָס גאָר אַ זילבערנע! פֿאַר אַ גרויסן נסיון(3) האָט מיך הקדוש ברוך הוא אַוועקגעשטעלט". גענומען די פֿיס אויף די פּלייצעס און אַוועק אין שול אַרײַן.

---

1. באַחנט — מיט חן (כיין) — שיינקייט.
2. באַקריינטע — מיט קרוינען.
3. צער (צאַאַר) — לײַדן, ווייטיק.

1. ראָזשינקעס — pasa.
2. שבת־גוי — וואָס פֿלעגט פֿאַר די ייִדן צינדן פֿײַער אום שבת.
3. נסיון (ניסאָיען) — פּרוּוו.

נאָכן דאַוונען האָט זיך דער אָרעמאַן געטראַכט: „אַצינד וועל איך זי שוין אַוודאי נישט געפֿינען. אַ סך מענטשן זײַנען דורכגעגאַנגען און האָבן זי געזען. נאָר אפֿשר האָבן זיי זי נישט באַמערקט און זי נישט אויפֿגעהויבן? פֿון דעסטוועגן, דאַרף מען צוגיין אַהין, וועל איך זען, צי דאָס איז באמת אַ זילבערנע מטבע; און אויב מ׳האָט זי שוין צוגענומען, וועל איך פּטור(4) ווערן פֿון שלעכטע מחשבֿות און כ׳וועל מער פֿון דעם נישט טראַכטן".

ווען ער איז צוגעקומען אַהין — האָט ער זי געפֿונען אויפֿן אייגענעם פּלאַץ, ווו זי איז נעכטן געלעגן און ווו זי איז געלעגן אין דער פֿרי. נאָר די נעכטיקע איז געווען פֿון קופּער, און די אינדערפֿרײַיִקע איז געווען פֿון זילבער, און די איצטיקע איז פֿון גאָלד. „אויב עס שטעקט נישט אין דעם קיין כּישוף(5) — איז דאָס אַוודאי פֿון דער זון, ווײַל די מיטאָגדיקע זון שײַנט אויף דער מטבע, און זי זעט אויס פֿון גאָלד. און אויב ס׳איז נישט פֿון גאָלד — פֿון זילבער איז זי אַוודאי".

האָט דער אָרעמאַן געטראַכט בײַ זיך אין האַרצן, וויפֿל זאַכן ער וואָלט געקענט קויפֿן פֿאַר דער דאָזיקער מטבע. „איך דאַרף זי בלויז אויפֿהייבן און דערפֿאַר האָבן אַלע גוטסקייטן פֿון דער וועלט: חלה און אַ טראָפּן בראָנפֿן און אַ הערינג און אַנדערע גוטע זאַכן, מיט וואָס מע קען האָבן אַן עונג שבת און אַן עונג פֿאַרן גוף". האָט זיך דער אָרעמאַן אײַנגעבויגן איין מאָל און נאָך אַ מאָל. אָבער די אימה פֿון שבת איז אויף אים געווען, און ער איז אַוועק צ׳קיים מיט ליידיקע הענט.

מנחה־צײַט איז ער שוין צו דער מטבע נישט געגאַנגען. ער האָט זיך געטראַכט: „ווער ווייסט, צי כ׳וועל קענען בײַשטיין דעם יצר־הרע(6). שבת, ווען די קראָמען זײַנען פֿאַרמאַכט, האָב איך געקענט זיך אײַנהאַלטן, אָבער איצט, מנחה־צײַט, איז אַנדערש. אַ ביסל שפּעטער וועלן זיך עפֿענען די קראָמען, און ריחות פֿון עסן און טרינקען טוען אַ שלאָג אין נאָז אַרײַן. כ׳האָב זייער שטאַרק מורא, כ׳וועל נישט קענען בײַשטיין דעם נסיון".

אָבער דעם מענטשנס יצר־הרע איז גאַנץ אָפֿט שטאַרקער פֿונעם מענטשן. ער וויל פֿאַררעדן דעם יצר־הרע, נאָר דער יצר־הרע פֿאַררעדט אים. ער זאָגט צו אים: איך זאָג דיר דען, זאָלסט אָננעמען די מטבע מיט דער האַנט? מע שאַרט זי נאָר אַוועק מיטן פֿוס אַן אַ זייט. אָדער מע קײַקלט אַרויף אַ שטיין אויף איר, אַז קיין צווייטער זאָל נישט קומען און זי צונעמען.

---

4. פּטור — פֿרײַ.
5. כּישוף — מאַגיע.
6. בײַשטיין דעם יצר־הרע (יעצער־האָרע) — קעגנשטעלן זיך די שלעכטע געדאַנקען.

נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט דאַווענען מנחה, האָט ער זיך מיישבֿ געווען(7) און אַוועק צו יענעם פּלאַץ. אָנקוקן — איז נישט קיין עבֿירה.

צו יענער צײַט איז שוין געווען בין־השמשות(8). די זון האָט שוין געהאַלטן בײַם פֿאַרגיין, און גילדענע פֿונקען זײַנען פֿון איר געגאַנגען. ווען דער אָרעמאַן איז צוגעקומען נאָענט צו דער מטבע — האָט ער זי געפֿונען אויף אַן אָרט, נאָר ס׳איז שוין נישט געווען אַן איינציקע מטבע, נאָר אַ סך, אַ סך מטבעות. קען זײַן, נישט קיין אמתע מטבעות, נאָר די דאָזיקע מטבע האָט אָפּגעשלאָגן מיט ליכט אַרום איר, ווי דער שטיינער פֿון אַ מטבע, וואָס ליגט אויפֿן מיסט און דאָס גאַנצע מיסט אַרום צעשטראַלט זיך. אָבער זיכער — די דאָזיקע מטבע איז געווען אַ גילדענע. ווען ער בייגט זיך אײַן און הייבט זי אויף, וואָלט ער געקענט האָבן חיונה(9) אויף אַ צוויי־דרײַ וואָכן. וויפֿל, מ׳שטיינס געזאָגט, דאַרף אַן אָרעמאַן האָבן? — מיט איין גילדערנעם רענדל קען מען אים דערהאַלטן בײַם לעבן כּמה וואָכן.

האָט זיך דער אָרעמאַן געטראַכט: „ס׳איז גוט, וואָס אין שטוב איז נישטאָ וואָס צו בײַסן און שנײַדן און איך בין פּטור פֿון דער דריטער סעודה — בין איך מיר פֿרײַ צו שטיין אַזוי און אָנצוקוקן אַ צורת־מטבע. דער מענטש, וואָס האָט דאָ אַוועקגעלייגט זײַן געלט אויפֿן מיסט, איז אַ שוטה, צי דען מיינט ער, אַז דאָס געלט זײַנס וועט דאָ וואַקסן און ברענגען פּירות? איך, אויף זײַן אָרט, וואָלט דאָס געטראָגן אין אַ בײַטעלע אויפֿן האַרצן. ווען מײַן ווײַב און מײַנע קינדער וואָלטן געבעטן עסן, וואָלט איך צו זיי געזאָגט: פֿרעסערס, וואָס איר זענט, איר ווילט עסן? און וואָלט תּיכּף גענומען אַ גילדערנעם רענדל(10), געגאַנגען אין קראָם אַרײַן און געגעבן דעם קרעמער״.

נאָך איידער דער אָרעמאַן האָט אײַנגעבויגן זײַן גוף, ווי דער קרעמער, וואָס דערזעט אַ גילדערנע מטבע — איז אים געקומען אויפֿן זינען(11), אַז אפֿשר איז דאָס נישט מער ווי דעם בעל־דבֿרס אַ שפּיצל(12); אַז דער שׂטן האָט דאָס גאָר אַוועקגעלייגט פֿאַר אים, כּדי אים צו ברענגען צו אַן עבֿירה. האָט ער זיך תּיכּף אויסגעגלײַכט און געזאָגט: „אַזאַ מין לץ(13), האָט זיך אויסגעצויגן אויפֿן מיסט און מאַכט חוזק פֿון אַ ייִדן. ער איז פּטור פֿון דאַווענען און האָט צײַט פֿאַר זײַנע שטיקלעך, אָבער איך דאַרף גיין דאַווענען מעריבֿ און האָב קיין צײַט נישט פֿאַר ליצנות״(14).

---

7. זיך מיישב (מעיאַשעוו) זײַן — באַטראַכטן.
8. בין־השמשות (ביין־האַשמאָשעס) — צווישן טאָג און נאַכט.
9. חיונה — אויסהאַלטונג, פּרנסה.
10. רענדל — גאָלדענע מטבע.
11. זינען — דאָ: געדאַנק.
12. שפּיצל — שפּאַס; בעל־דבֿר — טײַוול.
13. לץ (לעץ) — אָפּלאַכער.
14. ליצנות (לעצאָנעס) — שפּאַסן.

האָט זיך דער אָרעמאַן אָפּגעריסן פֿון פּלאַץ און געלאָפֿן אין שול אַרײַן.
נאָך מעריבֿ האָט ער שוין אַפֿילו נישט געוואָלט אַ קוק טאָן אויף די מטבעות. ער האָט זיך געטראַכט: „זיי זײַנען מיר גענוג דערגאַנגגען די יאָרן דורכן גאַנצן טאָג". נאָר ווי באַלד ער האָט אָפּגעקערט פֿון זיי זײַנע אויגן, האָבן זיי צו אים אַרויפֿגעקוקט, געפֿינקלט(15) ווי גילדערנע רענדלעך. דערזעען אַזוי — האָט ער געטראַכט: „אַצינד, ווען דער שבת-קודש איז פֿאַרבײַ, לאָמיך צוגיין אַ קוק טאָן, וואָס פֿינקלט דאָרט אַזוי".
האָט ער זיך אײַנגעבויגן און דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס קיין אויג האָט נאָך נישט געזען און קיין האַנט האָט נאָך נישט געציילט. האָט ער אויסגעשטרעקט די הענט און אַרײַנגעשאָטן אַלע רענדלעך אין זײַנע קעשענעס, ביז זיי זײַנען געוואָרן פֿול. וועט איר דאָך אפֿשר מיינען, אַז זײַנע קעשענעס זײַנען געווען קליינע? — איז ניין! ער האָט דווקא געהאַט גרויסע קעשענעס. וועט איר אפֿשר מיינען, אַז די רענדלעך זײַנען געווען גרינגע? — איז גייט זעט, וואָס ער האָט געקויפֿט פֿאַר איין רענדל: ווײַן אויף הבֿדלה(16) און ווייצענע ברויט און אַ הערינג און אַנדערע זאַכן, וואָס זײַנען גוט פֿאַרן גוף און טוען דער נשמה קיין שלעכטס נישט, און ס'איז אים נאָך אַרויסגעקומען רעשט פֿונעם רענדל.
איז ער געקומען אַהיים שטאַרק אויפֿגעלייגט(17). און ווײַל ער האָט נאָך געזונגען „איש חסיד", האָט דאָס ווײַב געגרייט פֿאַר אים אַ פֿולן טיש. האָט ער געוואַשן די הענט צום עסן, ער און זײַן הויזגעזינד(18), געגעסן און געטרונקען און געדאַנקט און געלויבט גאָט.
פֿון דעמאָלט אָן האָט שוין, דעם שבת גאָרנישט געפֿעלט. און אים און זײַן הויזגעזינד האָט שוין קיין מאָל נישט געפֿעלט. דערפֿאַר וואָס ער האָט אָפּגעהיט איין שבת אין אָרעמקייט -- האָט ער זוכה געווען צו אַ סך שבתים אין רײַכקייט.

---

15. פֿינקלען — שײַנען.
16. הבֿדלה — ברכה בײַם אָנצינדן ליכט שבת בײַ נאַכט.
17. אויפֿגעלייגט — גוט געשטימט.
18. הויזגעזינד — פֿאַמיליע.



| | |
|---|---|
| מלכה לי | צוויי געפֿונענע לייכטער |

די לערערין האָט אָפּגעלאָזט דעם קלאַס פֿון דער ייִדישער שול, און די קינדער זײַנען, ווי אַ טשאַטע(1) פֿייגל, אַרויס אין גאַס.

אַ ווײַסער פֿריש-געפֿאַלענער שניי האָט צוגעדעקט די ביימער אַנט־קעגן פּאַרק, און די קינדער האָבן זיך גענומען וואַרפֿן מיט שנייבאַלן. קינ־דער מיט שליטעלעך(2) האָבן זיך געיאָגט פֿון די בערגלעך, און דערזעענדיק די אַנדערע קינדער קומען אַרויס פֿון שול, מיט די ביכער אין די הענט, האָבן זיי געלאָזן די שליטעלעך און זיך אַנגעשלאָסן אין פֿאַרמעסט, ווער עס וועט צילן העכער און ווײַטער מיטן ווײַס-שנייִיקן באַל.

דער פּאַרק איז געווען מיט אײַזערנע שטאַכעטן(3) אַרומגעצאַמט, און בײַם אַרײַנגאַנג איז געשטאַנען אַ דראָטן מיסטקײַשל(4). לינדאַ איז גע־שטאַנען מיט די ביכער און געוואַרט אויף איר ברודערל, וואָס האָט געשלײַ־דערט איינס נאָכן צווייטן די שנייבאַלן.

לעבן מיסטקײַשל איז געלעגן אַ פּעקל, און עס האָט פֿון דאָרט אַ שײַן געטאָן אַ מעשענע(5) זאַך. לינדאַ האָט אויפֿגעהויבן דאָס פּעקל: אין אַ פּאַפּירענעם בײַטל זײַנען געלעגן צוויי פֿאַרזשאַווערטע(6) לײַכטער.

לינדאַ ווייסט, אַז אין אַזעלכע שבת-לײַכטער בענטשט איר באָבע ליכט אַלע פֿרײַטיק. ווער האָט אַרויסגעוואָרפֿן אין מיסט צוויי לײַכטער?

לינדאַ מיט איר ברודער זײַנען געגאַנגען אַהיים און לעבן איר ייִדישן בוך האָט זי געהאַלטן די פֿאַרזשאַווערטע לײַכטער. ווען די מאַמע האָט געעפֿנט די טיר, האָט לינדאַ אויסגעשריגן מיט קינדערשער פֿרייד: „מאַמע, זע, וואָס איך האָב געפֿונען — צוויי פֿאַרלאָזענע לײַכטער!״

לינדאַס מאַמע, אַ געבוירענע שוין אין ניו-יאָרק, האָט קיין מאָל ניט אָנגעצונדן קיין ליכט, ווי איר שוויגער. זי האָט געשיקט אירע קינדער

---

1. טשאַטע — גרופּע.
2. שליטעלע — trineo.
3. שטאַכעטן — rejas.
4. קײַשל — canasta.
5. מעשענע — פֿון מעש — latón.
6. פֿאַרזשאַווערט — herrumbroso.

אין דער ייִדישער שול, זיי זאָלן ניט אָפּגעפֿרעמדט ווערן פֿון ייִדישן פֿאָלק, אָבער זי האָט זיך נישט געפֿירט, ווי איר שוויגער, האָט זי קיין ליכט ניט געבענטשט.

לינדאַס מאַמע האָט גענומען שײַערן(7) די לײַכטער און לינדאַ האָט איר געהאָלפֿן. זיי זײַנען געווען מיט גרינעם שימל דורכגעגעסן, די העלדז־לעך פֿאַרשטאָפּט מיט זאַמד און שטיינדלעך. לינדאַס מאַמע האָט גענומען אַ מעסערל, אויסגערייניקט די העלדזלעך, פֿון די לײַכטער אָפּגעשיילט דעם זשאַווער(8), און עס האָט זיך אָנגעהויבן באַווײַזן אַ ליכטיקער גלאַנץ.

די העלדזלעך פֿון די לײַכטער האָבן מיט גאָלדענע רינגעלעך גע־גלאַנצט, און לינדאַ האָט מיט שײַנענדיקער פֿרייד באַוווּנדערט איר מאַמען.

לינדאַ האָט דערזען די גלאַנצנדיקע לײַכטער, האָט זי געזאָגט צו איר מאַמען: „מאַמע, ווען איך וועל אויסוואַקסן און חתונה האָבן, וועל איך אין די לײַכטער בענטשן ליכט, אַזוי ווי מײַן באָבע". לינדאַס מאַמע האָט אַרומגענומען און צוגעדריקט איר קליינע טאָכטער צו זיך... דער מאַמעס אויגן האָבן זיך געשפּיגלט אין קינד, און זי האָט געטראַכט: פֿון וואַנען קומט צו איר אַזאַ צוגעבונדנקייט צו די געפֿונענע לײַכטער?

ווען פֿרײַטיק איז געקומען, האָט די קליינע לינדאַ גענומען די לײַכטער, זיי אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש און געזאָגט צו דער מאַמען:

— מאַמע טײַערע, בענטש ליכט אין מײַנע לײַכטער!



און די מאַמע האָט אָנגעצונדן די ליכט אין די געפֿונענע לײַכטער, און די קליינע לינדאַ האָט צוגעלייגט די קינדישע הענטלעך צו די אויגן און צוגעמאַכט זיי, ווי זי האָט געזען איר באָבען טאָן, און געזאָגט צו איר מאַמען: מאַמע, מאַך צו די אויגן, און זאָג אַ ווונטש!

---

7. שײַערן — גוט אָפּרייניקן.
8. זשאַווער — herrumbre.

די צוויי פֿאַרשעמטע לײַכטער האָבן אויפֿגעשטראַלט מיט ליכטיקייט.
די ווײַסע פֿלעמלעך(9) האָבן געציטערט מיט דער פֿרייד פֿון מאַמעס און באָבעס, וואָס האָבן געבענטשט אין אָט די לײַכטער די שבת־ליכט, און אַ ייִדיש קינד האָט זיי אויפֿגעהויבן פֿון מיסט און זיי צוריקגעבראַכט — צו באַשטראַלן דעם שבת־טיש מיט ליכטיקייט...
אין די בלויע קינדערשע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט צוויי שבת־ליכט...



## יעקבֿ אַדלער

## שבת בין־השמשות

עס גייט שוין אַוועק זיך
דער הייליקער שבת,
אין שטיבל איז פֿינצטער,
אין שטיבל איז שטיל.

עס שעפּטשעט(1) די מאַמע:
[illegible] פֿון אַבֿרהם״, —
זי שעפּטשעט די תּפֿילה
מיט האַרץ און געפֿיל.

„אוי, גאָט פֿון אַבֿרהם,
פֿון יצחק און יעקבֿ!
פֿאַרנעם דאָך מײַן תּפֿילה
אין הימלס געצעלט,

און שיק מיר פּרנסה,
און ריכט אויף(2) מײַן מזל,
און ליכטיק זאָל ווערן
מײַן פֿינצטערע וועלט!״

עס טונקלט דער הימל,
עס ציִען זיך וואָלקנס;
אין שטיבל איז פֿינצטער
און אומעטיק־שטיל;

נאָר ערגעץ אין ווינקל,
פֿאַרשטופּט אין אַ שפּאַרע(3),
דאָרט טשירקעט און טשירקעט
פֿאַרבאָרגן אַ גריל(4).

---

9. פֿלעמל — פֿײַערל.

1. שעפּטשען —מורמלען.

2. אויפֿריכטן — בעסער מאַכן.
3. שפּאַרע — שמאָלע עפֿענונג.
4. גריל — grillo.

## אלחנן אינדעלמאַן

# מײַן ייִדישער קאַלענדאַר

תּ ש ר י   איז דער ערשטער חודש,
ס׳הייבט זיך אָן מיט ראש־השנה;
ס׳קומט יום־כּיפּור, און דאַן — סוכּות,
שימחת־תּורה מיט די פֿאָנען.

ח ש ו ן   —   שוואַרצע וואָלקנס לויפֿן,
קאַלט און אומעטיק — דער וועטער;
און אין גאָרטן וועלקן בלומען,
פֿון די ביימער פֿאַלן בלעטער.

כּ ס ל ו   — ערשטער שניי געקומען,
האָט מיט פֿרייד באַגריסט אַ קראָ(1) אים.
פֿריידיק ברענען ליכטלעך אין דעם
יום־טובֿ פֿון די חשמונאים.

לאַנגע נעכט זײַנען אין   ט בֿ ת ,
קורצע טעג און פּראַסטיק קאַלטע;
יעדע נאַכט דערציילט אונדז מעשׂיות
אונדזער באָבעניו די אַלטע.

ש בֿ ט   איז גאָר אַ קאַלטער חודש
מיט אַ יום־טובֿ גלײַך אין מיטן:
חמשה־עשׂר עסט מען באָקסער(2),
ווילסטו — פֿאָרסטו מיט אַ שליטן(3).

---

1. קראָ — cuervo.
2. באָקסער — algarroba.
3. שליטן — trineo.

אָ ד ר  קומט און מיט אים — פורים,
דאַרפֿן אַלע זײַן גאָר פֿריילעך,
שלאָגן המנען, דערציילן
וועגן גרויסן נאַר, דעם מלך.

לאָמיר אַלע איצט באַגריסן
אונדזער ליבן חודש  נ י ס ן —
פּראַווען יום־טובֿ פֿון באַפֿרײַונג
און פֿון פֿרילינג גוט צו וויסן!

פֿעלדער גרינען,ביימער בליִען
אין דעם שיינעם חודש  א י י ר .
יום־העצמאות קומט דעמאָלט
פֿריידיק, זוניק אָן אַ שיִער!

ס'איז שוין  ס י ו ן  — לאָמיר גרייטן
זיך צום יום־טובֿ, צו שבֿועות!
ווילסט דײַן שטוב מיט גרינס באַפּוצן —
ברענג די גראָזן איצט און טו עס!



ת מ ו ז  איז אַ הייסער חודש,
ס'ברענט די זון, זי גליט(4) מיט פֿײַער,
איז אונדז ליב אַ טראָפּן רעגן,
יעדער ווינטל — ליב און טײַער.

אָ בֿ  איז אויך אַ הייסער חודש,
וועלקן גראָזן, וועלקן בלומען,
ס'בייגט די תּבֿואה זיך פֿון רייפֿקייט(5),
און דער שניט(6) איז שוין געקומען.

א ל ו ל  איז שוין אַ סך קילער,
פֿרײַער אָטעמען די גראָזן;
אלול־אָוונט ברענגט שוין אומעט,
און דער שופֿר הייבט אָן בלאָזן.

---

4. גליט — ברענט.
5. רײַפֿקייט — madurez.
6. שניט — צײַט פֿון אָראָפּנעמען די תּבֿואה.

## רחל פײַגענבערג — דעם זיידנס ברכה

איך מיט מײַן ברודערל האָבן זיך גענומען אָנטאָן אין די יום-טובֿדיקע קליידער, ווײַל מיר האָבן געדאַרפֿט גיין צום זיידן, ער זאָל אונדז בענטשן אויפֿן נײַעם יאָר. אָט די ברכה דעם זיידנס געדענק איך ביז איצט פֿון די קינדערשע יאָרן. איך קאָן ניט איבערגעבן, ווי גליקלעך איך האָב זיך דעמאָלט געפֿילט, קוקנדיק אויף אים.

דער זיידע איז אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן קיטל(1). די באָרד און די ברעמען זײַנע זענען אויך אַזוי ווײַס, ווי דער קיטל. נאָר די אויגן זענען שוואַרץ: די ווײַסע גרויסע ברעמען האָבן זיי צוגעגעבן נאָך אַ שוואַרצערן גלאַנץ. זיי האָבן געקוקט ווײַט. זיי האָבן פֿאַרנומען אונטער זייער קוק אַלע מענטשן, וועלכע זענען געווען אין שטוב, און אונטער דעם קוק האָט מען זיך געפֿילט באַשיצט(2) פֿון אַלע שלעכטסקייטן. זײַנע אויגן האָבן געשטראַלט מיט אמונה, אמת און גוטסקייט אָן אַ שיעור. דער מענטש האָט אַלעמען ליב געהאַט. אַז ער האָט מיך געבענטשט, האָט ער אַרויפֿגעלייגטביידע הענט אויף מײַן קאָפּ און האָט עפּעס געזאָגט שטילערהייט פֿון אַ ספֿר. די אויגן זײַנע האָבן דעמאָלט געלויכטן, ווי אַ שפּיגל. די פֿיגור זײַנע, וואָס איז שוין געווען אַ ביסל אײַנגעבויגן, פֿלעגט דעמאָלט גלײַך ווערן. דער קאָפּ פֿלעגט קוקן הויך און שטאָלץ. אין יענער מינוט האָט ער אויסגעזען ווי אַ מלאך.

דעם הײַנטיקן ערבֿ-יום-כּיפּור איז ער, דאַכט זיך, נאָך שענער געווען, ווי אַלע מאָל, ווײַל עס איז געווען אַ זעלטן שיינער טאָג און אַלץ אַרום האָט געשײַנט. די זון האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזט גאַנץ נידעריק, נאָר עט-לעכע שטראַלן האָבן געקוקט צום פֿענצטער, בעת דער זיידע איז געשטאַנען און האָט אונדז געבענטשט. די שטראַלן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף זײַן פּנים און זיך דורכגעלויכטן דורך זײַנע גלאַנצנדיקע אויגן. איך האָב זיך אַזוי פֿאַרטראַכט, קוקנדיק אויף אים, אַז מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַ ליכט ברענט אים אויפֿן קאָפּ — איך האָב אַזש אַ ציטער געטאָן!

---

1. קיטל — ווײַסער ריטועלער בגד. 2. באַשיצן — אָפּהיטן.

די באָבע איז געשטאַנען אַ שײַנענדיקע, אָנגעטאָן אין איר שײנעם טשיפּיק(3), מיט די לאַנגע בענדער, און האָט געבענטשט אַכצן ליכט מיט אַ מאָל. אַ חוץ מיר מיט מײַן ברודערל, זענען אין שטוב געווען נאָך קינדער — עס איז געווען מײַן זיידנס בן־יחיד מיט זײַנע קינדער, וועלכע זענען אויך געקומען, דער זיידע זאָל זיי בענטשן.

| יעקבֿ מעצקער | דער פֿרעמדער און די קלויז |
| --- | --- |

א

אַ סך יאָרן זײַנען שוין אַוועק פֿון יענעם פֿריילעכן זומער, ווען מען האָט בײַ אונדז אין דאָרף געבויט די קלויז(1). איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין ייִנגל, אָבער איך האָב יענעם זומער ביז הײַנט ניט פֿאַרגעסן.

מען האָט די קלויז אָנגעהויבן בויען אַרום שבֿועות און מען האָט זיך צוגעאײַלט, אַז זי זאָל זײַן פֿאַרטיק אויף ראש השנה: אַלע ייִדן האָבן גע־אַרבעט בײַ דעם בוי. אויך די פֿרויען מיט די קינדער האָבן אַרויסגעהאָלפֿן. די מענער האָבן געלייגט ציגל, געמײַסטרעוועט, און די פֿרויען האָבן מיט באָרוועסע פֿיס געקנאָטן ליים(2) און אויך געקאָכט וואַרעניקעס מיט קעז פֿאַר אַלע אַרבעטער. עס זײַנען אויך געקומען ייִדן פֿון די אַרומיקע דערפֿלעך צוצוהעלפֿן און זיי האָבן געבראַכט מיט זיך ברעטער, געברענטע ציגל(3) אויף אַ קוימען און נאָך אַנדערע בוי־מאַטעריאַלן. איין ייִד האָט געבראַכט עטלעכע יונגינקע בערעזע־ביימלעך(4), און איך האָב אים געהאָלפֿן זיי דאָרט פֿאַרזעצן.

איך בין אומעטום געווען און איך האָב אַלעמען צוגעהאָלפֿן. עס איז געווען שוין איין מאָל אַ זומער! אַלע זײַנען בײַ דער אַרבעט געווען אַרומ־גענומען מיט אַ גרויסער פֿרייד. מען האָט געאַרבעט מיט חשק, געווישט דעם שווייס פֿון די פּנימער, געשפּאַסט און געלאַכט און גערעדט צווישן זיך, אַז עס איז גוט, וואָס מע וועט ענדלעך(5) האָבן אַן אייגענע קלויז און מע וועט מער ניט דאַרפֿן פֿאָרן אין שטאָט אַרײַן אויף ראש־השנה און יום־כּיפּור.

---

3. טשיפּיק — קאַפּטיכל.

1. קלויז — קליינע שול צום דאַ־ווענען.

2. ליים — barro.
3. ציגל — ladrillo.
4. בערעזע — abedul.
5. ענדלעך — סוף־כּל־סוף.

דאָס פֿאָרן אין שטאָט אַריַין אויף די ימים־נוראים(6) איז פֿאַר די דאָרפֿסלײַט געווען אַן אַפּקומעניש(7), ווײַל מען האָט געדאַרפֿט איבער־לאָזן די בהמות, די עופֿות, די גאַנצע באַלעבאַטישקייַטן(8) אויף גוייִשע הענט און מען האָט זיך געדאַרפֿט וואַלגערן אויף פֿרעמדע געלעגערס. פֿאַר מיר און פֿאַר די אַנדערע דאָרפֿסיִנגלעך איז דאָס זיצן ראש־השנה און יום־כּיפּור אין דער שטאָטישער שול אויך ניט געווען קיין פֿאַרגעניגן. די שטאָטישע בחורימלעך האָבן אונדז נאָכגעקרימט, ווי מיר רעדן גראָב מיט דער „רייש”. זיי האָבן אונדז געפֿרעגט, צי מיר קענען מאַכן אַ המוציא(9) איבער דער תּורה, צי מיר האָבן זיך שוין אויסגעלערנט די פֿיר קשיות אויף סוכּות. און איך האָב אין זיך קוים אײַנגעהאַלטן די טרערן...

איך האָב אין דער גרויסער שטאָטישער שול, צווישן אַזוי פֿיל פֿרעמדע ייִדן אין טליתים, זיך געפֿילט אומהיימלעך(10) און איך האָב שטאַרק געבענקט צום דאָרף. איין מאָל אין אַ יום־כּיפּור, ווען מען האָט אָנגעהויבן זאָגן „ונתנה תוקף” און די ווײַבער האָבן זיך צעלאָזט אין אַ געיאָמער(11), בין איך געוואָרן אַזוי שטאַרק צעטומלט, אַז איך האָב אין שול אַראָפּגע־וואָרפֿן די נײַע שיך, אין וועלכע איך האָב זיך געפֿילט ווי געפּענטעט(12), און זיך געלאָזט לויפֿן אַהיים. מײַן עלטערער ברודער איז מיר אָבער נאָכגע־לאָפֿן און מיך צוריקגעבראַכט אין שול אַרײַן. דערפֿאַר האָב איך זיך אויך געפֿרייט, וואָס מיר וועלן שוין האָבן אונדזער אייגענע קלויז און ניט דאַרפֿן אַוועקפֿאָרן פֿון דער היים.

ב

עטלעכע וואָכן פֿאַר ראש־השנה, ווען די קלויז איז שוין געווען פֿאַרטיק, ווען דער שפּיץ פֿון איר שטרויענעם(1) דאַך איז שוין געווען באַפּוצט מיט אַ בינטל גרינס, איז פֿון ערגעץ געקומען אַ קליין ייִדעלע מיט אַ רויטער באָרד און זיך אָנגעבאָטן(2) אויסצומאָלן די קלויז. מײַן זיידע און איך האָבן אים אַרײַנגעפֿירט אינעווייניק, און דער פֿרעמדער האָט מיט זײַנע טיף־בלויע אויגן לאַנג געקוקט אויף די ווענט פֿון דער קלויז. דער זיידע האָט אים געפֿרעגט, מיט וואָס פֿאַר אַ פֿאַרב ער וויל מאָלן און ווי ער וועט מאַכן

---

6. ימים־נוראים — ראש־השנה און יום־כּיפּור.
7. אַפּקומעניש — שטראָף, שלעכ־טע איבערלעבונג.
8. באַלעבאַטישקייט — פֿאַרמעגן.
9. המוציא — דאָ: די ברכה בײַם עסן ברויט.
10. אומהיימלעך — מיט מורא.
11. געיאָמער — שטאַרק געוויין.
12. געפּענטעט — געבונדן.

1. שטרוי — paja.
2. אָנגעבאָטן — פֿאָרגעלייגט.

די מזרח-וואַנט. אָבער דער ייִד איז געווען קאַרג אויף רייד און געענטפערט, אַז מיטן מויל קען ער דאָס ניט אויסמאָלן, נאָר מיטן בערשטל.

דער פֿרעמדער האָט ניט געפֿרעגט, וויפֿל מען וועט אים באַצאָלן, און נאָך דעם זעלביקן טאָג זיך גענומען צו דער אַרבעט.

איך האָב אים אַוועקגעפֿירט צו אונדז אין שפּײַכלער(3), ווו ער האָט אָפּגעלייגט זײַן זעקל, זיך דאָרט אויסגעבעט אַ געלעגער אויפֿן היי און, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אַ ביסל אויסגערוט, האָט ער זיך גענומען צוגרייטן די פֿאַרבן. ער האָט אַרויסגענומען פֿון זעקל וואָרצלען, זיי געוויקט אין וואַסער; ער האָט צעשטויסן פֿאַרשידענע שטיינדלעך און זיי צעפֿירט אין דעם וואַסער פֿון די וואָרצלען. ער האָט דערנאָך עפּעס געמישט מיט מילך, מיט אייל און אַזוי אַרום אַרויסבאַקומען אַלערליי פֿאַרבן.

איך האָב אים צוגעהאָלפֿן, אים געקוקט אין די הענט אַרײַן, און עס איז מיר פֿאַרגעקומען, אַז ער מאַכט די פֿאַרבן דורך כּישוף(4). אין מיטן מישן די פֿאַרבן פֿלעגט ער אַ מאָל בלײַבן שטיין און אַ פֿאַרטראַכטער גע־קוקט אויף דער אַרומיקער גרינקייט און אויף דעם בלויען הימל. איך האָב אים אַ פּאָר מאָל געפֿרעגט, ווי די קלויז וועט אויסזען, אָבער ער האָט גע־האַט איין ענטפֿער, אַז מיטן מויל קען ער דאָס ניט אויסמאָלן, נאָר מיטן בערשטל.

דער פֿרעמדער האָט אויף גאַנצע טעג זיך פֿאַרמאַכט אין קלויז און אַ פּאָר וואָכן געווען פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט. ווען ער איז ענדלעך פֿאַרטיק געוואָרן, איז מען אַפֿילו פֿון שטאָט געקומען זען די שיינקייט, וואָס ער האָט אַרײַנגעבראַכט אין קלויז. די דאָרפֿסלײַט האָבן גאָרניט געקענט זע־טיקן(5) זייערע אויגן. זיי זײַנען געשטאַנען פֿאַר דער שוועל(6) און גע־גאַפֿט(7), ווײַל זיי האָבן אַזעלכע געמעלן נאָך קיין מאָל ניט געהאַט געזען.

כאָטש די קלויז איז געווען נידעריק געבויט, אַז זי זאָל ניט אויפֿרײַסן די אויגן פֿון די גויים אין דאָרף, האָט אָבער דער מאָלער געמאַכט, אַז זי זאָל אויסזען הויך און ווי אָן אַ סטעליע(8). ווען מען האָט אַרויפֿגעקוקט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מע זעט די בלויקייט פֿון הימל. אויף די ווענט האָבן זיך געשפּרייט שיינע לאַנדשאַפֿטן(9), וואָס דער מאָלער האָט געזען אַרום דעם דאָרף אין די לויטערע פֿרימאָרגנס, ווען די ראָסע(10) האָט זיך צעפֿינקלט אַנטקעגן דער אויפֿגייענדיקער זון. אויף דער מזרח-וואַנט האָבן, ווי אין נעפּל, זיך געוויזן שטענגלעך טרויבן(11) באַדעקטע מיט בלוילעכן

---

3. שפּײַכלער — מאַגאַזין צו האַלטן תּבֿואה.
4. כּישוף — מאַגיע.
5. זעטיקן — saciar.
6. גאַפֿן — שטאַרק זיך וווּנדערן.
7. שוועל — umbral.
8. סטעליע — techo.
10. ראָסע — rocío.
9. לאַנדשאַפֿט — פּייזאַזש.
11. טרויבן — ווײַנטרויבן.

הויך. איבער די שטענגלעך האָט ער, ווי אַ סופֿר, אויסגעשריבן פֿאַרשידענע פּסוקים. און איבערן אָרון-קודש האָט ער אויסגעמאָלן צוויי לוחות, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעהאַקט פֿון שטיין, און ער האָט מיט גאָלדענע אותיות אויף זיי אויסגעשריבן די צען געבאָט.

אין דער מענערישער זײַט פֿון דער קלויז האָט ער אין דער הייך, אין די פֿיר ווינקלען פֿון די ווענט, ווי אויף באַרגשפּיצן, אויסגעמאָלן אַ לעמפּערט, אַן אָדלער, אַ לייב און אַ הירש(12). די פֿיר באַשעפֿענישן האָבן, ווי לעבעדיקע, אַראָפּגעקוקט פֿון דער הייך, און ווען איך האָב זיי צום ערשטן מאָל דערזען, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אָט וועלן זיי אַרויס דורך דער אָפֿענער טיר. מײַן זיידע האָט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז די געמעלן פֿון די חיות האָבן אַ טיפֿן מיין: עס שטייט געשריבן, אַז דער מענטש דאַרף זײַן שטאַרק ווי אַ לעמפּערט, גרינג ווי אַן אָדלער, העלדיש ווי אַ לייב און פֿלינק ווי אַ הירש, ווען עס קומט צו טאָן דעם ווילן פֿון דעם באַשעפֿער.

די דאָרפֿסלײַט האָבן געלויבט און געבענטשט דעם פֿרעמדן. זיי האָבן אים אויך גוט באַלוינט און מיט אַ סך ברכות אים אַרויסבאַגלייט פֿון דאָרף.

עס איז געווען אַ פֿריילעכער זומער, ווען מען האָט בײַ אונדז אין דאָרף געבויט די קלויז. נאָך פֿריילעכער זײַנען אָבער געווען די יום-טובֿים, ווען זי איז באַנײַט געוואָרן, ווײַל די דאָרפֿישע ייִדן, און נאָך מער זייערע קינדער, האָבן אין דער דאָרפֿישער קלויז זיך געפֿילט אַ סך היימישער, ווי אין דער גרויסער שטאָטישער שול.

| הנן קיעל | אַ תּפֿילה פֿאַר ראש-השנה |
|---|---|

דער שופֿר רופֿט, דער שופֿר וועקט
אין קילע ראש-השנה-טעג.
קום איך שופֿר-בלאָזן הערן,
בעטן גאָט מיט שטילע טרערן:
„גיב מיר, גאָט, אַ האַרץ, וואָס גליט(1)
און קלאַפּט פֿאַר יענעם, ווי פֿאַר זיך;
באַשער(2) מיר אויך, באַשער מיר גיך
אַ ליכטיק אויג, וואָס לויכט פֿאַר יעדן;
אַ צונג, וואָס זאָל קיין שלעכטס ניט רעדן;

---

12. הירש — venado.

1. גלִיִען — arder.
2. באַשערן — געבן, באַשטימען.

אַן אויער, וואָס פֿאַרנעמט(3) געוויין,
און טרייסט(4) פֿאַר דעם, וואָס איז אַליין!״ —
דאָס זײַנען מײַנע ווּנטשן שטילע,
און נאָך האָב איך אַ גרויסע תּפֿילה:
„עס זאָל דאָס נײַ־יאָר זײַן געבענטשט,
אַ שלום־יאָר פֿאַר יעדן מענטש!״

## לעוּוין קיפּניס — ער איז אַרויס אַ גערעכטער

א

ערבֿ יום־כּיפּור פֿאַר נאַכט. טאַטע, מאַמע, אורי און נילי זיצן אַרום טיש. דער טיש איז געגרייט מיט יום־טובֿדיקע מאכלים.

— עסט, קינדערלעך, עסט! — שטופּט אונטער די מאַמע. — איר דאַרפֿט וויסן, אַז ביז מאָרגן פֿרי טאָרט איר ניט נעמען אין מויל אַרײַן — גאָר ניט! ניט קיין עסנוואַרג און ניט קיין געטראַנק.

— און איך וועל דווקא פֿאַסטן ביז מאָרגן אָוונט, ווי אַלע גרויסע! — רופֿט אויס אורי, אַ צוועלפֿיאָריק יִנגל מיט בלייכע באַקן און גרויסע פֿלאַמענדיקע אויגן.

— אַוודאי! — לאַכט אים אויס זײַן קלענערע שוועסטער נילי. — דו ביסט אַ קליינער גיבור און אַ גרויסער באַרימער(1)!

די מאַמע קוקט אָן נילין פֿאַרוווּנדערט און זאָגט:

— אויב אורי וויל, קען ער פֿאַסטן!

— אורי איז שוין אַ גרויסער, — רופֿט זיך אָן אויך דער פֿאָטער, — איבער אַ יאָר ווערט ער שוין בר־מצווה!

אורי איז צופֿרידן. פֿאַר אַ יאָרן האָט ער געפֿאַסט נאָר ביז מיטאָג. דער טאַטע האָט אים געהייסן גיין עסן... אָבער איצט איז דער טאַטע אײַנשטימיק. ער ווייסט טאַקע אַלעמען באַווײַזן, אַז ער איז שוין אַ גרויסער!

---

3. פֿאַרנעמען — דאָ: דערהערן.
4. טרייסט — consuelo.
1. באַרימער — presumido.

נאָכן עסן גייט אורי מיטן טאַטן אין שול אַריַין. אויפֿן וועג באַגעגנט ער זיַינע חבֿרים און ער זאָגט זיי אָן גלייַך די בשׂורה(2), אַז ער וועט פֿאַסטן אַ גאַנצן טאָג. אַפֿילו זיַין פֿאָטער דערלויבט אים צו פֿאַסטן.

די חבֿרים אָבער לאַכן אים אויס, און דודי, זיַין בעסטער חבֿר, גיט אים אַ זאָג:

— פּונקט ווי פֿאַר אַ יאָרן...

אורי איז אַזש רויט געוואָרן פֿון פּאַרדרוס(3). ער האָט געוואָלט גלייַך אויפֿן אָרט זיך אָפּרעכענען מיט זיַין חבֿר. אָבער ער האָט זיך דערמאָנט, אַז איצט איז יום-כּיפּור, אַ הייליקער טאָג, וואָס מע דאַרף בעטן פֿאַרגע־בונג(4) איינער ביַים צווייטן, האָט ער אָפּגעשווינגן. אין האַרצן האָט ער אים אַפֿילו מוחל געווען.

אין שול ביַים דאַווענען האָט ער געבעטן גאָט, אַז ער זאָל אים געבן כּוח צו פֿאַסטן. אויף מאָרגן איז ער אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿרי און גע־לאָפֿן אין שול לעבעדיק און מונטער(5), וויַיל ער האָט ניט געפֿילט קיין הונגער. אַרום צוועלף אַ זייגער איז ער געגאַנגען אַהיים. באַגעגנט אים נילי, און אין איין האַנט האַלט זי אַ שטיקל חלה, און אין דער צווייטער — אַ שטיקל הון. אויך איר מויל איז געווען פֿול פֿאַרנומען. אורי האָט זיך אָפּגעקערט אין אַ זיַיט ניט צו קוקן אויף דעם עסנוואַרג, אָבער נילי שפּרינגט קעגן אים און רופֿט:

— יאָ, דו ווילסט!...

אורי האָט אויפֿגעהויבן זיַין האַנט, געוואָלט אַרויסריַיסן פֿון איר די הון, אָבער ער האָט נאָר אַ שמייכל געטאָן און איז אַנטלאָפֿן פֿון שטוב.

ב

ווען אורי איז געקומען אין שול, האָט ער ערשט דערפֿילט אַז ס׳הונ־גערט אים. וויַיזט אויס, אַז אויף זיַין פּנים האָט מען געקענט דערקענען, אַז ער ליַידט הונגער, וויַיל זיַין פֿאָטער האָט אים צו פֿיל באַטראַכט... נאָר אורי האָט זיך געשטאַרקט און אָנגעהויבן דאַווענען אויף אַ קול.

אַזוי ווי ער דאַוונט — ווערט זיַין שטימע שוואַכער און שוואַכער, ני־דעריקער און נידעריקער, זיַינע אויגן פֿאַרמאַכן זיך, און אַ שלאָף נעמט אים אַרום, שפּאַרט ער אָן דעם קאָפּ אויף זיַינע הענט, און...

דערוויַיל האָט מען געעפֿנט דעם אָרון-קודש. אַלע האָבן זיך צעשאָקלט און צערוישט, ווי אַ וואַלד פֿאַרן שטורעמווינט:

ובשופֿר גדול יתּקע ומלאָכים יחפֿזון...

---

2. בשׂורה — וויכטיקע ניַיעס.
3. פּאַרדרוס — דאָ: כּעס.
4. פֿאַרגעבונג — אַנטשולדיקונג.
5. מונטער — פֿריילעך.

...אַ מלאך האָט אים אָנגענומען בײַ דער האַנט... מיט אַ מאָל זײַנען בײַ אים אויסגעוואַקסן פֿליגל, און זיי ביידע האָבן זיך אויפֿגעהויבן און געפֿלויגן. אַרום און אַרום איז שטיל, מע הערט נאָר דאָס פֿאָכען פֿון די פֿליגל, ווי זיי שפּאַלטן די לויטערע(6) לופֿט. דער הימל ווערט אַלץ נעענטער. אָט האָט ער זיך געעפֿנט. זיי פֿליִען ווײַטער פֿון הימל צו הימל, ביזן זי־בעטן הימל, און בלײַבן שטיין לעבן דעם כּסא הכּבֿוד(7). איבער אים שוועבט(8) אַ גרויסער מלאך און האַלט אין האַנט אַ וואָגשאָל(9).

מיט אַ מאָל קומען אָן צוויי פּיתּות קליינע מלאָכימלעך: איינע — קלאָרע־ווײַסע, און די צווייטע — מוטנע־שוואַרצע.

רופֿט דער מלאך צו אורין:

— די ווײַסע־קלאָרע מלאָכימלעך זײַנען דײַנע גוטע מעשׂים, און די מוטנע־שוואַרצע — זײַנען דײַנע שלעכטע מעשׂים. ווען מיר אָפּוועגן איינע קעגן די צווייטע.

די ערשטע זײַנען אַרויפֿגעשפּרונגען אויף איין שאָל די שוואַרצע מלאָכימלעך און גלײַך אַראָפּגעוויגן ביז גאָר אונטן. די ווײַסע מלאָכימ־לעך האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען אויף דער צווייטער שאָל, איינער נאָכן צווייטן.

אורי שטייט און ציטערט. כּמעט אַלע ווײַסע מלאָכימלעך זײַנען שוין אַרויף, אָבער די שאָל פֿון די שוואַרצע וועגט נאָך אַלץ איבער. ווען דאָס לעצטע ווײַסע מלאכל איז אַרויף, האָבן זיך ביידע שאָלן אויסגעגלײַכט. די וואָגשאָל האָט זיך נאָך געוויגט אַרויף און אַראָפּ, אָבער צום סוף האָבן זיך ווידער די ביידע שאָלן אויסגעגלײַכט.

פּלוצעם הערט זיך אַ קול:

— מאַכט אַ וואָרע! מאַכט אַ וועג!

אַ קליין, יונג מלאכל מיט ווײַסע פֿליגל און הימל־בלויע אויגן האָט זיך באַוויזן פֿליִענדיק פֿון דער ווײַטנס.

— ווער איז דאָס שיינע מלאכל? — פֿרעגט אורי.

— דאָס איז דאָס מלאכל פֿון פֿאַרגעבונג, — ענטפֿערט מען אים, — ער איז נאָר־וואָס באַשאַפֿן געוואָרן, ווען דו האָסט פֿאַרגעבן דײַן חבֿר דודן, וואָס האָט דיר אַזוי פֿאַרשעמט...

דאָס מלאָכל איז אַרויף אויף דער שאָל פֿון די ווײַסע און מיט אַ מאָל זי איבערגעבויגן.

— אורי איז גערעכט! אורי איז גערעכט! — האָט מען אויסגערופֿן אַרום און אַרום.

---

6. לויטער — זייער ריין.
7. כּסא הכּבֿוד — גאָטס טראָן.
8. שוועבן — פֿליִען.
9. וואָגשאָל — balanza.

דער מלאך האָט אָנגענומען אורין, און ביידע זײַנען זיי געפֿלויגן און אָנגעקומען ביז א װוּנדער־טויער.
— עפֿנט אויף דעם טויער! — קלאַפּט אָן דער מלאך.

⁂

אורי האָט אויפֿגעוואַכט.
— שטיי אויף, מײַן קינד! — זאָגט אים זײַן פֿאָטער. — מע דאַוונט שוין „נעילה״.
אורי רײַבט זיך אויס די אויגן, קוקט זיך אַרום. די זון האַלט בײַ פֿאַר־גיין, זי באַשטראַלט די שויבן מיט רויטגאָלד. ס׳ווערט טונקל.
אורי פֿילט זיך אויפֿגעפֿרישט, ער איז גאָר ניט הונגעריק...
און מיט זײַן הויכן קלינגענדיקן קולעכל האָט ער זיך צעזונגען מיטן גאַנצן קהל:
„לשנה הבאה בירושלים!״




א

פֿאַראַן מענטשן, וואָס האָבן קיין זאַך נישט געלערנט, און קאָנען אַלצדינג; אין ערגעץ נישט געווען, און ווייסן אַלצדינג; אויף קיין זאַך נישט באַטראַכט זיך, און פֿאַרשטייען אַלצדינג.
אָט אַזאַ מענטש איז געווען בײַ אונדז אין קאַסרילעווקע, און גערופֿן האָט מען אים „שוין איין מאָל משה״.
דערפֿאַר האָט מען אים גערופֿן „שוין איין מאָל משה״, ווײַל אויף יעדער זאַך, וואָס ער האָט געזען, געהערט אָדער געמאַכט, האָט ער ליב געהאַט צו זאָגן: „שוין איין מאָל אַזוי״.
— מען האָט געטראָגן אַן אינדיק(1) אויף פּסח — שוין איין מאָל אַן אינדיק!
— מאָרגן וועט זײַן אַ פֿראָסט אין דרויסן — שוין איין מאָל אַ פֿראָסט!
— אוי, ייִדן, בין איך אַן אָרעמאַן — שוין איין מאָל אַן אָרעמאַן!

1. אינדיק — pavo.

און אַזוי אַלצדינג.

נישט געווען אַיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס „שוין איין מאָל משה" זאָל דאָס ניט קאָנען מאַכן: אַ שטוב — איז אַ שטוב; אַ זייגער — איז אַ זייגער; אַ מאַשינע — איז אַ מאַשינע; אַ לעמפּל, אַ דריידל, אַ קראַן(2), אַ שפּיגל, אַן עמער, אַ שטײַג(3) — און וואָס נישט?

אמת, קיינער האָט נישט געקאָנט אָנווײַזן אויף די הײַזער מיט די זייגערס מיט די מאַשינעס, וואָס זענען אַרויס פון זײַנע הענט, נאָר אַלע זענען געווען איבערצײַגט, אַז משה קאָן. אַז מען האָט משהן נישט צעריסן אויף שטיקלעך, איז ער געווען איינער אַ גליקלעכער! האָט זיך איבערגע־דרייט אַ שלאָס — צו וועמען איז מען געגאַנגען? צו משהן.

האָט זיך געשטעלט אַ זייגער — צו משהן. פאַרשטאָפּט דער קראַן פונעם סאַמאָוואַר(4) און עס קאָן זיך נישט צאַפּן — ווידער אַ מאָל „שוין איין מאָל משה".

אמת, דעם איבערגעדרייטן שלאָס האָט מען טאַקע נאָך דעם פאַר־וואָרפן אַן איבערגעדרייטן ערגעץ אויף אַ שאַפע; דעם זייגער האָט מען געמוזט אָפּגעבן צום זייגערמאַכער, און דעם סאַמאָוואַר צום קעסלער(5); נאָר „שוין איין מאָל משה" איז געבליבן דער זעלבער „שוין איין מאָל משה", וואָס פריִער.

ב

מיט דעם דאָזיקן „שוין איין מאָל משה" זענען מיר געוואָרן גאַנץ נאָענטע שכנים אין איין דירה, אונטער איין דאַך.

— איך בעט דיך, זאָלסט מיר געזונט זײַן, וואָס וועלן מיר טאָן מיט אַ סוכּה?

אַזוי רופט זיך אָן די מאַמע צום טאַטן פאַר סוכּות.

— דו קערסט אַוודאי וועלן זאָגן: וואָס וועלן מיר טאָן **אָן אַ סוכּה**?

אַזוי ענטפערט איר דער טאַטע. און פּלוצלינג, ווי ער וואָלט זיך ערשט דערמאָנט, שרײַט ער אויס לעבעדיק:

— שאַ, מיר האָבן דאָך עפּעס אַ שכן משה, „שוין איין מאָל משה"!

— ווי רעכנט איר, ר' משה, צו שטעלן די סוכּה? — פרעגט דער טאַטע. און „שוין איין מאָל משה", פאַררײַסן דאָס היטל און פאַרטראַכט, ווי אַ גרויסער אַרכיטעקטאָר, וואָס באַקלערט זייער אַ גרויסן פּלאַן, ווײַזט מיט ביידע הענט פון דאַנען אַהער און פון דאָרטן אַהין און וויל געבן צו פאַר־שטיין, אַז ווען די דירה שטייט ניט אין דרויסן און האָט אַ הויף, פאַרשפּאָרט מען דעמאָלט צוויי ווענט, און די סוכּה ווערט בײַ אים פאַרטיק אין איין

---

3. שטײַג — jaula.

2. קראַן — llave de agua.

4. סאַמאָוואַר — כּלי אויפצוזידן וואַסער אויף טיי.

5. קעסלער — hojalatero.

טאָג. וואָס זאָג איך, אין איין טאָג — אין איין שעה! נאָר אַזוי ווי די דירה האָט נישט קיין הויף און מע דאַרף האָבן פּיר ווענט, וועט דאָס ביַי אים אַ ביסל געדויערן: נאָר דערפֿאַר וועט דאָס זיַין אַ סוכּה — שוין איין מאָל אַ סוכּה! דער עיקר(5), עס זאָל נאָר זיַין מאַטעריאַל.

— מאַטעריאַל וועט זיַין, האָט איר זשע אינסטרומענטן? — פֿרעגט אים דער באַלעבאָס פֿון הויז, הערשקע מאַמצים.

— אינסטרומענטן וועלן זיך געפֿינען, האָט איר זשע געהילף? — פֿרעגט אים משה.

— געהילף איז פֿאַראַן , האָט איר זשע טשוועקעס? — פֿרעגט אים הערשקע.

—טשוועקעס קאָן מען קריגן, האָט איר זשע סכך(6)? — פֿרעגט אים משה, און ביידע צעלאַכן זיך.

ג

נאָר אַז הערשקע מאַמצים, דער באַלעבאָס פֿון הויז, האָט געבראַכט צו שלעפּן די ערשטע עטלעכע ברעטלעך מיט די ערשטע פּאָר קלעצלעך, האָט „שוין איין מאָל משה" געזאָגט, אַז עס וועט זיַין שוין איין מאָל אַ סוכּה. און איך בין געווען זייער ניַיגעריק צו וויסן, ווי אַזוי וועט ער דאָס מאַכן פֿון די דאָזיקע עטלעכע ברעטלעך מיט די פּאָר קלעצלעך אַ סוכּה? איך האָב אויסגעבעטן ביַי דער מאַמען, זי זאָל מיך לאָזן זיַין דערביַי, בשעת משה וועט מאַכן די סוכּה. און ביַי משהן אַליין האָב איך דאָס באַלד גע־געפּועלט(7); נישט נאָר ער האָט מיר דערלויבט צו זיַין דערביַי, אַדרבה(8) — ער האָט מיר געזאָגט, איך זאָל אים זיַין אַ „געהילף", דאָס הייסט איך זאָל אים העלפֿן דערלאַנגען און צוהאַלטן, וואָס ער וועט מיר הייסן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך בין פֿון אַזאַ מעשׂה געווען אויפֿן זיבעטן הימל. אַ קלייניקייט — איך וועל העלפֿן בויען אַ סוכּה! און געהאָלפֿן האָב איך זייער אַ סך: געהאָלפֿן גיין אין שטוב אַריַין גליַיך מיט אים עסן; גע־האָלפֿן שריַיען אויף די איבעריקע קינדער, זיי זאָלן אונדז ניט שטערן די אַרבעט, און געהאָלפֿן אונטערטראָגן אים אַלע מאָל דעם האַמער, בשעת ער האָט באַדאַרפֿט האָבן אַ טשוואָק. אַן אַנדערער אויף זיַין אָרט וואָלט פֿאַר אַזאַ מין „העלפֿן" מיט אַזאַ מין „אונטערטראָגן" געוואָרפֿן אין קאָפּ אַריַין דעם האַמער, אָדער די „צוואַנג"(9); נאָר „שוין איין מאָל משה" איז געווען אַ מענטש אָן אַ גאַל. אים האָט קיינער נישט געזען, ער זאָל זיַין אין כּעס.

---

5. דער עיקר — דאָס וויכטיקסטע.
6. סכך (סכאַך) — צוויַיגלעך צו באַדעקן די סוכּה.
7. אדרבה — דאָ: נאָך מער.
8. געפּועלט — אויסגעפֿירט.
9. צוואַנג — pinzas.

און ווײַל איך בין געווען זייער פֿאַרטיפֿט אין דער אַרבעט, האָב איך גאָר נישט באַמערקט, ווי אַזוי און פֿון וואַסערע ניסים ס'איז בײַ אונדז פֿאַרטיק געוואָרן די סוכּה.

— קום, ווערסטו זען די סוכּה, וואָס מיר האָבן אויסגעבויט! — אַזוי זאָג איך דעם טאַטן און שלעפּ אים אַרויס פֿאַר דער פּאָלע אין דרויסן אַרויס. און דער טאַטע קוועלט אָן פֿון אונדזער אַרבעט, קוקט אויף משהן מיט אַ שמייכל און זאָגט צו אים, באַווײַזנדיק אויף מיר:

— האָט איר כאָטש געהאַט פֿון אים, ר' משה, אַ שטיקל הילף?

— שוין איין מאָל אַ הילף! — זאָגט משה און קוקט אַרויף אויפֿן דאַך פֿון דער סוכּה מיט יסורים(10).

— אונדזער הערשקע זאָל שוין ברענגען צו טראָגן דעם סכך, וואָלט שוין געווען איין מאָל אַ סוכּה!

ד

ערבֿ סוכּות האָט הערשקע מאַמצים געבראַכט צו פֿירן אַ וואָגן מיט דינע, דינע שטעקעלעך, אַ מין קאַמיש(11), וואָס וואַקסט בײַ אונדז אויף יענער זײַט טײַך אין געמויזעכץ(13), און מיר האָבן זיך גענומען דעקן די סוכּה. דאָס הייסט, דעקן האָט געדעקט משה אַליין, און איך האָב געדאַרפֿט צעטרײַבן די ציגן, וואָס האָבן זיך צוגעכאַפּט צום דאַזיקן סכך, ווי צו עפּעס רעכטס. איך ווייס נישט, וואָס פֿאַר אַ טעם האָבן זיי געפֿונען אין די דאַזיקע ביטערע גרינע שטעקעלעך.

ווען דער גאַנצער סכך איז שוין געלעגן אויף דער סוכּה, האָבן מיר זיך גענומען אויספּוצן די סוכּה פֿון אינעווייניק. קודם כּל האָבן מיר אויסגעשאָטן די ערד מיט געלן זאַמד, נאָך דעם האָבן מיר אַרומגעהאַנגען די ווענט מיט אַלערליי קאַלדרעס; און דאָרט, ווו עס האָט נישט געכאַפּט קיין קאָלדרעס, איז געהאַנגען אַ שאַל, און אַז עס האָט ניט געכאַפּט קיין שאַלן, איז געהאַנגען אַ טישטעך אָדער אַ לײַלעך(13). און ערשט נאָך דעם האָבן מיר אַרויסגעטראָגן די טישן מיט די בענקלעך, די לײַכטער מיט די בענטשליכט, דאָס געפֿעס(14) מיט די מעסערס מיט די גאָפּלען מיט די לעפֿל, און די באַלעבאָסטעס זענען געגאַנגען בענטשן ליכט אין סוכּה.

די מאַמע האָט פֿאַרשטעלט די אויגן מיט ביידע הענט און געבענטשט ליכט. דער טאַטע האָט אָנגעטאָן זײַן שבתדיקע זײַדענע קאַפּאָטע און געזאָגט צו מיר:

---

10. יסורים — ווייטיקן.

11. קאַמיש — וואַסער־געוויקסן.

12. געמויזעכץ — pantano.

13. לײַלעך — sábana.

14. געפֿעס — טעלער, לעפֿל א"אַ.

— קום, לאָמיר גיין, שוין צײַט גיין אין שול אַרײַן דאַוונען.
נאָכן דאַוונען זענען מיר געקומען צוריק אין סוכּה אַרײַן מיט אַ שיי־נעם ברייטן „גוט־יום־טובֿ!״ און דער טאַטע האָט זיך געשטעלט מאַכן קידוש. נאָכן טאַטן מאַכט קידוש „שוין איין מאָל משה״ און נאָך אים דער באַלעבאָס אַליין — הערשקע מאַמצים. און מיר גייען זיך וואַשן צו דער סעודה, און אַלע דרײַ באַלעבאָסטעס ברענגען צו טראָגן די גוטע, וואַרעמע, פֿרישע, געפּעפּערטע, שמעקעדיקע פֿיש — און איטלעכער זעצט זיך מיט זײַן געזינדל(15) בײַ זײַן טיש. אַ סך קוילעטשן(16), אַ סך הענט טונקען ווייכן קוילעטש אין הייסע פֿישיויך, אַ סך מײַלער עסן. און אַ ווינטל בלאָזט אַרײַן אין סוכּה דורך די דינע שוואַכע ווענטלעך און דורכן שיטערן סכך. און די ליכטלעך שמעלצן זיך, און אַלע עסן געשמאַק די יום־טובֿדיקע סעודה — און עס שטעלט זיך מיר פֿאָר, אַז ס׳איז נישט קיין סוכּה, נאָר אַ פּאַלאַץ, אַ גרויסער, אַ ליכטיקער פּאַלאַץ...
פּלוצעם — טרראַך! דער גאַנצער דאַך מיט סכך אויף אונדזערע קעפּ! און נאָכן דאַך איין וואַנט, און די אַנדערע ווענט בייגן זיך, פֿאַלן, און עפּעס אַ ציג פֿליט פֿון אויבן אַראָפּ גלײַך אויף אונדז! און מיט אַ מאָל ווערט פֿינצ־טער; און מיר אַלע, מיט די קוילעטשן, מיטן געפֿעס, מיט דער ציג ליגן אין זאַמד. און די לבֿנה שײַנט, און די שטערן קוקן. און די ציג כאַפּט זיך אויף מיט שרעק אויף די דינע פֿיסלעך, בלײַבט שטיין אַ ווײַלע און קוקט זיך אַרום מיט נאַרישע אויגן. באַלד כאַפּט זי די פֿיס אויף די פּלייצעס און מאַרש איבער טישן און איבער בענק און איבער קעפּ מיט אַ געשריי: מע־ע־ע־ע! די ליכט אַלע אויסגעלאָשן, דאָס געפֿעס צעבראָכן, די קוילעטשן אין זאַמד, מיר אַלע איבערגעשראָקענע אויף טויט, די ווײַבער קוויטשען, די קלײנע קינדער וויינען — אַ חורבן! אַן אמתער חורבן!

⁂

— אַ שיינע סוכּה האָט איר אויפֿגעשטעלט! — זאָגט צו אונדז נאָך דעם דער באַלעבאָס, הערשקע מאַמצים, מיט אַזאַ טאָן, גלײַך ווי מיר וואָלטן בײַ אים גענומען פֿאַר דער סוכּה וועד ווייסט וויפֿל, — אַז איין ציג האָט זי געקאָנט אַנידערלייגן. אַ שיינע סוכּה!
— שוין איין מאָל אַ סוכּה! — זאָגט „שוין איין מאָל משה״, שטייט ווי אַן אויסגעפּאַטשטער און באַטראַכט מיט קאָפּ, פֿון וואַנען אייגנטלעך האָט זיך גענומען דער דאָזיקער חורבן. — שוין איין מאָל אַ סוכּה!
— יאָ, שוין איין מאָל אַ סוכּה! — קרימט איבער דער באַלעבאָס, און אַלע העלפֿן אים אונטער אין איין קול:
— שוין איין מאָל אַ סוכּה!

---

15. געזינדל — פֿאַמיליע. 16. קוילעטש — געפֿלאָכטענע חלה.

## אַבֿרהם רייזען

## סוכּות אין דער אַלטער היים

אונדזער ייִדיש־ליבע היים
שיינקייט האָט פֿאַרמאָגט אַ סך,
צווײַגעלעך פֿון גרינעם בוים
ברענגט דאָס פֿויגל פֿאַר סכך...

פֿון דעם הויף, בײַם קליינעם הויז,
בײַ אַ פֿענצטערל אין מיט,
זעט די סוכּה זיך אַרויס,
און עס דאַכט זיך, אַז זי בליט...

און דער פֿאָטער, לויט זײַן שטאַנד(1),
לאַנג אַן אתרוג האָט געזוכט,
ביז ער האָט פֿון אונדזער לאַנד
זיך דערגרייכט די שיינע פֿרוכט...

און די אָרעמקייט פֿאַרשווינדט:
בלוי דער הימל, קלאָר די לופֿט;
פּאַלמען רוישן לינד(2) אין ווינט,
און אתרוגים שפּרייטן דופֿט(3).

## מרים ראַסקין

## די געקויפֿטע סוכּה

ווי נאָר עס איז געקומען נאָענט צו די ימים־טובֿים, האָט שוין דוד אָנגעהויבן ריידן צו זײַן טאַטן וועגן בויען אַ סוכּה. פֿאַר אַ יאָרן אין דער צײַט האָט דער טאַטע די אַרבעט שוין געהאַט אָנגעהויבן, נאָר הײַנטיקס יאָר האָט ער נאָך וועגן דעם גאָרניט געטאָן. דודל איז געוווען אומרויִק.

— ווען וועלן מיר שוין אָנהייבן בויען אַ סוכּה? — האָט ער געפֿרעגט.

— זעסטו דאָך, מײַן זון, אַז איך בין אַזוי פֿאַרנומען מיט מײַן אַרבעט, — האָט אים דער טאַטע געענטפֿערט, — האָב איך קיין צײַט נישט אָפּצוגעבן זיך מיט בויען אַ סוכּה.

---

1. שטאַנד — דאָ: מעגלעכקייטן.
2. לינד — ווייך, גרינג.
3. דופֿט — גוטער ריח.

נאָר אַז דודל איז שוין עטלעכע מאָל צוגעשטאַנען און אַלץ געמאָנט און ענטפֿער, האָט דער טאַטע איין מאָל זיך אָפּגערופֿן:

— ווייסטו וואָס, דודל, מיר וועלן גאָר קויפֿן אַ פֿאַרטיקע(1) סוכּה.

— אַזוי גאָר, מען קאָן קויפֿן אַ סוכּה? — האָט זיך דוד געוווּנדערט.

— יאָ, מען קאָן קויפֿן אַ סוכּה, — האָט אים דער טאַטע געזאָגט, — אַ פֿאַרטיקע סוכּה.

נאָך די זעלביקע וואָך איז דאָס געשען. פֿון אַ געשעפֿט האָט מען געבראַכט צו פֿירן אַ צונויפֿגעלייגטע סוכּה. אַז מען האָט זי צונויפֿגעשטעלט און אַוועקגעשטעלט אין דרויסן, אויף דער וועראַנדע, איז עס געווען אַ שיין בײַדל, געמאַכט פֿון דינע, פֿאַלירטע ברעטלעך, גרויס גענוג אַוועקצו־שטעלן אַ טיש מיט שטולן. אויבן, אָנשטאָט סכך, איז געווען אַ דעכל פֿון דינע שטעקעלעך, ווי עס האָט זיך דורכגעלויכטן דער הימל.

דוד האָט זיך זייער געפֿרייט. די ערשטע זאַך איז ער געלאָפֿן אָנזאָגן דעם זיידן.

— זיידע, מיר האָבן שוין אַ פֿאַרטיקע סוכּה! — האָט ער אים אָנגעזאָגט די בשׂורה(2).

— אַ פֿאַרטיקע סוכּה? ווי אַזוי איז דאָס געשען? — האָט זיך דער זיידע געוווּנדערט.

— דער טאַטע האָט זי געקויפֿט, עס איז אַ שיינע סוכּה.

— אַזוי גאָר? — האָט דער זיידע אומעטיק צוגעשמייכלט.

דוד האָט געמיינט, אַז דער זיידע וועט זיך אויך פֿרייען מיט דער סוכּה, צום סוף האָט ער געזען, ווי ער איז מיט עפּעס ניט צופֿרידן.

—אַ פֿאַרטיקע סוכּה איז דאָך נאָך בעסער. מע דאַרף ניט אַרבעטן, האַקן און קלאַפּן, — האָט דוד זיך אָפּגערופֿן. נאָר דער זיידע האָט אַלץ או־מעטיק געשמייכלט:

— יאָ, דאָ אין אַמעריקע קריגט מען אַלץ פֿאַרטיקע.

— איז פֿאַר וואָס ביסטו עפּעס ניט צופֿרידן, זיידע?

— קינד מײַנס, — האָט אים דער זיידע געזאָגט, — עס איז פֿאַראַן אַן אונטערשייד פֿון דעם, וואָס דו קויפֿסט אַ פֿאַרטיקע זאַך, צו דעם וואָס דו בויסט עפּעס אויף מיט דײַנע אייגענע הענט.

דוד האָט עס ניט גוט פֿאַרשטאַנען, און דער זיידע האָט זיך אָפּגערופֿן:

— דו ווילסט וויסן דעם אונטערשייד? קום, זעץ זיך דאָ אַ ווײַלע, וועל איך דיר דערקלערן.

דוד האָט שוין געוווּסט, אַז דער זיידע האָט אַלע מאָל טשיקאַווע מע־שׂיות צו דערציילן. דער זיידע איז שוין געווען אַלט, נאָר רירעוודיק(3)

---

1. פֿאַרטיקע — גרייטע.
2. בשׂורה — וויכטיקע נײַעס.
3. רירעוודיק — דינאַמיש.

און קרעפּטיק, און פֿון אונטער די גרויע ברעמען(4) זײַנע האָבן אַרויסגע־קוקט אַ פּאָר גוטע, שמייכלענדיקע אויגן. גערעדט האָט דער זיידע געלאַסן, ניט געאײַלט. ער האָט געהאַט אַ סך געדולד צו ענטפֿערן, אַז מען האָט אים עפּעס געפֿרעגט. און דודס טאַטע־מאַמע האָבן קיין מאָל ניט געהאַט גענוג צײַט צו שמועסן מיט זייער זון. דערפֿאַר האָט דוד ליב געהאַט צו פֿאַרברענגען אָפֿט מיט זײַן זיידן בײַ אים אין צימער.

— יאָ, עס איז פֿאַראַן אַן אונטערשייד, צי דו קויפֿסט אַ פֿאַרטיקע זאַך, צי דו בויסט עפּעס אויף מיט דײַנע אייגענע הענט, — האָט דער זיידע גענומען דערקלערן דודן. — ווען דו ווילסט עפּעס אויפֿטאָן אַליין, דאַרפֿסטו אָפֿט שווער אַרבעטן. דו דאַרפֿסט צולייגן קאָפּ. נאָר דערפֿאַר פֿילסטו, אַז דו טוסט עפּעס אויף. דו האָסט עפּעס באַשאַפֿן אַליין, מיט דײַנע אייגענע הענט. דו פֿאַרשטייסט?

— יאָ, איך פֿאַרשטיי, — האָט דוד געזאָגט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער אַליין האָט איין מאָל זיך געמאַטערט, ווען ער האָט געוואָלט אויסבויען אַ קליינעם עראָפּלאַן. און דערנאָך, ווי ער האָט זיך געפֿרייט, ווען דער עראָפּלאַן איז פֿאַרטיק געוואָרן.

איצט האָט דער זיידע אָנגעהויבן דערציילן פֿון דער צײַט, ווען ער אַליין איז נאָך אַ קליין ייִנגל געווען, דאָרט אין דער ווײַטער היים. ער גע־דענקט, ווי באַלד נאָך יום־כּיפּור האָט מען שוין אָנגעהויבן בויען די סוכּה. דער טאַטע איז געווען דער בוימײַסטער. אַ גאַנצן טאָג האָט ער געקלאַפּט מיטן האַמער, געזעגט ברעטער. אַלע קינדער פֿון שטוב האָבן דעם טאַטן אַרויסגעהאָלפֿן אין דער אַרבעט. די פּויערים פֿון דאָרף האָבן שוין געוווּסט אין דער־אָ צײַט צו ברענגען סכך פֿאַר די סוכּות, צווײַגן פֿון סאָסנעביי־מער(5) און פֿון יאָלקעס, וואָס די ייִדן האָבן בײַ זיי געקויפֿט.

דערנאָך איז געקומען די אַרבעט פֿון באַפּוצן און באַצירן די סוכּה. דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז געווען אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט. די מאַמע האָט אויפֿגעהאַנגען ווײַסע פֿאַרהענגלעך אויף די פֿענצטער און אויף די ווענט בילדער פֿון גרויסע, געלערנטע ייִדן. די קינדער האָבן אויפֿגעהאַנגען בינטלעך ווײַנטרויבן צווישן דעם סכך און אויך אַנדערע פֿרוכטן. און אַז אַלץ איז פֿאַרטיק געוואָרן, האָבן אַלע אין דער פֿאַמיליע זיך געפֿרייט, און עס איז געווען יום־טובֿדיק און פֿריילעך אין אַלע ווינקעלעך פֿון שטוב.

דוד איז געזעסן אַ פֿאַרטראַכטער, הערנדיק דעם זיידן דאָס אַלץ דערציילן. אַז דער זיידע הייבט אָן פֿון עפּעס צו ריידן, איז ווי עס וואָלט זיך

---

4. ברעמען — cejas.  5. סאָסנע — pino.
יאָלקע — abeto.

געעפֿנט פֿון ערגעץ אַ קוואַל. דער זיידע האָט גערעדט אויף ייִדיש, אָבער דוד האָט אים זייער גוט פֿאַרשטאַנען.

דער זיידע האָט זיך איצט גענומען דודן צו דערקלערן דעם זינען פֿון זיצן און עסן אין סוכּה, וואָס איז אַ דערמאָנונג פֿון גאָר אַ מאָל, ווען די ייִדן זײַנען אַרויס פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט אין מצרים, ווי זיי האָבן געוואַנדערט אין דער מדבר און אויפֿגעשטעלט בײַדלעך, אויפֿן וועג צום צוגעזאָגטן לאַנד.

סוכּות איז אויך געווען די צײַט פֿון אײַנזאַמלען דאָס גערעטעניש(6) פֿון די פֿעלדער און גערטנער, פֿון די פּרוכטן און גרינסן, דעמאָלט ווען מען איז שוין געווען אין אייגענעם לאַנד.

דוד האָט געוואָלט הערן נאָך און נאָך, נאָר דער זיידע האָט געזאָגט:

— עס איז ניט אויף איין מאָל אַלץ צו דערציילן. מע דאַרף וועגן דעם אַ סך לערנען. און איצט קום, לאָמיר אָנקוקן די סוכּה.

זיי זײַנען אַרויס אויף דער וועראַנדע, וווּ די סוכּה איז געשטאַנען. דודס טאַטע-מאַמע זײַנען אויך אַרויסגעקומען.

— נו, ווי געפֿעלט דיר די סוכּה, פּאַ? — האָט דודס טאַטע געפֿרעגט דעם זיידן.

— יאָ, עס איז אַ פֿײַנע סוכּה, — האָט דער זיידע זיך אָפּגערופֿן.

— איך וועל אויפֿהענגען שיינע פֿאַרהענגלעך אויפֿן פֿענצטער, — האָט דודס מאַמע געזאָגט, — און אַוועקשטעלן בלומענטעפּ אויף אַ טישע־לע אין ווינקל.

— און איך וועל אויפֿהענגען בינטלעך ווײַנטרויבן אויף די ווענט, — האָט דוד זיך אָפּגערופֿן, — און איך וועל צוטראַכטן נאָך באַפּוצונגען פֿאַר דער סוכּה.

דודס טאַטע איז שטענדיק געווען פֿאַרנומען מיט זײַנע געשעפֿטן, דאָך האָט ער שטאַרק ליב געהאַט צו פּראַווען אַלע ייִדישע ימים־טובֿים. און איצט איז ער נאָך מער דורכגענומען געוואָרן מיט דעם גײַסט פֿון יום־טובֿ.

— דו ביסט אַ ווויל ייִנגל, דודל! — האָט ער געזאָגט צו זײַן זון און ער האָט מיט ליבשאַפֿט אים אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

---

6. גערעטעניש — cosecha.



הנן קיעל

# אושפּיזין

## (געסט אין סוכּה)

אין יום־טובֿדיקער סוכּות־נאַכט
זיי האָבן זיך באַוויזן,
איך האָב אַליין גערעדט מיט זיי,
די הייליקע אושפּיזין.

אַבֿרהם שטייט שוין בײַ דער טיר,
ער ציילט נאָך אַלץ די שטערן,
און פֿרייט זיך מיט די אייניקלעך,
וואָס מערן זיך(1) און מערן.

יצחק זיצט בײַם עק פֿון טיש
און גלעט די באָרד, די גרויע;
ער איז שוין אַלט, דאָ אויגן שוואַך,
און שמייכלט מיט הנאה.

יעקבֿ האָט מתּנות פֿיל,
געבראַכט פֿאַר יעדן קינד:
העמדעלעך פֿאַרשיידענע,
פֿון ריינעם זײַד געשפּינט(2).

יוסף זיצט און קוקט פֿאַרטראַכט
אין שטילקייט און אין שלום,
ער דערציילט אַ וווּנדערלעכן,
שפּאָגל־נײַעם חלום.

משה רבינו הערט מיך אויס
דעם חומש גאַנצע שעהען,
ער גיט אַ קניפּ אין באַק און זאָגט:
עס וואַקסט, עס וואַקסט אַ גאון(3).

אהרון הכּהן זיצט לעבן טאַטן
און האַלט מיך אויף זײַן שויס(4),
ער פֿילט זיך היימיש דאָ בײַ אונדז,
ווי אין זײַן אייגן הויז.

דוד המלך אויפֿן פֿידל
שפּילט אַ שיינעם ניגון,
און עס טוט אין זיסן שלאָף
אַ דרימל מיך פֿאַרוויגן.

אין יום־טובֿדיקער סוכּות־נאַכט
זיי האָבן זיך באַוויזן —
איך האָב אַליין גערעדט מיט זיי,
די הייליקע אושפּיזין...

---

1. מערן זיך — ווערן מער.
2. שפּינען — hilar.
3. גאון (גאָען) — גרויסער געלערנטער.
4. שויס — regazo.

זינאַ ראַבינאָוויטש

# דער שׂמחת־תּורה־ניגון

איז דען פֿאַראַן אַ ייִד, וואָס האָט קיין מאָל נישט געהערט דעם שׂמחת־תּורה־ניגון — „שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תּורה”?

— לאָמיך אײַך דערציילן, וואָס עס בינדט מיך צו דעם דאָזיקן ניגון.

אין יענער צײַט בין איך געווען אַ פֿליִער אין דער אַמעריקאַנער אַר־מיי. עס איז געווען אין סאַמע ברען פֿון דעם צווייטן וועלטקריג, און איך האָב געדינט פֿון יענער זײַט ים, „ערגעץ אין צפֿון־אַפֿריקע”.

איין מאָל אין אַן אָוונט, איך האָב נאָך נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען, רופֿט מען מיך צום הויפּט(1) פֿון דער לופֿט־אָפּטיילונג. נאָך אַ קורצן שמועס דערקלערט ער מיר, אַז ער זוכט אַ וואָלונטיר, וואָס זאָל אַרויספֿליִען אויף אַ וויכטיקער מיסיע איינער אַליין, אָן אַ באַגלייטער(2), ווי עס פֿלעגט געטאָן ווערן געוויינלעך.

פֿאַר וואָס? ווײַל מע דאַרף פֿליִען אין אַ קליין עראָפּלאַנדעלע, בלויז מיט איין מאָטאָר, וואָס מאַכט נישט קיין גרויסן גערויש.

איך האָב באַלד וואָלונטירט.

דער הויפּט האָט מיר איבערגעגעבן וויכטיקע פּאַפּירן, וואָס איך האָב געזאָלט אַריבערפֿירן אין אַ פּלאַץ אויך ערגעץ אין צפֿון־אַפֿריקע, וווּ מען האָט אַרויסגעקוקט אויף זיי מיט גרויס אומגעדולד. איך האָב זיך געזעגנט מיטן הויפּט און בין גלײַך אַוועק צום פֿאַרשטעלטן עראָדראָם. נישט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט, האָבן די אויפֿזעער(3) מיך צוגעפֿירט צו דער „בייבי”: דאָס עראָפּלאַנדל האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ „בייבי”, אַזוי קליין האָט עס אויסגעקוקט אין מײַנע אויגן.

און אָט זיץ איך שוין אין אַוויִאַטאָרס „גריבעלע”. איך זעץ אַרויף מײַן הוט אויפֿן קאָפּ, צי אַרונטער די בריל. מײַנע צוויי באַגלייטער פֿאָכען שוין מיט זייערע לאַמטערנעס און געזעגענען זיך מיט מיר שטומערהייט: „גיי בשלום און קער זיך אום צו אונדז בשלום!”

---

1. הויפּט — קאָמאַנדיר.
2. באַגלייטער — וואָס פֿאָרט מיט.
3. אויפֿזעער — אינספּעקטאָר.

דער פּראָפּעלער(4) דרייט זיך שוין גאַנץ שנעל, און אָט דערוויַיטער איך זיך פֿון מיַינע צוויי באַגלייטער. איין אויגנבליק און זיי בלײַבן שוין וויַיט הינטער מיר, איך הייב זיך אויף אַלץ העכער און העכער, צו די הימלען איבער די וואָלקנס, ווו די שטערן באַלויכטן דעם פּעך־שוואַרצן אַפֿריקאַנער אָוונט.

איך גיב אַ דריי דעם קאָפּ אויף צוריק — נישטאָ מער דער באָדן, אויף וועלכן איך בין ערשט מיט אַ פּאָר מינוט צוריק געשטאַנען מיט מיַינע ביידע פֿיס. מע זעט מער נישט דעם פֿאַרפֿינצטערטן לופֿטפֿלי־לאַגער! איך פֿיל זיך, גלײַך ווי איך בין איינער אַליין אויף דער וועלט. שטענדיק פֿיל איך אַזוי, ווען איך הייב זיך אויף וויַיט פֿון דער ערד, און יעדער מאָל ווען איך פֿיל זיך אַזוי אַליין, אַזוי עלנט, הייב איך אָן צו טראַכטן וועגן דער מאַמען...

אַזוי קלערנדיק, דערמאָן איך זיך אין דער לעצטער באַגעגעניש מיט דער מאַמען אין די טעג פֿון מײַן לעצטער וואַקאַציע. און וויסן זאָלט איר, אַז די מאַמע מיַינע האָט אַ טבֿע צו פֿאַרוואַנדלען(5) מײַן מיליטערישע וואַקאַציע אין אַ גרויסן יום־טובֿ. זי טעלעפֿאָנירט באַציַיטנס צו אַלע מיַינע חבֿרים און חבֿרטעס, זי גרייט אָן פֿון בעסטן און שענסטן צום עסן און צום טרינקען, זי פֿילט אָן דאָס הויז מיט געסט, דער קומט און דער גייט.

אין הויז פֿילט זיך נישט, אַז עס גייט אָן אַ גרויסע בלוטיקע מילחמה. אַזוי פֿירט זיך די מאַמע. און אַפֿילו אין דעם פֿריִען באַגינען(6), ווען איך דאַרף זיך געזעגענען מיט איר און זיך לאָזן אין וויַיטן וועג, ווו עס קאָן זיך מיט מיר טרעפֿן גאָט ווייסט וואָס, שמייכלט זי צו מיר! זי קלאַפּט מיר אין מײַן אַקסל, נעמט אַרויס פֿון איר קעשענע אַ קליין לוחל און זאָגט צו מיר, שטיל און רויִק: „דעם עיקר האָב איך פֿאַרגעסן! איך האָב געקראָגן פֿון דיַינעטוועגן אַ נײַ לוחל, אפֿשר האָסטו פֿאַרלוירן דאָס אַלטע, וואָס איך האָב דיר מיטגעגעבן, ווען דו ביסט געווען אין דער היים דאָס לעצטע מאָל"... און זי שטופּט מיר אַרײַן דאָס קליינע לוחל אין דער האַנט.

אַלע מאָל ווען איך פֿלי אַרויס אויף אַ מיסיע, האַלט איך דאָס לוחל בײַ זיך, און ווען איך קער זיך אום בשלום, פֿאַרצייכן איך אין דעם לוחל די ייִדישע דאַטע פֿון יענעם „גוטן טאָג" מיט אַ „שין" — שלום: איך האָב זיך אומגעקערט בשלום...

איצט טראַכט איך אויך וועגן דער מאַמען, און עס דוכט מיר, אַז איר פּנים איז ווי אַ גרויסע לאַמטערנע, וואָס באַלויכט מיר דעם וועג אין די טונקעלע הימלען... און פּלוצעם — „ווו איז טאַקע דער מאַמעס לוחל?"...

---

4. פּראָפּעלער — hélice.

5. פֿאַרוואַנדלען — טראַנספֿאָרמירן.

6. באַגינען — פֿאַר טאָג.

איך טאַפּ אָן די פּאַפּירן אונטער מײַן העמד, וואָס איך דאַרף איבער־געבן, נישטאָ דאָרט דאָס לוחל! איך טאַפּ אין מײַן רעכטער קעשענע, אין דער לינקער, נישטאָ!

זאָל עס זײַן, אַז איך האָב עס פֿאַרגעסן מיטצונעמען?...

עס איז מיר מיט אַ מאָל זייער טרויעריק געוואָרן אויפֿן האַרצן.

אָבער וואָס פֿאַר אַ דאַטע איז הײַנט, לויטן לוחל? לויט דער מאַמעס לוחל?

איך וויל זיך דערמאָנען, איך וויל צוריקמישן די בלעטלעך פֿון די פֿאַרגאַנגענע טעג... איך הייב אָן פֿון ראש־השנה... אויף ראש־השנה האָט מען אונדז, יידישע פֿליִער, געלאָזט פֿליִען קיין קאָנסטאַנטין, ווײַל אין יענער גרויסער שטאָט פֿון אַלזשיר זײַנען פֿאַראַן אַ סך שולן. אויף יום־כּיפּור זײַנען מיר געפֿלויגן קיין טונים און דאָרט געווען פֿון כּל־נדרי ביז נאָך נעילה, אין דעם יידישן געגנט, אין דער גרעסטער שול... דעם ערשטן טאָג סוכּות האָבן מיר פֿאַרבראַכט אין אַלזשיר, אין דער הויפּטשטאָט... צוריק מיט זעקס טעג האָבן מיר זיך אומגעקערט פֿון דאָרט, הייסט עס, אַז הײַנט איז שוין... שׂמחת־תּורה....

שׂמחת־תּורה?....

און איך זע אין די טונקעלע הימלען די העל־באַלויכטענע פֿענצטער פֿון טעמפּל „בית־אל", ווּהין איך פֿלעג גיין מיטן טאַטן אין די יום־טובֿ־טעג. און איך זע, ווי עס ציִען זיך צום טעמפּל „בית־אל" קינדער, גרויסע און קליינע, מיט פֿאָנען אין די הענט; און עס פֿלאַטערן(7) די פֿײַערלעך פֿון די אָנגעצונדענע ליכטלעך, וואָס שטעקן אין די עפּעלעך אויף די קאָלירטע פֿאָנען... און איך הער דעם ניגון: שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תּורה!....

פּלוצעם הער איך אַ מאָדנעם קלאַפּ ערגעץ אין מײַן מאָטאָר, גלײַך ווי עמעצער האָט אַהין אַרײַנגעוואָרפֿן אַ שטיינדעלע...

אַ שטיינדעלע? אַ שטיינדעלע אין מיטן הימל? ווי קומט דאָ אַ שטיינדעלע?...

אָבער איידער וואָס־ווען הייבט מײַן עראָפּלאַנדל אָן צו דרייען זיך, ווי אַ חנוכּה־דריידל... עס דרייט זיך און לאָזט זיך אַרונטער מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז עס פֿאַרכאַפּט מײַן אָטעם... איך טאַפּ אָן די פּאַפּירן אויף מײַן ברוסט, אונטער מײַן העמד, און איידער איך וויל אַ קלער טאָן, וואָס וועט זײַן, אויב זיי וועלן אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון שׂונא, פֿאַל איך אַרונטער אין אַ טיפֿן פֿינצטערן אָפּגרונט(8), ווּ מע פֿילט נישט קיין זאַך, ווּ מע פֿאַרשטייט נישט קיין זאַך, ווּ מען הערט בלויז, ווי עס קלינגט אין די אויערן, העכער, העכער, ווי גרויסע גלאָקן, און פּלוצעם ווערט שטיל, אַ שטילקייט פֿון טויט...

---

7. פֿלאַטערן — דאָ: ציטערן. 8. אָפּגרונט — abismo.

ווען איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, האָב איך זיך דערזען ליגן אויפֿן דיל, אין אַ קעמערל מיט איין פֿענצטערל, פֿון דרויסן איז געשטאַנען אַ וועכטער, אָנגעטאָן ווי אַן אַראַבער, מיט אַ ביקס אויפֿן אַקסל...

יעדער מאָל, וואָס ער גיט אַ דריי אויס זײַן פּלייצע כּדי אַרײַנצוקוקן אינעווייניק, גיב איך אַ מאַך צו מײַנע אויגן...

איך פֿיל אַ שרעקלעכן ווייטיק אין אַלע מײַנע ביינער, גלײַך ווי זיי זײַנען אַלע צעבראָכן אויף שטיקלעך.

באַלד גיב איך אַ קלער: „וואָס וועט זײַן, אויב דו ביסט טאַקע אַרײַנגעפֿאַלן צום שׂונא?"

איך טאַפּ אָן די פּאַפּירן אויף מײַן ברוסט. הייסט עס, אַז מען האָט מיך נאָך נישט באַזוכט(9)... אויב אַזוי, קלער איך, דאַרפֿסטו ליגן ווי פֿריִער, גלײַך ווי דו ביסט נאָך אַלץ פֿאַרחלשט, פּונקט ווי ווען מע האָט דיך געפֿונען... אָבער ווען האָט מען מיך געפֿונען, ווילט זיך מיר וויסן, ווען?

איך גיב אַ קוק אויף מײַן האַנטזייגער — צען אַ זייגער. בלויז איין שעה איז פֿאַרבײַ פֿון דער צײַט, ווען איך האָב זיך ארויסגעלאָזט אויף מײַן מיסיע. און ווי לאַנג בין איך געפֿלויגן, ביז וואַנען עס האָט מיך געטראָפֿן דאָס גרויסע אומגליק? ווען איך וואָלט וויסן, וואָלט איך אפֿשר געקאָנט טרעפֿן, ווו איך געפֿין זיך איצט.

אַזוי צי אַזוי, עס איז נייטיק איצט צו ליגן און צו שווײַגן און שטילערהייט אַריבערטראָגן די ווייטיקן.

פּלוצעם דערגייען צו מײַנע אויערן פֿוסטריט פֿון אַ גרויסער מאַסע מענטשן. זאָל עס זײַן, אַז די מאַסע דערנענטערט זיך צו דעם געפֿענקעניש(10)? זאָל עס זײַן, אַז מען האָט אָנגעזאָגט דעם וועכטער, אַז ער זאָל וואַרטן, ביז וואַנען זיי וועלן קומען און צוזאַמען מיט אים וועלן זיי פֿאַרקויפֿן דעם געפֿאַנגענעם(11) פֿליִער צו די דײַטשן? צוזאַמען מיט אים וועלן זיי זיך טיילן מיט דעם געלט, וואָס זיי וועלן באַקומען פֿאַרן אַמעריקאַנער פֿליִער און פֿאַר זײַנע פּאַפּירן?... עס טריקנט אין מויל, אין האַלדז... עס קלאַפּט דאָס האַרץ, און די ווייטיקן ווערן נאָך שאַרפֿער...

אָבער פּלוצעם דערזע איך דורכן קליינעם פֿענצטערל אַ גרויסע מחנה מענטשן מיט אָנגעצונדענע ליכטלעך, וואָס פֿלאַטערן אין דער אָוונטלופֿט.

פֿאַר וואָס טראָגט דער המון(12) אָנגעצונדענע ליכטלעך אין די הענט?...

פּלוצעם — דערגייט צו מײַנע אויערן אַ פּײַפֿן, וואָס מישט זיך אויס מיט אַ געזאַנג, אַ באַקאַנט געזאַנג, אַ ניגון, וואָס איך האָב נישט איין מאָל געהערט: „שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תּורה!"

---

9. באַזוכן — דאָ: רעווידירן.

10. געפֿענקעניש — תּפֿיסה, אַרעסט.

11. געפֿאַנגענער — prisionero.

12. המון (האַמוין) — מאַסע מענטשן.

איז עס וואָר(13)? צי איך חלום נאָך אַלץ קלערנדיק וועגן מײַן היימ־שטאָט ברוקלין, וועגן דעם גרויסן טעמפּל „בית אל" און זײַנע באַלויכ־טענע פֿענצטער און צעעפֿנטע ברייטע טירן?...

און נאָך אַ מאָל „שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תּורה" און נאָך אַ מאָל דאָס אָריענטאַלישע פֿײַפֿן...

ייִדן? — ווילט זיך מיר אויסשרייען פֿון פֿרייד. אויך אין דעם דאָזיקן שטעטל זײַנען פֿאַראַן ייִדן?! ווען איך וואָלט זיך געקאָנט פֿאַרבינדן מיט זיי, וואָלטן זיי מיך זיכער אויסגעלייזט פֿון דעם אַראַבישן היטער, וואָס וועט מיך זיכער פֿאַרקויפֿן צו די דײַטשישע שפּיאָנען!

אָבער פּלוצעם הייבט דער אַראַבער אויך אָן צו פּליעסקען מיט די הענט, גלײַך ווי ער ענטפֿערט אויפֿן פּליעסקען פֿון דער מאַסע, וואָס גייט מיט אָנגעצונדענע ליכטלעך אָדער פֿון שול אָדער צוריק אין שול אַרײַן...

דער אַראַבער הערט אויף צו פּליעסקען. ער לייגט אַרײַן זײַן האַנט אין מויל אַרײַן, דריקט צו די אויבערשטע ליפּ זײַנע, שטופּט אַרײַן די צווייטע האַנט און פֿײַפֿט, פּונקט ווי עס פֿײַפֿן די ייִדן, וואָס דערנענטערן זיך מיט די ליכטלעך אין די הענט, און נאָכן פֿײַפֿן שרײַט ער אויס אויף אַ זינגענדיקן קול: „שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תּורה" און טאַנצט אויס דעם ניגון, שטייענדיק אויף איין אָרט.

— אַנטאַ יאַהוד? (דו ביסט אַ ייִד?) — גיב איך אַ שריי אויס אי פֿון גרויס ווייטיק אי פֿון גרויס פֿרייד. — אויב אַזוי, רוף צו מיר וואָס שנע־לער דעם רבֿ, ווײַל איך גיי אויס פֿון ווייטיק!

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מען האָט מיך אַריבערגעפֿירט אין שפּיטאָל. דער רבֿ פֿון שטאָט האָט מיך אַליין באַגלייט אַהינצו, און אויסגעבעטן, אַז מע זאָל מיך אַרײַנלייגן אין אַ באַזונדערן צימער. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער ספֿרדישער רבֿ האָט געלאָזט וויסן וועגן מיר דעם הויפּט פֿון דער אַמעריקאַנער פּלי־אָפּטיילונג, וואָס האָט אַרויסגע־קוקט מיט אומגעדולד אויף מיר און אויף די פּאַפּירן, וואָס איך האָב גע־האַלטן בײַ זיך אונטערן העמד.

ווען די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער האָבן זיך געפּאָרעט(14) מיט מײַנע צעבראָכענע גלידער, האָב איך נישט אויפֿגעהערט צו זינגען: „שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תּורה"...

און בעת איך האָב אַזוי געזונגען, האָט אויפֿגעבליט אין מײַן האַרצן, ווי אַ גרויסע העלע בלום, אַ געדאַנק: „איין פֿאָלק! איין שׂמחת־תּורה! איין תּורה! איין ניגון — שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תּורה!"...

---

13. וואָר — אמת.

14. געפּאָרעט זיך — געווען פֿאַרנומען.

## מאַרק וואַרשאַווסקי

# שׂמחת-תּורה

קינדער, מיר האָבן שׂמחת-תּורה,
שׂמחת-תּורה אויף דער גאַנצער וועלט!
תּורה איז די בעסטע סחורה —
אַזוי האָט דער רבי מיט אונדז געקנעלט(1).
צוזאַנג:

אוי-וויי,אוי-אוי-אוי!
פֿריילעך, קינדער, אָט אַזוי!
רענדלעך(2) שיטן זיך פֿון די זעק,
פֿריילעך אָן אַן עק!

כאָטש איך בין אַן אָרעם ייִדל,
און עס דאַרט מיר גוט דער מוח, —
שׂמחת-תּורה זינג איך אַ לידל
און מאַך אַ גוטע כּוסה אויך!
(צוזאַנג)

דבֿורה, גיב מיר די נײַע קאַפּאָטע,
איך וועל אָנטאָן טאַקע אַצינד;
איך וועל דיר זאָגן: אַלצדינג איז בלאָטע,
אַבי מען איז, ברוך-השם, געזונט!
(צוזאַנג)

שׂמחת-תּורה — פֿון גאָט אַ מתּנה —
זאָל אונדז תּמיד הייליק זײַן,
אַפֿילו די שטערן מיט דער לבֿנה
זײַנען געגאַנגען טרינקען ווײַן...

---

1. געקנעלט — געלערנט.

2. רענדל — גאָלדענע מטבע.

## לעווין קיפניס | מילחמה צווישן ליכט און פֿינצטערניש

אין פֿענצטער האָט געשײַנט די געפּוצטע באַגילדעטע מנורה. אין איר האָבן געפֿינקלט אַכט קלײנע דינע ליכטעלעך. בײַ דער זײַט פֿון די ליכטעלעך האָט געפֿלאַקערט(1) מיט אַ רויט־געלן פֿלאַם(2) דאָס הויכע שמש־ליכט, און דער שמש האָט געהאַלטן אין דערציילן די קלײנע ליכטעלעך אַ מעשׂה פֿון גאָר־גאָר אַלטע צײַטן:

„...און שיין און פֿײַן איז געווען דאָס לאַנד... מאַנדלען און טייטלען זײַנען דאָרטן געוואַקסן, רויזן און ליליעס האָבן געבליט, בערג און טאָלן האָבן דאָס לאַנד באַצירט(3), און דער בלויער הימל האָט די ערד מיט טוי באַדעקט... אין דעם לאַנד האָבן די ייִדן פֿעלדער געזייט און זייערע ווײַנגערטנער געפֿלאַנצט און געלעבט אין גרויס נחת און פֿרייד... און אויף דעם באַרג מוריה, אין דער הויפּטשטאָט ירושלים, האָט זיך געהויבן דער בית־המקדש. צו אים האָבן זיך דרײַ מאָל אין יאָר געצויגן ייִדן פֿון אַלע עקן לאַנד און דאָרטן געפֿײַערט זייערע גרויסע ימים־טובֿים מיט געזאַנג און טענץ".

די קלײנע דינע ליכטעלעך זײַנען געשטאַנען און האָבן זיך מיט פֿרייד צוגעהערט צו דער שיינער מעשׂה. זיי האָבן אײנס צום צווייטן געווונקען(4), און זייערע פֿלעמלעך האָבן זיך געצויגן אַרויף־אַרויף....

אין דעם צימער איז געווען נאָר אײנער, וואָס האָט זיך אַפֿילו ניט געוואָלט אומקוקן אויף דער מנורה און האָט זיך ניט צוגעהערט צו דער מעשׂה, וואָס דער שמש האָט דערציילט. דאָס איז געווען די פֿינצטערניש, דער אייביקער שׂונא פֿון ליכט. זי האָט זיך צעלייגט אויף דער סטעליע(5) און אין אַלע ווינקלען פֿון צימער. זי האָט צונויפֿגערופֿן אַ גאַנצע אַרמיי פֿון גיבורים — שוואַרצע שאָטנס, און זיי אַרויסגעשיקט צו פֿאַרטונקלען דאָס ליכט פֿון די חנוכּה־ליכטלעך... האָבן די שוואַרצע העלדן זיך צעשפּרייט אויף די ווענט, זיך געוויגט אַהער און אַהין און גערופֿן אײנער דעם אַנדערן:

---

1. געפֿלאַקערט — געברענט ליכטיק.
2. פֿלאַם — llama
3. באַצירן — באַפּוצן.
4. ווינקען — guiñar.
5. סטעליע — techo.

„קומט אַלע, איר שאָטנס געדיכטע,
מיר זײַנען פֿון נאַכט די נשמה,
קומט, לאָמיר פֿאַרטונקלען דאָס ליכט,
קומט פֿירן מיט ליכט אַ מילחמה!"

און פֿון אַלע זײַטן האָבן די שאָטנס זיך געשאַרט און געשאַרט אַלץ נענטער און נענטער צו די ליכטעלעך... אָט־אָט וועלן זיי דאָס ליכט פֿאַר־שלינגען... אָבער ווי נאָר זיי זײַנען צוגעקומען גאַנץ נאָענט, האָבן זיי זיך אָפּגעבריט אין די פֿלאַמען, און זיי זײַנען פֿאַרשעמטע אָפּגעשפּרונגען צו־ריק... די ליכטעלעך האָבן זיך דערפֿרייט און זיך נאָך העלער צעפֿלאַמט, און דער שמש האָט ווײַטער דערציילט:

„...אין יענער צײַט האָט זיך אַ גרויס אומגליק אָנגערוקט אויף דעם יִדישן לאַנד. אַ צרה האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דעם פֿאָלק... אַ גרויסער טייל פֿון אים האָט פֿאַרלאָזט זײַן וועג פֿון לעבן און האָט זיך אָנגעהויבן פֿירן, ווי די גריכן. זיי האָבן אויפֿגעגעבן(6) זייער איי־גענע שפּראַך און גערעדט נאָר גריכיש. זייערע יִדישע נעמען האָבן זיי אויסגעביטן אויף גריכישע נעמען. זייערע קינדער האָבן זיי געלערנט פֿון גריכישע ביכער, און זייער אייגענע תּורה האָבן זיי פֿאַרגעסן..."

דאָס קול פֿון דעם שמש האָט געציטערט, און די ליכטעלעך האָבן זיך אײַנגעהערט, און זייערע פֿלעמלעך האָבן קוים־קוים געצאַנקט(7)...

פּלוצעם האָט אַ ווינט פֿון דרויסן זיך אַרײַנגעריסן דורך די שפּאַלטן פֿון פֿענצטער און האָט אָנגעהויבן לעשן די ליכטלעך. זיי האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן.

— אוי, וויי און ווינד איז אונדז! ווער וועט אונדז ראַטעווען פֿון דעם בייזן ווינט? — האָבן די ליכטלעך געקלאָגט... און דער ווינט האָט געברומט:

„איך בין דער ווינט פֿון נקמה,
אַ קינד פֿון שטורעם און קעלט!
לאַנגע דורות פֿיר איך מילחמה,
צו פֿאַרלעשן דאָס ליכט פֿון דער וועלט!"

אָבער דער פֿלאַם פֿון שמש־ליכט האָט זיך אַ הייב געטאָן און זיך שטאַרקער צעפֿלאַקערט. דער ווינט האָט זיך דערשראָקן, און ער איז אַוועק מיט אַ ברום און אַ פֿײַף... און דער שמש האָט ווײַטער דערציילט זײַן מעשׂה:

„...אין דעם לאַנד פֿון די גריכן איז געווען אַ קעניג, אַ שלעכטער. אַנטיוכוס האָט ער געהייסן. און דער קעניג האָט זיך פֿאַרנומען אויס־

6. אויפֿגעבן — דאָ: אָפּזאָגן זיך. 7. צאַנקען — ברענען שוואַך.

צוראַטן דעם גלויבן און די מנהגים פֿון ייִדישן פֿאָלק און איַינפֿירן דעם גריכישן גלויבן. ער האָט צונויפֿגעזאַמלט אַ גרויסע שטאַרקע אַרמיי און איז מיט איר אַנגעקומען קיין ירושלים. ער האָט זיך אַריַינ־געריסן אין בית-המקדש און האָט אויסגעלאָשן די ליכט פֿון די גרויסע גאָלדענע מנורות... אויף דעם הייליקן מזבח האָט ער באַפֿוילן אויפֿ־צושטעלן אַ סטאַטוע פֿון דעם גריכישן גאָט... די גריכישע סאָלדאַטן האָבן געפֿאַנגען אַ ייִדישע פֿרוי, חנה, מיט אירע זיבן זין, און זיי געבראַכט פֿאַרן קעניג. שיין זיַינען די זיבן זין געווען, ווי מלאָכים אין הימל. און דער קעניג האָט באַפֿוילן:

— בוקט זיך, אויב ניט, וועט איר פֿאַרלירן אייערע קעפּ! בוקט זיך צו אונדזער גאָט, איַינגעשפּאַרטע ייִדן, אויב ניט, וועט איר לעבע־דיקערהייט פֿאַרברענט ווערן!

די יונגע זין האָבן זיך ניט געשראָקן, זיי האָבן געענטפֿערט:

— זיי וויסן, אַז מיר בליַיבן געטריַי אונדזער פֿאָלק און אונדזער גלויבן, און נאָר אונדזער גאָט וועלן מיר דינען!

דעם קעניגס באַפֿעל איז אויסגעפֿירט געוואָרן: אַלע זיבן זין זיַינען אַריַינגעוואָרפֿן געוואָרן אין פֿיַיער...״

טרויעריק איז געוואָרן די ליכטעלעך. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע קעפּלעך און טרערן האָבן פֿון זיי געטריפֿט...

און אין דרויסן האָבן דיקע וואָלקנס פֿאַרדעקט דעם הימל, און אין פֿענצטער האָט אָנגעהויבן קלאַפּן: טיפּ-טיפּ-טאַפּ! טיפּ-טיפּ-טאַפּ!... מיט מורא האָבן די דינגע ליכטלעך זיך אַרומגעקוקט און דערזען גרויסע רעגן־טראָפּנס אויף די שויבן. די טראָפּנס האָבן געקלאַפּט און געפּויקט:

קליפּ-קליפּ-קלאַפּ! מיר זיַינען רעגן-טראָפּנס קאַלטע,
מיר לעשן דאָס ליכט שוין פֿון ציַיטן אַלטע!״

און באַלד האָט דער רעגן גערופֿן צו הילף זיַין ברודער, דעם האָגל(8), און ביידע האָבן מיט שטורעם זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די שויבן... אָבער באַלד האָט דער הימל זיך אויסגעליַיטערט(9). די ליכטעלעך האָבן פֿריַיער אָפּגעאָטעמט. דער שמשׂ האָט אויפֿגעהויבן זיַין קאָפּ און האָט וויַיטער דערציילט:

„...דעמאָלט איז געקומען דער כּוהן גדול, מתּתיהו, מיט זיַינע פֿינף זין. זיי זיַינען אַלע געווען גיבורים, ווי די לייבן, און זיי האָבן שטאַרק ליב געהאַט דאָס פֿאָלק און דאָס לאַנד. זיי האָבן אַרויסגע־לאָזט אַ רוף איבערן גאַנצן לאַנד:

— ווער עס איז פֿאַר גאָט און פֿאָלק — זאָל גיין מיט אונדז!

---

8. האָגל — granizo.

9. אויסליַיטערן זיך — ווערן ריין.

האָבן זיך אָפּגערופֿן די שטאַרקסטע און בראַווסטע פֿון פֿאָלק, און זיי האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אונטער דער פֿאָן פֿון מתתיהוס זון, יהודה המכּבי.... מוטיק האָבן זיי געקעמפֿט קעגן דעם פֿײַנט, צעשלאָגן זײַן אַרמיי און זי אַרויסגעטריבן פֿון ייִדישן לאַנד... מיט פֿרייד האָט יהודה זיך צוריקגעקערט מיט זײַנע העלדן אין בית-המקדש, צעבראָכן און אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דאָרט דעם גריכישן אָפּגאָט און צוריק אָנגעצונדן די פֿײַערן אין די גאָלדענע מנורות, און עס איז געווען אַ גרויסער פֿריידיקער יום-טובֿ בײַ די באַפֿרײַטע ייִדן..."

דער שמשׂ האָט געענדיקט... די פֿלעמלעך פֿון די ליכטלעך האָבן געפֿלאַקערט. דער הימל האָט זיך אויסגעשטערנט. טויזנטער און טויזנטער שטערן האָבן אַראָפּגעפֿינקלט פֿון הימל. זיי האָבן דערזען די ליכטעלעך אין פֿענצטער און האָבן זיי האַרציק באַגריסט:

„שלום עליכם, שליחים פֿון ליכט!"

האָבן די ליכטעלעך דערהערט, אַרויפֿגעקוקט צו די שטערן און געענטפֿערט:

„עליכם שלום, באַלײַכטער פֿון נאַכט!"

און מלאָכים האָבן אויסגעשפּרייט זייערע שניי-ווײַסע פֿליגל, האָבן אַראָפּגענידערט פֿון הימל, און זייער געזאַנג האָט זיך געטראָגן ווײַט ווײַט:

„הייליק, הייליק איז דאָס ליכט!
האַלט עס שטענדיק הייליק, געטרײַ!
ווו עס שײַנט נאָר אויף דאָס ליכט,
דאָרט איז מען פֿרײַ, דאָרט איז מען פֿרײַ!"



## אַלף כּץ

# חנופּה-ליכטלעך

חנופּה-ליכטלעך מיט קעפּעלעך קליינע
זאָגן און זינגען אַ מעשׂה אַ שיינע;
רעדן, דערציילן מיט זייערע פֿלאַמען(1)
יעדער באַזונדער און אַלע צוזאַמען:

מיר זײַנען געווען דאָרט אַמאָליקע צײַטן
און האָבן באַלויכטן די מוטיקע שטרײַטן(2)
פֿון שטאָלצע מכּבים, ישׂראלס באַפֿרײַער,
וואָס האָבן געקעמפֿט מיט אַ הייליקן פֿײַער.

מיר זײַנען געווען און מיר זײַנען אויך איצטער
די עדות פֿון צאָרן(3), וואָס האָט אַ צעבליצטער(4)
מיט פֿײַלן(5) און שווערדן פֿאַריאָגט די פֿאַרקנעכטער(6)
געצונדן דעם פֿלאַם פֿון אַ וועלט אַ גערעכטער.

מיר האָבן געברענט און מיר טוען נאָך ברענען,
און אייביק עס וועלן אין אונדז זיך דערקענען
די קינדער פֿון יענע אַמאָליקע עדות(7),
וואָס טראָגן אין הארצן דעם שטאָלץ פֿון די ייִדעס.

1. פֿלאַם — llama.
2. שטרײַט — קאַמף.
3. צאָרן — שטאַרקער כּעס.
4. צעבליצט — פֿון „בליץ" — rayo.
5. פֿײַל — flecha.
6. פֿאַרקנעכטער — אונטערדריקער.
7. עדות (איידעס) — testigo.

| דער לאַמטערן איבערן שניי | משה דלוזשנאָווסקי |
|---|---|

## א

דעם ערשטן טאָג חנוכּה איז געפֿאַלן אַ געדיכטער שניי. נאָך האַלבן טאָג, ווען יעדן האָבן זיך געגרייט צו צינדן דאָס ערשטע חנוכּה-ליכטל, איז דאָס גאַנצע שטעטל — מיט די הײַזער, קראָמען, געסלעך — געוואָרן אײַנגעהילט אין אַ זילבער-בלוילעכן פּוך(1), אַז אַפֿילו די שליטנס מיט די געשפּאַנטע פֿערד האָבן זיך קוים געקאָנט רירן פֿון אָרט.

אינעם חדר איז געווען גאָר פֿריילעך. מען האָט פֿרי פֿאַרענדיקט דאָס לערנען. בײַ יעדן יינגל האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ פֿון פֿרייד, וואָס עס דערוואַרט אים הײַנט אין דער היים: דער טאַטע וועט צינדן דאָס ערשטע ליכטל אין אַ שיינעם, פֿינקלדיקן(2) חנוכּה-לעמפּל; ער וועט זינגען דאָס געזאַנג פֿון חנוכּה; אויפֿן טיש וועט ליגן אַ ווײַס טישטעך; און די מאַמע וועט אין קיך צוגרייטן גוטע זאַכן צום עסן. דאָס בעסטע וועט ערשט קומען: דער טאַטע וועט געבן חנוכּה-געלט און מען וועט זיך אַוועקלאָזן איבער דער שטוב מיט די ברידער און שוועסטערלעך שפּילן אין דריידל.

בלויז איין יינגל אין חדר איז געווען פֿאַרזאָרגט. די אויגן זײַנע האָבן געקוקט מיט טרויער און שרעק. דאָס איז געווען דער קליינער גאָדל. זײַנע עלטערן האָבן געוווינט הינטערן שטעטל, ווו זיי האָבן געהאַט אַ שפּײַז-קראָם. גאָדל איז געווען טרויעריק דערפֿאַר, וואָס עס איז הײַנט אָנגעפֿאַלן אַזאַ טיפֿער שניי: ווי אַזוי וועט ער קאָנען אַהיימגיין? ער וועט דאָך נישט טרעפֿן דעם וועג, וואָס פֿירט צו זייער הויז.

אַן אַנדער טאָג, ווען עס טרעפֿט עפּעס אַ געשעעניש, וואָלטן אַלע יינגלעך אים באַגלייט אַהיים, ווײַל, ערשטנס, האָט ער אין די ווינטערטעג מיט זיך אַ זעלטן שיינע לאַמטערנע, מיט קאָלירטע שײַבלעך(3): גרין, רויט, בלוי, געל. אינעווייניק ברענט אַ ווײַס ליכטל, לײַכט אַרום דורך די שײַבלעך און ווײַזט דעם וועג פֿון חדר ביז צו זייער קראָם. צווייטנס, איז בײַ גאָדלען אין הויז שטענדיק פֿריילעך: די הינער קוואָקען, די העגער קרייען, די קו

---

1. פּוך — דינע קליינע פֿעדערן.
2. פֿינקלדיק — שײַנענדיק.
3. שײַבל — פֿענצטער-גלאָז.

מוקעט און דאָס שעפּסל טאַנצט און שפּרינגט. היַינט אָבער האָט קיינער פֿון די יינגלעך אַפילו ניט געטראַכט צו באַגלייטן גאָדלען אַהיים, איבער דעם געדיכטן שניי, און עס איז דאָך עפּעס דער ערשטער טאָג חנוכּה ...

זיַינען זיך אַלע יינגלעך צעלאָפֿן אַהיים, ווען עס איז נאָך געווען גרויסער טאָג. בלויז גאָדל איז געבליבן אין חדר. דער רבי האָט אים ניט געוואָלט אַהיימלאָזן אין אַזאַ שניי.

— דער טאַטע וועט נאָך דיר קומען, — האָט אים דער רבי געטרייסט.

— אַליין וועל איך דיך ניט אַהיימלאָזן, קאָנסט נאָך פֿאַרבלאָנדזשען אין שניי.

— דער טאַטע וועט נאָך מיר היַינט ניט קומען, — האָט גאָדל געזאָגט מיט אַ טרויעריק קול, — ער איז אַוועקגעפֿאָרן אויפֿן יאַריד, ער וועט אַהיימקומען שפּעט.

— וועסטו דאָ איבערנעכטיקן, ביַי מיר אין חדר.

— ניין, איך וויל זיַין אין דער היים דעם ערשטן חנוכּה־אָוונט! — האָט גאָדל זיך ניט געלאָזט איבעררײדן פֿון רבין. — דער טאַטע גיט מיר שטענדיק דעם ערשטן אָוונט חנוכּה־געלט. איך העלף אים אָפּפּוצן דעם חנוכּה־לאָמפּ מיט וויַיסן קריַיד, און איך האַלט דעם שמשׂ!(4)

— אין אַזאַ שניי קאָנסטו ניט אַרויסגיין פֿון דאַנען. דער טאַטע וועט נאָך דיר קומען, זאָרג ניט! — האָט דער רבי גערעדט צו אים מיט ליבשאַפֿט.

גאָדל האָט ניט געוואָלט הערן דעם רבינס רייד. ער האָט אָפּגעוואַרט אַ מינוט, ווען דער רבי איז אַריַין אין דער אַנדערער שטוב, האָט ער גע־כאַפּט די לאַמטערנע און איז אַרויס פֿון הויז.



דער טאָג האָט שוין געהאַלטן ביַים פֿאַרגיין. עס האָט אויפֿגעהערט שנייען. גאָדל האָט געטאַפּטשעט מיט דער לאַמטערנע אין שניי און גע־זוכט דעם היימישן וועג, וווּ ער גייט יעדן טאָג פֿון חדר אַהיים.

די נאַכט איז פּאַמעלעך צוגעפֿאַלן. אין הימל האָבן זיך שטערן גע־צונדן. די קאַלירטע ליכטער פֿון דער לאַמטערנע האָבן געטאַנצט איבערן שניי. דעם וועג אַהיים האָט גאָדל ניט געקאָנט געפֿינען. ער האָט פֿאַר־בלאָנדזשעט און איז אַוועק ערגעץ אין אַ זיַיט, וואָס פֿירט צום וואַלד.

זיַין האַרץ האָט האַסטיק(5) געקלאַפּט. זיַינע ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ געבעט צו גאָט, אַז ער זאָל אויף אים רחמנות האָבן, אים וויַיזן דעם וועג אַהיים, ער זאָל נאָך אָנקומען אין ציַיט און האַלטן דעם שמשׂ ביַים ערשטן חנוכּה־ליכטל.

4. שמשׂ — דאָ: דאָס ליכטל, וואָס דינט אָנצוצינדן די אַנדערע חנו־כּה־ליכטלעך.

5. האַסטיק — שטאַרק און גיך.

עס איז געווען אומהיימלעך(6) שטיל. מען האָט קיינעם ניט געזען. אין הימל האָבן זיך שוין געצונדן פֿיל שטערן. פּלוצלינג האָט ער געהערט אַ בילן פֿון הינט. גאַדל האָט געוווּסט, אַז אויב עס בילן הינט, איז אַ סימן, אַז ערגעץ נאָענט זײַנען דאָ מענטשן. אַ פֿרייד האָט אָנגעפֿילט זײַן האַרץ. ער האָט זיך געלאָזט מיט דער לאַמטערנע פֿאָרויס, נעענטער צום בילן פֿון די הינט. פֿון דער ווײַטנס האָט ער דערזען אַ פֿלעמל(7), וואָס טאַנצט אים אַנטקעגן און בלענדט(8) אים די אויגן. זײַן האַרץ האָט גענומען האַסטיקער קלאַפּן. דאָס פֿלעמל האָט זיך דערנענטערט צו אים. איצטער האָט ער קלאָר געזען, אַז עס איז אויך אַ לאַמטערנע, וואָס וויגט זיך אין די הענט פֿון אַ מענטש.



— האָט רחמנות, גוטער מענטש! איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט! — האָט גאַדל אויסגערופֿן מיט אַ וויינענדיק קול.

דער מאַן האָט אויפֿגעהויבן זײַן לאַמטערנע איבער דעם ייִנגלס פּנים.

— אַ ייִדיש ייִנגל, האַ?

---

6. אומהיימלעך — מיט שרעק.
7. פֿלעמל — פֿײַערל.
8. בלענדן — פֿאַרשײַנען.

— יאָ, — האָט גאָדל זיך צעכליפּעט(9), — איך גיי פֿון חדר און איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט. דער טאַטע דאַרף צינדן דאָס ערשטע ליכטל!
— וועמענס ביסטו, יינגעלע? — האָט דער ייִד געפֿרעגט מיט אַ ווייך קול.
— איך בין לייבקע דעם קרעמערס. דער טאַטע האָט דאָ אַ קראָם. פֿירט מיך אַהיים.
— לייבקע דעם קרעמערס? — האָט דער ייִד געפֿרעגט. — איך גיי דאָך טאַקע צו לייבקע דעם קרעמער.
זיי זײַנען געגאַנגען אינעם טיפֿן שניי. איין פֿוס — אַרײַן, דעם אַנדערן — אַרויס. נאָכן אָפּגיין אַ שטיק צײַט האָט גאָדל דערזען, אַז זיי זײַנען טאַקע אָנגעקומען אַהיים.
— דאָ איז עס! — האָט דאָס יינגל אויסגעשריגן. — קומט שנעל אַרײַן.
זיי זײַנען אַרײַנגעקומען אין שטוב. אַלע האָבן זיך שטאַרק דערפֿרייט, וואָס גאָדל איז אַהיימגעקומען. די מאַמע האָט אים געקושט, די שוועסטער און ברידער האָבן אים באַוואָרפֿן מיט פֿראַגן. גאָדל האָט שנעל דערציילט די אַלע געשעענישן, וואָס האָבן אים געטראָפֿן, זינט ער האָט פֿאַרלאָזט דעם חדר, און ווי אַזוי דער פֿרעמדער ייִד האָט אים געראַטעוועט.
דער טאַטע האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט מיט דעם וואַנדערער, וואָס וועט באַשיינען(11) זײַן הויז אינעם ערשטן חנוכּה־אָוונט.
דער ייִד האָט אַוועקגעלייגט דאָס זעקל, געוואַשן זיך די הענט, גע־שטעלט זיך דאַווענען מעריבֿ. אַזוי ווי ער האָט געענדיקט דאַווענען, האָט דער טאַטע אויסגערופֿן:
— עס איז צײַט צו צינדן חנוכּה־ליכט!
ער האָט אָנגעצונדן דאָס ליכטל, געזונגען די ברכות. דער פֿרעמדער ייִד האָט צוגעהאָלפֿן זינגען. נאָך דעם ווי דאָס ליכטל האָט אויסגעברענט, האָט דער טאַטע געגעבן די קינדער חנוכּה־געלט, די מאַמע האָט געבאַקן לאַטקעס. אין שטוב איז געווען וואַרעם.
פֿון דעם טאָג אָן האָבן די חדר־יינגלעך געהאַלטן גאָדלען פֿאַר אַ העלד. יעדער פֿון זיי האָט געריסן זיך אים צו באַגלייטן אַהיים און האַלטן דעם קאָלירטן לאַמטערן אין האַנט.
דאָס געשטאַלט פֿון דעם פֿרעמדן ייִדן, דעם דאָרפֿסגייער, האָט דער קליינער גאָדל ניט פֿאַרגעסן. יעדן פֿאַרנאַכט ווען ער איז געגאַנגען פֿון חדר אַהיים, האָט ער אים געזוכט אויפֿן גאַנצן וועג — טאָמער וועט ער זיך ווידער באַווײַזן.

---

9. צעכליפּען זיך — שטאַרק זיך צעוויינען.

10. וועמשערע — נאַכטעסן.

11. באַשיינען — צוגעבן שיינקייט.

# מרדכי ריוועסמאַן

# חנוכה-ליד

חנוכה, אוי, חנוכה, אַ יום-טובֿ אַ שיינער,
אַ לוסטיקער, אַ פֿריילעכער,
נישטאָ נאָך אַזוינער:
אַלע טאָג אין דריידל שפּילן מיר,
פֿרישע, הייסע לאַטקעס עסן מיר.
געשווינדער צינדט, קינדער,
די חנוכּה-ליכטעלעך אָן!
זאָל יעדערער באַזונדער
באַזינגען אַט דעם וווּנדער,
און קומט אַלע טאַנצן אין קאָן.

יהודה האָט פֿאַרטריבן
דעם שׂונא, דעם רוצח,
און האָט אין בית המקדש
געזונגען „למנצח".
די שטאָט ירושלים
האָט ווידער אויפֿגעלעבט,
און צו אַ נײַעם לעבן
האָט יעדערער געשטרעבט.

אוי חנוכּה, אוי חנוכּה,
ביסט ליב אונדז און טײַער.
עס ברענען דײַנע ליכטעלעך
מיט הייליקן פֿײַער.
פֿריילעכע זכרונות
וועקן זיי אויף,
עס הערט זיך מתּתיהוס
העלדישער רוף.

עס ציִען און פֿליִען
די יאָרן אָן סוף און אָן ברעג,
און ס'בלײַבט אונדז אַלץ טײַער
דאָס חנוכּה-פֿײַער,
וואָס שײַנט און באַלײַכט
אונדז דעם וועג!



זינאַ ראַבינאָוויטש

# די רויטע בלום

יעדער איינער האָט געלאַכט פֿון שמוליקן און פֿון זײַנע חבֿרים, ווען זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום „געזאַלצענעם טאָל“, צו דער געגנט פֿון ים המלח, ווו דאָס וואַסער איז אַזוי געזאַלצן, אַז עס קומט אַרויס באַדעקט מיט זאַלץ.

„וואָס וועט איר דאָרט פֿאַרזייען?“(1) — האָבן געלאַכט די קינדער, ווען זיי זײַנען געשטאַנען אַרום דעם לאַסטאויטאָ, וואָס די אַוועקגייענדיקע קיבוצניקעס האָבן אָנגעלאָדן מיט זייערע זאַכן. — „און וואָס וועט דאָרט וואַקסן, אויף דער ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט(2) מיט זאַלץ, אַז זי איז אַזש ווײַס? מע וועט דאָך דאַרפֿן ברענגען צו אײַך יעדן טראָפּן וואַסער פֿון די ירושלימער בערג! צי אפֿשר וועט איר זיך באַגיין אָן זיס וואַסער?“ — האָבן געשפּאַסט די שטיפֿערס.

„און וואָס וועט איר דאָרט עסן?“ — האָבן זיך געזאָרגט די מאַמעס פֿון די יונגע קיבוצניקעס, נאָרוואָס גראַדויִרטע פֿון דער גימנאַזיע. — אַפֿילו אַ ציג קאָן דאָרט נישט לעבן, עס איז נישטאָ קיין גראָז פֿאַר פֿאַשע. טאָ ווי וועט איר אויסקומען אָן גרינסן? עס קאָן דאָרט אַפֿילו קיין טאָמאַטאָ נישט וואַקסן!“.

„אַפֿילו קיין טאָמאַטאָ? — האָט געשמייכלט שמוליק. — גיט אונדז עטלעכע חדשים צײַט! אַז איר וועט קומען צו אונדז ט“ו בשבֿט, וועלן מיר אײַך באַגריסן מיט אַ רויטער בלום!“

„מיט אַ רויטער בלום?“ — האָבן געלאַכט די קינדער, אַרויסבאַגלייטנ־דיק דעם לאַסטאויטאָ. — „דאָרט וועט וואַקסן אַ בלום?“

„אַ רויטע בלום! געדענקט! אין חמשה־עשׂר בשבֿט! ט“ו בשבֿט!“ — האָט שמוליק צו זיי אַרונטערגעשריגן פֿון דעם אָפּפֿאָרנדיקן אויטאָ.

„וואָס מיינט ער מיט דער רויטער בלום?“ — האָבן געקלערט שמו־ליקס חבֿרים, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום אים אין דעם אויטאָ. — „שמו־ליק האָט ליב צו שפּאַסן!“

---

1. פֿאַרזייען — sembrar.    2. אָנגעזאַפּט — דורכגענומען.

אָבער שמוליק האָט נישט געשפּאַסט, ווען ער האָט צוגעזאָגט די קינדער צו באַגעגענען זיי אין דעם ראש־השנה פֿאַר די געוויקסן מיט אַ רויטער בלום.

ווי נאָר די קיבוצניקעס זײַנען אָנגעקומען אין „געזאַלצענעם טאָל" און אַרומגעצאַמט דאָס שטיקל באָדן, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן פֿאַר זייער נײַערווירטשאַפֿט, האָט שמוליק אָנגעהויבן קלערן וועגן דער רויטער בלום. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז אין דער געגנט פֿון ים המלח איז קיין מאָל גאָרנישט געוואַקסן, אָבער פּרובירן דאַרף מען! נײַע צײַטן מיט נײַע מע־טאָדן! זאָלץ, ווייסט ער, הרגעט אַוועק יעדער געוויקס. אפֿשר קאָן מען די ערד אויסוואַשן פֿון איר זאַלץ? איז ווו וועט מען נעמען אַזוי פֿיל וואַסער? מע ברענגט דאָך דאָס זיסע וואַסער אין פֿעסער און מע טיילט צו יעדן איי־נעם זײַן פּאָרציע וואַסער.

ווען שמוליק האָט אין אַן אָוונט, נאָך דער אַרבעט, צונויפֿגערופֿן אַלע חבֿרים צו אַן אַסיפֿה און זיי דערציילט וועגן דעם געדאַנק, וואָס לאָזט אים נישט רוען, האָבן אַלע צוגעשטימט אָפּצוגעבן שמוליקן אַ טייל פֿון זייער זיס וואַסער, כּדי ער זאָל קאָנען טאָן, וואָס זײַן האַרץ גלוסט — פֿאַרזייען אַ רויטע בלום.

יעדן טאָג, אַ שעה צוויי איידער דער אויטאָ פֿלעגט אָפּפֿירן די קיבוצניקעס צו זייער אַרבעט בײַם ים המלח, פֿלעגט זיך שמוליק שוין פֿאַרקען בײַם ווינקעלע מיטן אָפּגעצוימטן שטעכיקן דראָט. און יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט פֿלעגט ער טאָן דאָס זעלביקע: וואַשן די ערד פֿון דעם אָפּגעצאַמטן ווינקעלע מיט זיס וואַסער, אָבער ביז אין דער פֿרי פֿלעגט דאָס זיסע וואַסער אַזוי אײַנגעזאַפּט ווערן, אַז מען האָט נישט געקאָנט דערקענען, צי מען האָט די ערד געוואַשן. אָבער שמוליקן מיט זײַנע חבֿרים האָט עס נישט אָפּגעשטעלט. טאָג־אײַן, טאָג־אויס האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַן איבעריק ביסל זיס וואַסער צום וואַשן זיך און צום טרינקען, אַבי שמוליק זאָל קאָנען וואַשן די ערד...

ענדלעך האָט שמוליק באַשלאָסן, אַז די ערד פֿאַרמאָגט שוין נישט קיין זאַלץ, און ער האָט פֿאַרזייט „אַ רויטע בלום". די הייסע זון פֿון געזאַל־צענעם טאָל האָט צעוואַרעמט די ערד און פֿון די זאָמען האָט אַרויסגעשפּראָצט אַ קליין שפּראָצעלע. אויפֿן שפּראָצעלע האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר קנאָספּן(3)... שמוליקס האָפֿענונג איז געוואַקסן. אָבער עס זײַנען אַריבער אַ פּאָר טעג, און די קנאָספּן האָבן נישט געפּלאַצט און זיך נישט געעפֿנט... און פֿון דער הייסער זון איז דאָס אָרעמע געוויקסל פֿאַרוועלקט(4) געוואָרן.

---

3. קנאָספּ — botón. 4. פֿאַרוועלקן — marchitarse.

דאָס האָט אָבער שמוליקן און זײַנע חבֿרים נישט אַנטטוישט(5). זיי האָבן ווײַטער געוואַשן די ערד מיט זיס וואַסער. נאָך אַ מאָל האָט שמוליק פֿאַרזייט אַ „רויטע בלום"... דאָס מאָל איז פֿונעם באָדן אַרויסגעוואַקסן אַ העכערער שפּראָץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ הויך צווײַגל. דאָס צווײַגל איז געווען פֿול מיט קײַלעכדיקע געשווילעכצן, קנאָספּעלעך, און זיי זײַנען געוואָרן גרין, גרינער פֿון טאָג צו טאָג. זיי האָבן באַקומען אַ שיין רונדיק געשטאַלט. דאַן ערשט האָט שמוליק צוגעבונדן דאָס הויכע צווײַגל מיט דינע שטריקעלעך צום שטעכיקן דראָט, אַז עס זאָל קאָנען אויסהאַלטן די משׂא(6) פֿון די וואַקסנדיקע רויטע בלומען.

ט"ו בשבֿט, ווען עס זײַנען אָנגעקומען די שוועסטערלעך און ברידערלעך פֿון די קיבוצניקעס צו פֿאַרברענגען דעם יום־טובֿ אין נײַעם קיבוץ, האָט זיי שמוליק באַגעגנט בײַם טויער. שמייכלענדיק האָט ער צו זיי אַזוי געזאָגט:

— אַ גוט־יום־טובֿ אײַך, קינדער! גוט וואָס איר זענט געקומען צו אונדז אין ט"ו בשבֿט! קיין פּאַראַדן(7), ווי מע מאַכט אין די שטעט, מיט מוזיק און מיט געזאַנג, וועלן מיר פֿאַר אײַך דאָ נישט מאַכן, אָבער דאָס, וואָס איך האָב אײַך צוגעזאָגט, איידער מיר האָבן זיך אָוועקגעלאָזט צו דעם „געזאַלצענעם טאָל" בויען אַ נײַעם קיבוץ, וועל איך האַלטן, כ'וועל אײַך באַגריסן מיט אַ „רויטער בלום"! קומט מיט מיר!....

שמוליק האָט צוגעפֿירט די קינדער צום אָפּגעצאַמטן „גערטנדל" און פֿײַערלעך(8) אויסגערופֿן:

— איך באַגריס אײַך מיט די ערשטע רויטע בלומען פֿונעם געזאַלצענעם טאָל!

5. אַנטטוישט — desilusionado.
6. משׂא (מאַסע) — שווערקייט.
7. פּאַראַד — מאַרש.
8. פֿײַערלעך — יום־טובֿדיק.



די קינדער זײַנען געשטאַנען פֿאַרגאַפֿטע(9). זיי האָבן נישט געגלייבט זייערע אויגן: שמוליק האָט זיי געלאָזט אָנטאַפּן מיט די הענט די רויטע בלומען, אָנגעגאָסענע מיט רײַכן זאַפֿט.

— אמתע טאָמאַטן! — האָבן די קינדער זיך געוווּנדערט אויף־אַ קול.

— אמתע טאָמאַטן! — האָט געשמייכלט שמוליק. — ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק זײַנען זיי געווען גרין. לכּבֿוד ראש־השנה האָט זיי די הייסע זון אויסגערויטלט! בלוט־רויטע טאָמאַטן לכּבֿוד ט״ו בשבֿט...

## ל. באָראָוויק — חמשה-עשׂר בשבֿט

אין ווײַס געהילט עס דאַוונען שטיל די ביימער,
זיי שאָקלען פֿרום זיך הער־און־הין;
איעדער בוים צום הימל פֿליסטערט לאמר(1):
מײַן תּפֿילה, גאָט, פֿאַרנעם אין טאָג פֿון דין.

ניט לאָז מײַן שטאַם פֿאַרטריקענען, פֿאַרוויאַנען(2),
ניט אויסגיין כ׳זאָל חלילה פֿאַר דער צײַט;
אָ, האַר פֿון אַלצדינג וואָס איז נאָר פֿאַראַנען,
אין טאָג פֿון דין דײַן חסד(3) ניט פֿאַרמײַד!

אָ, שיץ מיר זיי, דערבאַרעמדיקער(4) היטער,
אין רגעם פֿון סכּנה, פֿון געפֿאַר;
באַריר מיט בלעטער מיך מיט גרין־צעבליטע,
מיט פּירות זיס טו בענטשן מיך, מײַן האַר.

אין פֿאָרכט(5) געהילט עס דאַוונען שטיל די ביימער,
זיי שאָקלען פֿרום זיך, וויגן הער־און־הין;
איעדער בוים צום הימל פֿליסטערט לאמר:
מײַן תּפֿילה, גאָט, פֿאַרנעם אין טאָג פֿון דין.

9. פֿאַרגאַפֿט שטאַרק פֿאַרוווּנ־דערט.

1. לאמר (לייִמאָר) — אַזוי צו זאָגן.
2. פֿאַרוויאַנען — marchitarse.
3. חסד גוטסקייט.
דין — דאָ: משפּט.
4. דערבאַרעמדיקער — מיט רחמ־נות.
5. פֿאָרכט — דאָ פֿרומקייט.

# י. דראַזשנער | יוסף טרומפּעלדאָר

אין דער פּרי האָבן די אַראַבער זיך דערנענטערט צו חמרה און זיך געגרייט צו אַטאַקירן דעם פּלאַץ. מיר זײַנען געווען געצוווּנגען(1) אָפּצו־שטעלן די אַרבעט אין פעלד. פּונקט דאַן האָבן די לעצטע פראַנצויזן פאַר־לאָזט המרה און זײַנען אַנטלאָפן קיין מטולה, און די אַראַבער האָבן אָנגע־הויבן ציִען פון אַלע זײַטן. אויך די אַראַבער פון דער אומגעגנט(2), אפילו ניט קיין באַוואָפנטע(3), האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין מטולה צו ראַבירן(4).

דאָס איז געווען זייער אַ שווערע שעה פאַר אונדז. אַ טרויער האָט זיך געלייגט אויף אונדזערע הערצער, און פיל צווייפלען אונדז זײַנען געווען שטאַרק צערודערט(5). ס'האָט זיך געשטעלט די פראַגע: אויב אַ פראַנצוי־זישער פאָלק(6), וואָס האָט געהאַט קאַנאָנען און מאַשינביקסן, האָט ניט געקענט באַשטיין קעגן די אַראַבער, ווי זשע וועלן מיר, אַ קליין היפעלע(7) מענטשן, וואָס מער ווי ביקסן פאַרמאָגן מיר ניט, זיך קענען שטעלן קעגן זיי? די פראַגע: „אפשר זאָלן מיר אויך אַנטלויפן קיין מטולה?" -- האָט געשוועבט אין דער לופטן. נאָר קיינער האָט זיך ניט דערוועגט(8) זי צו שטעלן. אדרבה(9), אויף דער פאַרזאַמלונג, וואָס איז אין דער גיך אָפּגע־האַלטן געוואָרן, איז אָנגענומען געוואָרן אַ פעסטער באַשלוס: אין אַלע אומשטענדן(10) בלײַבן אויפן אָרט! ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן ניט צו לאָזן די באַוואָפנטע אַראַבער צוקומען צום פּלאַץ, און ווען ס'וועט קומען דער אַנטשיידנדיקער(11) מאָמענט, זאָלן מיר זיך מוטיק פאַרטיידיקן.

מ'האָט אונדז צו וויסן געטאָן, אַז אַראַבער באַפאַלן תל־חי. ניַין פון אונדזערע לײַט, און טרומפּעלדאָר מיט זיי, האָבן זיך שנעל אַוועקגעלאָזט אַהין. ווען מיר זײַנען צוגעקומען קיין תל־חי, האָבן מיר געטראָפן דאָס

1. געצוווּנגען — געמוזט.
2. אומגעגנט — די ישובים אַרום.
3. באַוואָפנט — מיט געווער.
4. ראַבירן — צונעמען אַלץ.
5. צערודערט — צעמישט.
6. פאָלק — רעגימענט.
7. היפעלע — קליינע גרופּע.
8. זיך דערוועגן — ניט האָבן קיין מורא.
9. אדרבה — דאָ: פאַרקערט.
10. אומשטענדן -- circunstancias.
11. אַנטשיידנדיק — דעציִדירנדיק.

הויז אַרומגערינגלט פֿון בעדווינער. אייניקע רײַטער(12) זײַנען אומגעפֿאָרן הין און צוריק און האָבן געשאָסן אין דער לופֿטן. ווען מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין הויז, האָבן מיר געטראָפֿן אַלעמען גרייט צום קאַמף, יעדער איינער איז געשטאַנען גרייט אויף זײַן פּאָסטן. דאַן איז אָנגעקומען פֿון חלסה קאַמעל עפֿענדי(13) באַגלייט פֿון זײַן קוזין און נאָך דרײַ אָפֿיצירן; זיי זײַנען אַלע געווען באַוואָפֿנט מיט האַנטגראַנאַטן און רעוואָלווערן. די „געסט" האָבן פֿאַרלאַנגט, מיר זאָלן זיי לאָזן אַרײַנקומען אין הויז צו זען, צי עס געפֿינען זיך ניט דאָרטן קיין פֿראַנצויזן.

קאַמעל און זײַנע באַגלייטער זײַנען אַרײַנגעקומען אין הויז, זײַנען דורכגעגאַנגען, אין דער באַגלייטונג פֿון טרומפּעלדאָרן, אַלע אונטערשטע צימערן און זײַנען אַרויף אויפֿן בוידעם. פּלוצלינג האָט דבֿורה אויסגעשריִען: „טרומפּעלדאָר, זיי האָבן בײַ מיר צוגענומען דעם רעוואָלווער!" טרומפּעלדאָר האָט געהייסן אויסשיסן אין דער לופֿטן און ער אַליין האָט זיך געאײַלט צום טויער צו פֿאַרהאַלטן די אַנפֿאַלנדיקע אַראַבער. אויפֿן וועג צום טויער איז ער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן. ער האָט דאַן באַפֿוילן צו שיסן אין ציל און האָט זיך אַליין ווידער געלאָזט צום טויער. ער איז באַלד ווידער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן. ער האָט דאָך געפּרוּווט גיין ווײַטער, אָבער ער איז אַוועקגעפֿאַלן פֿאַרוווּנדעט אין בויך.

מיר האָבן אַרײַנגעבראַכט טרומפּעלדאָרן אין הויז. ער איז געלעגן רויִק. ער האָט פֿאַרלאַנגט פֿון דעם, וואָס האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע, ער זאָל קומען צו אים יעדע ווײַל און אים לאָזן וויסן, וואָס ס'הערט זיך. יעדעס מאָל האָט ער איבערגעזאָגט די זעלבע ווערטער: „שטיין ביז דער לעצטער מינוט, אָפּהיטן דעם כּבֿוד פֿונעם פֿאָלק!" ער האָט אַפֿילו איין מאָל קיין זיפֿין(14) ניט געטאָן; ער האָט אַפֿילו ניט געפֿרעגט וועגן געהרגעטע און פֿאַרוווּנדעטע. ער האָט זיך נאָר נאָכגעפֿרעגט וועגן די חבֿרים, וואָס שטייען בײַ די פֿענצטער, צי זיי שטייען ריכטיק אָדער ניט. „גיב זיי איבער, זיי זאָלן שטיין און אָפּהיטן דעם כּבֿוד פֿונעם פֿאָלק" — און מער גאָר ניט.

ס'איז געקומען דער דאָקטאָר און האָט באַפֿוילן איבערפֿירן טרומפּעלדאָרן קיין כּפֿר־גלעדי, אפֿשר וועט מען אים נאָך קענען אָפּערירן. ווען מ'האָט אָנגעזאָגט טרומפּעלדאָרן, אַז מע פֿאַרלאָזט תּל־חי כּדי צו באַפֿעסטיקן זיך אין כּפֿר־גלעדי, האָט ער צוגעשטימט. און צום ערשטן און לעצטן מאָל האָבן מיר געהערט פֿון אים אַ מין זיפֿץ און די ווערטער: „אין דבֿר, טובֿ למות בעד ארצנו"(15).

12. רײַטער — סאָלדאַטן אויף פֿערד.

13. עפֿענדי — אַראַבישער טיטל.

14. זיפֿין — suspiro.

15. „ס'מאַכט ניט אויס, עס איז גוט צו שטאַרבן פֿאַר אונדזער לאַנד".

י. ל. קיפּניס

## דער שטיינערנער לייב

מיט אַ סך יאָרן צוריק איז דאָס געשען.

אַ גרויסן לייב האָט מען געזען אַרומגיין איבער ארץ־ישׂראל. זײַן גריזוע — אַ צעפּאַטלטע(1), זײַנע אויגן ברענענדיקע. און בײַ נאַכט, ווען אַרום איז געווען שטיל, פֿלעגט ער אויסברעכן מיט אַ געבריל(2), שטאַרק און מעכטיק. און דעמאָלט פֿלעגן די מענטשן זיך אויפֿוועקן מיט שרעק, און קליינע קינדער האָבן געציטערט.

ווער איז דאָס דער לייב? וואָס איז אים, וואָס ער שרײַט אַזוי? פֿאַר וואָס גייט ער אַרום איבערן לאַנד, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט?

אַלע ווייסן, ווער אָט דער לייב איז: דאָס איז דער זעלבער, וואָס אויף אים האָט געריטן דער גיבור בר־כּוכבא אין זײַן מילחמה מיט די רוימער. און ווען ער איז געפֿאַלן, האָט דער לייב זיך אַוועקגעשטעלט און געפֿרעגט:

— ווער איז אַזאַ גיבור, אַז ער וועט אַרויף אויף מיר מילחמה צו האַלטן קעגן די רוימער?

אָבער אַזאַ גיבור האָט זיך ניט געפֿונען. איז דעמאָלט דער לייב אַוועק אַרומצוגיין אין די בערג, געגאַנגען און געוואַנדערט אין לאַנד, ביז ער איז געקומען אין די בערג פֿון גליל. דאָרט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַרויסגעלאָזט זײַן לעצטן געבריל, און ער האָט געזאָגט: „מײַן מויל וועל איך מער ניט עפֿענען און וועל ניט ברילן, ביז עס וועט ניט באַווײַזן זיך אַ גיבור אין ישׂראל".

און אויף דעם אָרט, וווּ ער האָט אַרויסגעברילט, האָט ער געקניט, אַוועקגעלייגט זיך און ניט אויפֿגעשטאַנען.

איז דער לייב געלעגן, געקוקט צו בערג, וואָס אַרום אים, ביז עס האָבן זיך זײַנע אויגן אויסגעלאָשן, און זײַן גוף איז געוואָרן שטיין.

אָבער זײַן האַרץ איז לעבן געבליבן.



לאַנגע יאָרן זײַנען פֿאַרבײַ. רעגנס האָבן זיך אויף אים געגאָסן. ווינטן האָבן אויף אים זאַמד און שטויב אָנגעשאָטן און פֿאַרדעקט אים, אַז מע

1. צעפּאַטלט — צעוואָרפֿן.

2. געבריל — rugido.

האָט אים ניט דערקענט מער, און ער איז געוואָרן אַ פֿעלדז(3), אַ ווילדער פֿעלדז.

פּלוצעם האָט דאָס האַרץ פֿון דעם לייב אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין אים. ער האָט דערשפּירט, אַז די ערד אונטער אים ציטערט.

— ערד, מײַן ערד, — האָט זיך אָנגערופֿן דער לייב, — וואָס איז דיר געשען און פֿאַר וואָס ציטערסטו אַזוי?

דערציילט אים די ערד:

— איך ציטער פֿון פֿרייד. בחורים און מיידלעך פֿון די בני ישׂראל האָבן עולה געווען און געקומען צו מיר פֿון גלות.

— און וואָס טוען זיי? — האָט דער לייב געפֿרעגט.

— זיי זינגען, — האָט געענטפֿערט די ערד, — זיי זינגען און אַקערן, זינגען און פֿלאַנצן, זינגען און בויען. אָט איז דער „תּל חי"(4), וואָס זיי האָבן אויפֿגעשטעלט!

— און אַ גיבור איז דאָ צווישן זיי? — פֿרעגט דער לייב.

— אַלע זײַנען זיי גיבורים! -- זאָגט די ערד. — אָבער דער גרעסטער גיבור צווישן זיי איז יוסף פֿון גליל. קלוג איז ער און פֿלײַסיק(5) איז ער. בײַ טאָג אַרבעט ער, אַקערט און זייט, און בײַ נאַכט איז ער אַ שומר פֿון גליל.

דאָס האַרץ פֿון דעם לייב האָט אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן: אָט איז אויפֿגעקומען אַ גיבור, אָט וועט ער זיך באַווײַזן.

און דער לייב איז געלעגן און געוואַרט, דער גיבור זאָל קומען צו אים.

ס'איז געווען נאַכט. ווינטן האָבן דורכגעשוועבט(6) איבערן פּנים פֿון לייב מיט אַ געוויין.

— וואָס איז געשען, ווינטן? — פֿרעגט דער לייב, — דערציילט מיר!

האָבן אים די ווינטן דערציילט וועגן די רויבער־באַנדעס(7), וואָס זײַנען אָנגעפֿאַלן אויף תּל־חי צו צעשטערן אַלץ און אויסצוהרגענען די מענטשן. אָבער די העלדישע בחורים און מוטיקע מיידלעך האָבן געקעמפֿט קעגן די רויבער און ניט דערלאָזט זיי צו קומען.

— און דער גיבור? — פֿרעגט דער לייב. — ווו איז יוסף דער גיבור?

— דער גיבור האָט געקעמפֿט. איינער קעגן אַ סך אָנפֿאַלער. ער האָט געקעמפֿט און זיי באַזיגט(8). אָבער אין דער רגע פֿון ניצחון(9) — איז ער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן און געפֿאַלן.

---

3. פֿעלדז — בארגשטיין.
4. תּל־חי — דער ייִשוּב, ווו ס'האָט געלעבט טרומפּעלדאָר.
5. פֿלײַסיק — ארבעטזאם
6. דורכשוועבן — דורכפֿליִען.
7. רויבער — אָנפֿאַלערס, באַנדיטן.
8. באַזיגן — געווינען.
9. ניצחון — זיג (victoria).

— געפֿאַלן! — האָט אַרויסגעקרעכצט דער לייב.
אַ צײַט איז דער לייב געלעגן שטיל און שװײַגנדיק.

***

אין מיטן נאַכט האָט דער לייב אויפֿגעוואַכט. מיט כּוח האָט ער אַ ריר געטאָן די האָר פֿון זײַן גריווע און אַראָפּגעוואָרפֿן דעם גאַנצן שטויב און זאַמד, וואָס אויף אים, און ווידער איז ער געוואָרן אַ לעבעדיקער לייב, מעכטיק און שטאַרק. דעמאָלט איז ער אויפֿגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען. שטיל און שטאָלץ האָט ער געשפּאַנט, ביז ער איז געקומען צום אָרט, וווּ עס איז געפֿאַלן דער גיבור יוסף. געקומען, אויסגעצויגן זײַן האַלדז און אַרויסגעברילט אַ גרויסן געבריל, וואָס האָט זיך געקײַקלט, ווי אַ דונער, איבער אַלע בערג אַרום. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעלייגט, זײַנע אויגן האָבן זיך אויסגעלאָשן — און ווידער איז ער געוואָרן אַ שטיין.

די מענטשן פֿון גליל האָבן געהערט דעם לייבס געבריל, און אויף מאָרגן זײַנען זיי געקומען און געפֿונען דעם שטיינערנעם לייב, ווי ער ליגט בײַ יוסף דעם גיבור.

דאָרט ליגט ער ביז הײַנטיקן טאָג.



שלום־עליכם

# בײַם קיניג אַחשורוש

## א

אַז איך בין געווען אַ קליין ייִנגל — ווייסט איר, וועמען איך האָב מקנא געווען? — אַחשורושן.

נישט יענעם אַחשורושן, וואָס האָט געקיניגט אויף הונדערט זיבן און צוואַנציק מדינות. איך מיין קאָפּל דעם שנײַדער מיט דער גילדענער קרוין, דאָס הייסט, מיטן פּאַפּירענעם ספּאָדעק(1) און מיט דער לאַנגער גילדענער רויט פּונעם בעזעם.

אויך מרדכין דעם שני־למלך (לוי דעם שוסטער) מיט דער איבער־געקערטער קאַפּאָטע אויף דער לינקער זײַט און מיט דער פֿלאַקסענער(2) באָרד האָב איך שטאַרק מקנא געווען.

איך האָב מקנא געווען ושתּי המלכּה (מאָטל דעם סטאָלער) מיטן קליידל אויף דער קאַפּאָטע און מיט דער פּאַטשיילע(3), וואָס ער פֿלעגט זיך אונטערבינדן דאָס בערדל, מע זאָל מיינען אויף אים, אַז ער איז אַ פֿרוי... און וואָס איז אָפּגעגאַנגען, אַ שטייגער, אסתּר המלכּהן (עוזר דעם אונטער־שמש) מיטן גרינעם פֿאַרטעך? און המנען (יאָסקע דעם באָהעל־פֿער) מיטן שאַרבן(4) אויפֿן קאָפּ?...

נאָר מער פֿון אַלע האָב איך מקנא געווען פֿײַוול דעם יתום, וואָס פֿלעגט זיך אָנטאָן אין אַ רויט העמדל, זיך פֿאַרשטעלן פֿאַר „יוסף הצדיק", בשעת חבֿרה האָבן געשפּילט יענע שיינע שפּיל, וואָס ווערט אָנגערופֿן „מכירת־יוסף". זײַנע ברידער פֿלעגן אים אָראָפּרײַסן דאָס רויטע העמדל, אַרײַנוואַרפֿן אים אין „לייבנגרוב", און יוסף הצדיק (פֿײַוול, הייסט דאָס) פֿלעגט זיך אַוועקשטעלן אויף די קניִעס, צונויפֿלייגן די הענט און באַשווערן די חיות־רעות(5), זיי זאָלן צו אים קיין שליטה(6) נישט האָבן, און זינגען בשעת מעשׂה זייער אַ טרויעריק ליד:

---

1. ספּאָדעק — שפּיציק היטל.
2. פֿלאַקס — lino.
3. פּאַטשיילע — פֿרויען־קאָפּטיכל.
4. שאַרבן — calavera.
5. חיות־רעות — ווילדע חיות.
6. שליטה — מאַכט.

שלאַנגען און עקדעשן(7), איך בין יוסף הצדיק,
פֿאַרשליסט אייער מויל! יצחקס איין אייניקל,
צי ווייסט איר דען, יעקבֿס אַ זון,
צי ווייסט איר, ווער איך בין? יעקבֿס אַ זון.

און כאָטש יוסף הצדיק איז געווען אַ יתום, אַן אָרעם בחורל, און איך בין געווען אַ נגידס אַ יינגל, פֿון דעסטוועגן וואָלט איך זיך מיט אים געביטן נאָר צוליב דעם איינעם טאָג פּורים אַליין.

⁂

אַז ס'איז געקומען דער גוטער, דער ליבער טאָג פּורים, האָב איך פֿון גאַנץ פֿרי אָן שוין אַרויסגעקוקט אויף דער „חבֿרה", וואָס גייען פֿון שטוב צו שטוב און אַ גאַנצע כאַליאַסטרע(8) יינגלעך לויפֿן זיי נאָך פֿון הינטן. פֿאַר וואָס קאָן איך נישט זײַן אין דער כאַליאַסטרע? ניין! איך טאָר נישט, וואָרעם איך בין אַ נגידס אַ יינגל און דעם זיידן רב מאירס אַן אייניקל, באַדאַרף איך ליגן, ווי אַ הונט, אַ גאַנצן טאָג אין שטוב און גיין מיט אַלע גרויסע צום זיידן רב מאיר צו דער סעודה.

איך לאָז אַראָפּ די אויגן אין דער בלאָטע און גיי גלײַך מיט אַלעמען, פֿאַרטיפֿט אין טרויעריקע געדאַנקען: „תּמיד מיט אַלע גרויסע! שטענדיק מיטן רבין!... אין דער פֿרי, און בײַ נאַכט, און שבת און יום־טובֿ!"...

צונויפֿגעקליבן זיך אַלע צו דער סעודה, זעצט דער זיידע אַליין אויס דעם גאַנצן טיש. דער זיידע רב מאיר האָט ליב, ס'זאָל זײַן ריין און שיין און ציכטיק און מיט אַ סדר(9) — עס קומט אויס גוט: אַ פֿעטער זיצט נעבן אַ פֿעטער, אַ מומע נעבן אַ מומע, און אונדז, קליינוואַרג, זעצט מען אויס אַזוי, אַז ס'זאָל אויסקומען נישט אַ ברודער מיט אַ ברודער און אַ שוועסטער מיט אַ שוועסטער, ווײַל אייגענע קענען נישט הויזן(10) צווישן זיך, דערייבער באַדאַרף זיצן אַ פֿרעמד משהלע מיט אַ פֿרעמדן הערשעלע, און אַ פֿרעמד הערשעלע מיט אַ פֿרעמדן וועלוועלע, און אַ וועלוועלע מיט אַ נאָטעלע; און מיידלעך אויך אַזוי: אַ שׂרהלע מיט אַ פֿייגעלע, אַ פֿייגעלע מיט אַ רחלע, אַ רחלע מיט אַ טײַבעלע, און אַזוי ווײַטער. נאָר פֿאַר מיר איז נישט געווען קיין פּאָרל, האָט מען מיך אַנידערגעזעצט מיט מײַן מלאך־המוות, דעם רבין רב איציע. דער רבי רב איציע איז בײַ מיר נישט נאָר אַ מלמד, אַ לערער אַליין, נאָר אויך אַ וועגווײַזער אויף צו לערנען מיך דרך־ארץ(11), ווי אַזוי צו זיצן בײַם טיש און ווי אַזוי צו עסן.

---

7. עקדעשן — lagartijas.
7. כאַליאַסטרע — חבֿרה, גרופּע.
9. סדר — דאָ: אָרדענונג.
10. הויזן — דאָ: צוזאַמענלעבן.
11. דרך־ארץ — דאָ: גוטע מאַנירן.

## ב

געקומען די פורים-שפילער!

דערהערט „פורים-שפילער”, שפרינגען מיר, קליינוואַרג, אַלע אין איין רגע אַרויס פֿונעם טיש און מיר שטייען שוין אַלע אַרום דעם קיניג אַחשורוש מיט דער גילדענער קרוין.

— גוט-יום-טובֿ! — שיסן אויס די חבֿרה אַלע מיט אַ מאָל גאַנץ פֿריילעך, און מע שטעלט זיך אויס אין צוויי רייען. אויף אַ גילדענעם שטול זיצט דער קיניג אחשורוש, און עס טרעט אַרויס אויף איין פֿוס ממוכן (חיים שמײַסער), ער זינגט אַ „דײַטשיש” לידל:

בין איך ממוכן פֿאָן אַחשתּרנים,
נאָך גאָר אַ יונגער הער — דאָס זעט איר אין מײַן פּנים.
אויף איין פֿוס טו איך טון שפּרינגון
און אויף מײַן זיסער שטימע זינגון.

— דו ביסט יוסף הצדיק? — רוף איך זיך אָן צו פֿײַוול דעם יתום, וואָס שטייט בײַ דער זײַט מיט אַ מידן פּנים.

— יוסף הצדיק, — מאַכט צו מיר פֿײַוול.

— דו וועסט אויך שפּילן? — פֿרעג איך אים.

— אַז מע וועט מיר הייסן שפּילן, וועל איך שפּילן, — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און בייגט זיך אָן צו מיר אויפֿן אויער: — גיב מיר אַ שטיקל פֿון אײַער פּורים-קוילעטש(1).

— מע וועט דערזען, וועט מען זיך בייזערן, — מאַך איך צו אים שטילערהייט.

— שלעפּ אַוועק אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט זען, — זאָגט ער צו מיר, און די אייגעלעך בלישטשען(2).

— גנבֿענען? — זאָג איך.

— דאָס הייסט דען גענגנבֿעט? — מאַכט ער.

— וואָס דען, זאָג איך, — הייסט עס? געלקחנט(3).

— איך בין טויט-הונגעריק, — זאָגט ער צו מיר שטילערהייט און ער עסט דעם קוילעטש מיט די אויגן, — פֿון גאַנץ פֿרי אָן נאָך אין מײַן מויל נישט געהאַט...

דער גאַנצער עולם איז פֿאַרטיפֿט אין דער „שפּיל”, גיי איך צו פּאַוואָלינקע צום טיש, פֿאַרלייג די האַנט אַרונטער, שלעפּ אַוועק אַ שטיק קוילעטש און רוק דאָס אים אַרײַן אין האַנט אַרײַן. יוסף הצדיק לאָזט אַראָפּ

---

1. קוילעטש — געפֿלאָכטענע חלה.
2. בלישטשען — גלאַנצן.
3. געלקחנט — איראָניש אויף „גענגנבֿעט”.

קונציק דאָס שטיקל קוילעטש אין קעשענע אַרײַן און טוט מיר א קוועטש בײַ דער האַנט.

— ביסט א ווויל יִנגל. געבן זאָל דיר גאָט אַלדאָס גוטס!

— אפּשר ווילט איר, מיר זאָלן אײַך שפּילן „מכירת-יוסף" אויך? — רופט זיך אָן דער קיניג אַחשורוש, ער טוט אויס די גילדענע קרוין און טוט אָן א פּראָסטע היטל.

— גענוג, גענוג! — מאַכט דער זיידע. ער גיט דעם קיניג אַחשורוש אין האַנט אַרײַן א זילבערנע מטבע. און בשעת די מישפּחה האַלט אין אויס־זעצן זיך צוריק אויף די ערטער, כאַפּ איך זיך דערווײַל אַרויס אויף א מינוט באַגלייטן די „חבֿרה".

— קום! — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און נעמט מיך אָן בײַ דער האַנט. — פֿאָלג מיך, קום מיט מיר, איך האָב דיך ליב.

— וווּהין? — זאָג איך, און דאָס האַרץ קלאַפּט מיר.

— צום קיניג אַחשורוש, — מאַכט ער צו מיר. — מיר שפּילן שוין נישט מער הײַנט. דאָס גייען מיר צום קיניג אַחשורוש צו דער סעודה.

יוסף הצדיק נעמט מיך אָן בײַ דער האַנט, און מיר שפּאַנען איבער דער בלאָטע.

די נאַכט רוקט זיך אָן נענטער און נענטער, די בלאָטע ווערט וואָס ווײַטער אַלץ טיפֿער. עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך האָב פֿליגל, עס טראָגט מיך אין דער לופֿטן. אָט באַלד הייב איך אָן פֿליִען... שוועבן...

— איך האָב מורא, — זאָג איך צו יוסף הצדיק און האַלט אים צו בײַ דער האַנט.

— וואָס האָסטו מורא, נאַרעלע? — מאַכט ער צו מיר און קײַעט בשעת מעשׂה דאָס שטיקל קוילעטש, וואָס איך האָב אים געגעבן. — דאָרט וועט זײַן אַ סעודה, נאַרעלע; דאָרט וועסטו הערן, ווי מיר זינגען לידער...

איך כאַפּ אַ קוק אויף זײַן פּנים און אויף דער לבֿנה, און עס דאַכט זיך מיר, אַז ער און די לבֿנה האָבן איין קאָליר... איך רוק מיך צו צו אים נאָך נענטער, און מיר לויפֿן נאָך דער „חבֿרה" מיט אונדזערע קליינע פֿיס־לעך גאַנץ געשמײַדיק(4).

ג

-- אָט דאָ זיצט דער קיניג אַחשוורוש, -- מאַכט צו מיר יוסף הצדיק, און מיר לאָזן זיך אַראָפּ אַלע אין א קליין פֿינצטער שטיבל, מיט ערד געדעקט.

— פֿריידע־עטל, אַרויס פֿון בעטל! -- רופֿט זיך אָן דער קיניג אַחשורוש צו זײַן ווײַב.

---

4. געשמײַדיק — גיך און פֿרייִלעך.

„חבֿרה" האָבן זיך אָנגעזונגען אַ גאַנצן טאָג מיט לידער און זענען שוין אַזוי געוווינט געוואָרן מיטן גראַם(1), אַז אַן אַ גראַם איז זיי שוין שווער צו רעדן...

— די שיינע פֿיש זאָלט איר געבן צום טיש! — זאָגט ממוכן. — קוילעטש האָבן מיר אַליין אויף צו קנאַקן מיט די ציין, און דרײַעקעכיקע המן־טאַשן, וואָס מע פֿאַרשפּאַרט זיך צו זיי וואַשן...

— איר האָט זיך גענומען צום עסן, און דאָס געלט האָט איר פֿאַרגעסן!

— זאָגט ושתּי.

— ושתּי איז נישט קיין שיכּור, ער ווייסט. אַז דער גראַשן איז דער עיקר! — רופֿט זיך אָן המן, און אים האַלט אונטער אסתּר המלכּה, געוויינט־לעך, אויך מיט אַ גראַם.

איך באַטראַכט די וווינונג פֿונעם קיניג אַחשורוש. אין מיטן שטוב אַ גרויסער טיש צוגעדעקט מיט אַ גראָבן טונקעלן טישטעך.. בײַ איין זײַט אַ וואַרשטאַט מיט געצײַג(2), בײַ דער אַנדערער זײַט אַ הילצערן בעטל מיט אַ סך קישנס. פֿון אויבֿן־אויוון קוקן אַראָפּ עטלעכע פּאָר שוואַרצע און גרויע אייגעלעך.

— אַראָפּ! — מאַכט צו זיי יוסף הצדיק און ווינקט צו זיי מיטן פֿינגער. די שוואַרצע, גרויע אייגעלעך לאָזן זיך לאַנג נישט בעטן און גליטשן זיך אַראָפּ איינציקווייז פֿונעם אויבֿן־אויוון, מיט צעריסענע העמדלעך, וואָס פֿאַרשטעלן קוים דאָס לײַב... יוסף הצדיק, ווײַזט אויס, איז דאָרט אַ היימי־שער מענטש, וואָרעם די נאַקעטע קינדערלעך גייען צו צו אים, ווי די קליי־נע שעפֿעלעך, בייגן אָן צו אים די געקרײַזלטע(3) קעפּעלעך, ער זאָל זיי גלעטן.

— איר זענט הונגעריק? — זאָגט צו זיי יוסף הצדיק. — אָט וועלן מיר באַלד עסן. מיר האָבן אײַך געבראַכט אַלע גוטע זאַכן.

גאָט האָט געהאָלפֿן, דער קיניג אַחשורוש נעמט זיך צום פֿלעשל, גיסט אָן אַ גלעזל בראָנפֿן און טרינקט דעם ערשטן כּוס(2) לכּבֿוד דעם „הייליקן" יום־טובֿ פּורים, און נאָך אים נעמען אַלע צו גלעזלעך בראָנפֿן. און מע זעצט זיך צום טיש אַלע, פֿון גרויס ביז קליין.

איך און יוסף הצדיק און די נאַקעטע שעפֿעלעך מיט די געקרײַזלטע קעפּעלעך זעצן זיך אויס אַלע אויף אַ לאַנג בענקל, וואָס הענגט אויף אַ פֿוס און עס שאָקלט זיך, און מיר, קליינוואַרג, צעלאַכן זיך פֿונעם הינקענדיקן בענקל, אַזוי ווי פֿון דער שענסטער קאָמעדיע, און ערשט דאָ דערזעט מיך „חבֿרה" און וווּנדערט זיך: עפּעס אַ נײַער, נישט קיין קענטלעכער פּאַרשוין!(4)

---

1. גראַם — rima.
2. געצײַג — אינסטרומענטן.
3. געקרײַזלטע — rizado.
4. פּאַרשוין — פּערזאָן, מענטש.

דוד
לאַבקאָווסקי



בײַם קעניג
אַחשורוש

יוסף הצדיק דערציילט זיי, ווער איך בין און ווי איך קום אהער. דעם עולם איז דאָס, אפנים, שטאַרק געפֿעלן, ווײַל איטלעכער גייט צו, טוט מיר אַ זעץ איבער דער פּלייצע, אַ קניפּ אין בעקל, און איטלעכער זאָגט אַן אַנדער ווערטל, געוויינטלעך, צום גראַם, און די סעודה הייבט זיך אָן.

פֿריידע־עטל טראָגט צו פֿונעם אויוון שטאַרק געפּעפּערטע פֿיש מיט קאַרטאָפֿליעס, און כאָטש זיי זײַנען נישט מיט אַלערליי געווירצן(6), ווי בײַם זיידן רב מאיר, נאָר זיי ווײַזן מיר אויס דווקא זייער באַטעמט(7). איין חסרון נאָר, וואָס זיי זענען פֿול מיט ביינדלעך! דערפֿאַר עסן אָבער אַלע פֿון איין טעלער, און דאָס איז מיר דווקא שטאַרק געפֿעלן: איטלעכער שטופּט דעם גאָפּל — ס'איז פֿריילעך! נאָך די פֿיש נעמט „חבֿרה" ווידער צו בים־לעך בראַנפֿן, און מע טרינקט לחיים, און מע ווערט לעבעדיק גאָר אויף אַן אַנדער אופֿן; מע שטייט אויף פֿונעם טיש, מע נעמט זיך פֿאַר די הענט, און מע גייט גאָר אַ טענצל, און מע זינגט אַ לידל:

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער ייִדן זענען מיר!

— איאָ, ס'איז בײַ אונדז גוט? — זאָגט צו מיר יוסף הצדיק, וואָס האָט איבערגעכאַפּט דעם הונגער און איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש, ער שלעפּט מיך טאַנצן. איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז די שׂימחה אַזוי גרויס, נאָך איך פֿיל זיך עפּעס זייער אויפֿגעלייגט(8). איך פֿיל, אַז ס'איז מיר גוט אָן אַן עק!

## מ. אָליצקי — מײַן קורצע מגילה

איך וועל אײַך דערציילן
די לאַנגע מגילה
אין עטלעכע סטראָפֿן,
קיין צען ניט אַפֿילו.

האָט דער קעניג געהייסן
זײַן מלכּה באַשטראָפֿן.
(איר ווייסט דאָך אַליין,
וואָס מיט איר האָט געטראָפֿן).

דער קעניג פֿון לאַנד
האָט אַ סעודה געמאַכט,
האָבן אַלע געגעסן,
געטרונקען, געלאַכט.

פֿון דאַן האָט מיט מרדכין
די מעשׂה צו טאָן,
מיט אסתּר המלכּה,
וואָס זיצט אויפֿן טראָן.

6. געווירצן — especies.
7. באַטעמט (באַטאַמט) — געשמאַק.
8. אויפֿגעלייגט — פֿריילעך.

ביז איין מאָל בײַ נאַכט.
קען דער קעניג ניט שלאָפֿן.
(איר ווייסט דאָך אַליין,
וואָס דערנאָך האָט געטראָפֿן.)

אסתּר וואָלט רויִק
געלעבט יאָר נאָך יאָר,
ווען ניט דער מיניסטער,
אַ רשע ביז גאָר.

ער האָט פֿאַר די ייִדן
געפּלאַנט שלעכטע סופֿן.
(איר ווייסט דאָך אַליין,
וואָס מיט אים האָט געטראָפֿן).

צום סוף האָבן ייִדן
אַ סעודה געמאַכט,
געגעסן, געטרונקען,
געזונגען, געלאַכט.

דאָ וועל איך אויפֿהערן
צו זאָגן די סטראָפֿן
(איר ווייסט דאָך אַליין:
מער האָט גאָרניט געטראָפֿן.)

אויף אייביק געבליבן
עס איז פֿון די רייד:
די קיכלעך מיט שפּיצן,
און רוישיקע פֿרייד.




א

שיין איז יעדער יום-טובֿ אין ישׂראל. יעדער יום-טובֿ גיט אַן אַנדער אויסזען די שטעט און די גאַסן, די מענטשן און די קינדער.

אין חיפֿה איז פּורים אַ יום-טובֿ פֿון די קינדער.

אַ לאַנגע צײַט פֿאַר פּורים טראַכט יעדער קינד, וואָס פֿאַר אַ קאָסטיום און מאַסקע צוצוגרייטן. גאַנצע טעג, ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווערן גע־נייט די פּורים-קאָסטיומען, בסוד פֿאַר די חבֿרים פֿון קלאַס: יעדער קינד וויל מיט זײַן פּורים-קלייד אַלעמען איבעראַשן, זײַן אַן אויסנעם צווישן חבֿרים.

אַ טאָג פֿאַר פּורים קומען די קינדער אין זייערע קאָסטיומען אין דער שול אויף דעם פּורים-פּאַראַד.

שוין פֿון פֿרימאָרגן נעמען זיי שפּאַצירן אין אַלע טראַכטן, וואָס מען קאָן זיך נאָר פֿאָרשטעלן: פּריצים און קאַו-בויס, סאָלדאַטן און גענעראַלן. מלכים און מלכּות. אַלע פֿעלקער ווילן די קינדער ווײַזן אין זייערע אמת־דיקע טראַכטן: נעגערס און כינעזער, אינדיאַנער און טערקן.

איין תּלמיד טראָגט אַ גרויסן פּורים-פּלאַקאַט אויף אַ לאַנגן שטעקן: „מיר ווילן זײַן פֿריילעך!"

בילדער פֿון פּאַיאַצן און פּורים-לצים מאַכן לאַכנדיק די מענטשן, גאַסן און הײַזער. זינגען אויך די גרויסע, וואָס גייען נאָך דעם צוג פֿון קינדער:

**אַני פּורים, אַני פּורים שׂמח ומכבדה...**

דער עולם פֿון די צוקוקערס ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער, זיי גייען נאָך די קינדער און קאָנען נישט אָפּרײַסן די אויגן פֿון די זינגענדיקע און לאַכנדיקע קינדער אין זײַדענע קרינאָלינעס, פֿאַרביקע הוטן, אַטלאַסענע פּעלערינעס.

דער שענסטער קינדער-קאָסטיום ווערט אויסגעצייכנט מיט אַ פּריז אויף דעם פּאַראַד.

לעבן משה רבינו מיט אַ לאַנגער באָרד, מיט אַ ווײַסן קיטל און מיט די לוחות אין איין האַנט און וואַנדער-שטעקן אין דער צווייטער — שטייט אַ ים-פּיראַט מיט אַ פֿאַרבונדן אויג און אַ גאָלדן רינגל אין אויער, אַ רויטע פֿאַטשיילע אויפֿן קאָפּ און אַ קינזשאַל אין די אויסגעפּאַסטע שמאָלע, סאַמעטענע הויזן.

לאַכן אַלע. אַפֿילו די וואָס האָבן זייערע זאָרגן פֿאַרגעסן איצט פֿון זיי. עס איז פּורים, פּורים אין מדינת ישׂראל! דער אַלטער המן הרשע און דער נײַער המן היטלער האָבן געהאַט אַ מיאוסן סוף! באַוווּנדערן אַלע די פֿאַר-שטעלטע קינדער, די אויסגעמאָלטע פּנימלעך מיט פֿאַרבן און טראַכטן:

— געוואַלד, וואָס פֿאַר אַ אײַנפֿאַלן זיי האָבן דאָס! יעדער פּורים איז שענער! יעדער פּורים — אַ נײַער וווּנדער!

ב

בײַ נאַכט. די גאַסן פֿון חיפֿה לויכטן מיט הונדערטער לאָמפּן. אַ ים פֿון ליכט שײַנט פֿון כּרמל-באַרג און כּישופֿט מיט זײַן אויסערגעוויינטלעכן פּראַכט. די גאַסן פֿון חיפֿה זענען איבער די ברעגן אויסגעפֿילט מיט קינ-דער. יעדער קינד איז אַ טייל פֿון דער געשיכטע, דערמאָנט אַ פֿאַרגאַנגענע תּקופֿה.

גייט אַ קליינער נאַפּאָלעאָן מיט אַ שמאָלן, לענגלעכן הוט, די האָר פֿאַרקעמט איבערן שטערן פֿון איין זײַט, אין אַן אויסגעפּאַסטן קאַמזויל און הויזן מיט אַ ברייטן פּאַס. נעבן אים אַ טשאַרלי טשאַפּלין מיטן קרומען, דינעם שטעקעלע, הויכן צילינדער און אויסגעריבענעם פֿראַק.

ריטער פֿון קרײַצצוגן אין לאַנגע, רויטע הויזן מיט זילבערנע העלמען און שווערדן ביז צו דער ערד, מיט פּאַנצערס און קרײַצן; ציגײַנער מיט הינט; טערקישע כּלות מיט פֿאַרשלייערטע פּנימער; פּערסישע סוחרים אין די קליינע, רויטע פֿעסקעס אויפֿן קאָפּ. אַ וועלט מיט פֿעלקער אין זייערע קליי-דער ווײַזן די אַלע לאַכעדיקע יום-טובֿדיקע קינדער. די גאַס איז שוין קליין פֿאַר זיי — די גאַנצע שטאָט איז הײַנט זייערע.

אַ לערער פֿון אַ קיבוץ איז געקומען מיט זײַנע קינדער. און ווײַל ער וויל אויך זײַן פּורימדיק איבערגעטאָן — האָט דער עלטער לערער צוגע־דעקט זײַן קאָפּ מיט אַ זײַדן טיכעלע, פֿאַררוקט אונטערן טיכל צוויי לאַנגע, העלע צעפּ; אין אַ בלויען זײַדענעם קלייד שפּאַנט ער מיט די קינדער, באַהאַנגען מיט קרעלן, בלאָזט און מאַכט חנדלעך פֿון אַ מלכּה — ער איז די מלכּה אסתּר! נעבן אים — אַ המן מיט אַן אייזל אויף רעדלעך, מרדכי הצדיק מיט אַ לאַנגער באָרד, און אַ קליין מיידעלע, אין אַ רויטן פּור־פּור־מאַנטל פֿון אַ מלך, זינגט מיט אַ זיס קולעכל: **אחד, שתים, שלוש, אַני אַחשורוש...**

גייט זיי נאָך אַ גאַס מיט מענטשן און טרייסלט זיך פֿאַר געלעכטער: דאָס הייסט אַ לערער! דער לעצטער אין דער ריי איז אַ שלח־מנות־טרעגער. ער טראָגט אַ הילצערנעם טאָרט מיט אַ פֿלעשל ווײַן אויף אַ טאַץ.

ג

שטיל און שעמעוודיק גייט אַ מיידעלע. איר מאַמעשי האָט איר נישט געקאָנט מאַכן קיין קליידל פֿון זײַד אָדער אַטלאַס, ווי אַנדערע קינדער האָבן עס. טראָגט זי אויפֿן שוואַרצן געקרײַזלטן קעפּל אַ היטעלע פֿון מאַראַנצן־שאַלעכץ; דאָס קליידעלע איז אַרומגענייט מיט גרינע מאַ־ראַנצן־בלעטער; אין דעם הענטל האַלט זי אַ גרויסן מאַראַנץ. גייט די קליינע אַדאַ מיטן גאָלדענעם עפּל אין דער האַנט איבער די ליכטיקע גאַסן פֿון חיפֿה, און איר פּנימל שײַנט פֿון גליק, וואָס זי איינע האָט אַזאַ בגד, וועלכן קיינער קאָן נישט נאָכמאַכן. גייען איר נאָך מענער און פֿרויען און קאָנען נישט אָפּרײַסן די אויגן פֿון מאַראַנץ־מיידעלע. גייט צו איינער און אַ צווייטער, דערלאַנגט איר דער אַ בײַטעלע טייטלען, און אַ צווייטער — אַ טאָוועלע שאָקאָלאַד. דאָס איז דער פּריז, וואָס זי וועט אַהיימטראָגן פֿון אַ פֿרעמדן־אייגענעם פֿון דער שטאָט חיפֿה אַהיים.

אַ סך יינגלעך לאָכן זיך אויס פֿון די קאָו־באָי־הויזן און זײַדענע יאַקעס פֿון פֿירשטן. זיי טראָגן גאָר כאַקי־הויזן און בלוזעס: איינער איז אַ סאָלדאַט פֿון ים־פּלאָט; אַן אַנדערער — אַ פֿליִער פֿון לופֿטפֿלאָט. אַ סך יינגלעך און מיידלעך גייען אַרום שטאָלץ מיט די רויטע פּאַראַשוטיסטן־היטעלעך, פֿון די גאָר דרייסטע, בראַווע. אַ שוואַרץ פּאַסיקל אויפֿן אויג טראָגן צענדליקער קינדער: יעדער וויל זײַן אַ משה דיין, אַ גענעראַל, אַ גיבור!

*

מיד און פֿאַרמאַטערט קומען זיי אַהיים פֿון די פּורים־פּאַראַדן און פֿאַרשטעלונגען. שפּעט בײַ נאַכט פֿאַלן זיי אויף די בעטלעך, ווי נאָך אַ שווערן אַרבעטסטאָג: אָנגעלאָפֿן זיך, אָנגעפֿאָרן, קוים געכאַפּט אַ המן־טאַש אין מויל. קלעפּן זיך שווער די אויגן צום שלאָף — אויס פּורים!

# שלום-עליכם | שיר השירים

איך האב לאנג ארויסגעקוקט אויף דעם ליבן, גוטן יום-טוב פסח. דע־מאלט וועל איך זיין פריי. איך וועל שפילן מיט בוזין אין ניס. ארומלויפן אין דרויסן, גיין בארג אראפ צום טייך, דארטן וועל איך איר ווייזן, ווי מע לאזט קאטשקעלעך אויפן וואסער.

אז איך זאג איר, גלייבט זי מיר עס נישט. זאגן זאגט זי עס נישט, נאר זי לאכט. און איך האב פיינט, אז מע לאכט פון מיר. בוזי גלייבט נישט, אז איך קאן זיך ארויפדראפען אויפן העכסטן בוים (איך זאל נאר וועלן!) בוזי גלייבט נישט, אז איך קאן שיסן (איך זאל נאר האבן מיט וואס).

זאל נאר קומען פסח, דער ליבער, גוטער פסח, ווען מע קאן שוין זיין אין דרויסן, אויף דער פרייער לופט, וועל איך איר באווייזן אזעלכע קונצן, אז זי וועט זיך אליין וואונדערן.

⁂

א זעלטענער ערב פסח. א ליכטיקער טאג, א ווארעמער אינדרויסן.

— גייען מיר? — אזוי זאגט צו מיר בוזי.

איך פיל, אז איך ברען. די מאמע האט נישט געזשאלעוועט, זי האט אונדז מיטגעגעבן פולע קעשענעס ניס. זי האט אונדז אבער אנגעזאגט, אז פארן סדר זאלן מיר זיך נישט דערוועגן די ניס צו קנאקן. שפילן אין ניס — וויפל דאס הארץ גלוסט, אבער נישט עסן.

מיר לאזן זיך גיין. אין דרויסן איז גוט, אין דרויסן איז וואויל. די זון האלט שוין ווייט אין הימל, זי קוקט שוין אראפ אויף יענער זייט שטאט. ס'איז ברייט און ווייך און גראס און פריי ארום און ארום. ערטערווייז שלאגט זיך דורך פון בארג, וואס אויף יענער זייט שול, א גרעזעלע א גרינס, א פריש, א צאפלדיקס. מיט א קוויטש און מיט א צוויטש פליט דורך איבער אונדזערע קעפ א גלייך שנירל קליינע שוועלבעלעך. און ווידער דערמאן איך זיך אין דעם „שיר השירים", וואס איך האב געלערנט אין חדר: — „די שפראצונגען האבן זיך שוין באוויזן אויף דער ערד, די צייט פון דעם סאלאווייטשיק איז געקומען, און א קול פון ערשטן זומער-פויגל

האָט זיך געלאָזט הערן אין אונדזער לאַנד". איך פֿיל מיך מאָדנע גרינג, עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב פֿליגל. אָט הייב איך זיך אויף און פֿלי.



פֿון שטאָט לאָזט זיך הערן אַ געררויש. עס קאָכט, עס זידט. ס'איז ערבֿ פּסח! אַ ליכטיקער טאָג, אַ וואַרעמער אינדרויסן.

אין דער מינוט באַקומט די גאַנצע וועלט אין מײַנע אויגן גאָר אַן אַנ־דער פּנים. אונדזער הויף איז אַ שלאָס, אונדזער שטוב — אַ פּאַלאַץ. איך בין אַ פּרינץ, און בוזי — אַ פּרינצעסין. די קלעצער, וואָס ליגן אָנגעוואָרפֿן לעבן אונדזער שטוב, זײַנען טענענביימער און באַקסנביימער, וואָס ווערן דערמאָנט אין שיר השירים. דער באַרג אויף יענער זײַט שול, דאָס איז דער באַרג לבֿנון, וואָס ווערט דערמאָנט אין שיר השירים. די ווײַבלעך און מיידלעך, וואָס שטייען אין דרויסן, וואַשן און פּרעסן און מאַכן אַלץ גרייט אויף פּסח, דאָס זײַנען די טעכטער פֿון ירושלים, וואָס ווערן דערמאָנט אין שיר השירים. אַלץ, אַלץ איז פֿון שיר השירים..

איך גיי, די הענט אין די קעשענעס. די נים קלינגען. בוזי גייט מיר נאָך טריט בײַ טריט. איך קאָן נישט גיין פּאַמעלעך, עס טראָגט מיך אין דער לופֿטן. מיר ווילט זיך פֿליִען, שוועבן, טראָגן זיך, ווי אַן אָדלער. איך לאָז מיך לויפֿן. בוזי לויפֿט מיט מיר. איך שפּרינג אויף די צונויפֿגעלייגטע קלע־צער, פֿון איין קלאָץ אויפֿן אַנדערן. בוזי שפּרינגט מיט מיר. איך אַרויף — זי אַרויף, איך אַראָפּ — זי אַראָפּ. ווער וועט פֿריִער מיד ווערן? איך האָב געטראָפֿן.

— ביז וואַנען איז דער שיִער?

אַזוי זאָגט צו מיר בוזי. איך ענטפֿער איר באַלד מיטן לשון פֿון שיר השירים:

— „ביז עס וועט אַ בלאָז טאָן דער טאָג, און עס וועלן אַנטלויפֿן די שאָטנס". — זעסט, באַ־באַ, דו ביסט מיד געוואָרן, און איך — נישט!



בוזי נעמט מיך אָן בײַ דער האַנט, און איך פֿיל, ווי איר קליין ווײַס הענטל איז קאַלט. איך קוק איר אין די אויגן אַרײַן און איך זע, ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין זיי די גין־גאָלדענע זון, וואָס געזעגנט זיך מיטן טאָג, מיטן ערשטן ליכטיקן וואַרעמען ערבֿ־פּסח. ביסלעכווײַז שטאַרבט אָפּ דער דאָזיקער טאָג. ווי אַ ליכט ווערט אויסגעלאָשן די זון. דער רויש, וואָס איז געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג, ווערט פֿאַרשטאַרבן. מע זעט שוין נישט כּמעט קיין לעבעדיקן מענטשן אויף דער גאַס. אין די פֿענצטער פֿון די הײַזלעך באַווײַזן זיך פֿײַערלעך פֿון די יום־טובֿדיקע בענטשליכט. אַ מאָדנע, אַ הייליקע שטילקייט רינגלט אונדז אַרום, מיך מיט בוזין, און מיר פֿילן זיך פֿעסט צונויפֿגעגאָסן מיט דער דאָזיקער יום־טובֿדיקער שטילקייט.

שמעון פֿרוג

# אַרבע כּוסות

דער גרויער ווינטער איז אַוועק,
דער יונגער פֿרילינג איז געקומען:
צינד אָן די ליכט פֿון עק ביז עק,
באַקראַנץ דעם טיש מיט פֿרישע בלומען!
דרײַ שענסטע רויזן, העל און פֿײַן,
קלײַב אויס, מײַן קינד, און שטעק אַרײַן
אין מרור, כּרפּס און חרוסת(1),
און מיט דעם ריינסטן, בעסטן ווײַן
גיס אָן ביז פֿול די אַרבע כּוסות!

מיט פֿרייד און ליבע אָן אַ מאָס,
מיט הייסן גלויבן, טיפֿע טרײַהײַט,
הייב אויף, מײַן קינד, דעם ערשטן כּוס
פֿאַר אונדזער אַלטער, זיסער פֿרײַהײַט!
אין ים־סוף ליגט די שווערע קייט,
דער קנעכטשאַפֿט־יאָך(2) פֿון לאַנד מצרים...
אַ גאַנצע אייביקייט פֿאַרגייט —
און יעדן יאָר וואַכט אויף און שטייט
דער גרויסער נס פֿאַר אונדז עד־היום...

דעם צווייטן כּוס הייב אויף, מײַן קינד,
לכּבֿוד אונדזער אַלטער תּורה —
די ליבע איינציקע מנורה,
וואָס פֿלעגט אין גרעסטן שטורעמווינט
אין האָגל(3), פֿינצטערניש און רעגן,
פֿאַרהיילן אונדזער לייד און פּײַן,
פֿאַרגיסן וואַרעמקייט און שײַן
פֿאַר אונדז אויף אַלע וויסטע וועגן...

1. די מינים פֿון פּסח.
2. יאָך — yugo.
3. האָגל — granizo.

דעם דריטן כּוס נעם, קינד, אין האַנט
און הייב אים אויף, ווי אַ זיכּרון
פֿון אונדזער אַלטן פֿאָטערלאַנד,
פֿון יענע טעג, פֿון יענע יאָרן,
ווען אונדזער פֿאָלק האָט אויף דער וועלט
געהאַט אַ היים, אין רו געזעסן
און פֿון זײַן אייגן פֿרײַען פֿעלד
אַן אייגן שטיקל ברויט געגעסן...

דעם לעצטן, פֿערטן כּוס גיס אָן
און טרינק, מײַן קינד: לחיים, ברידער,
פֿאַר אונדזער נײַער פֿרײַהײַטספֿאָן,
זי זאָל אין וועג אונדז פֿירן ווידער
צו אונדזער ליבן פֿאָטערלאַנד;
מיר זאָלן, פֿרײַ פֿון לייד און שאַנד,
דעם לאַנגן גלות דאָרט פֿאַרגעסן,
ניט וויסן מער פֿון שרעק און נויט,
און ווידער אונדזער אייגן ברויט
פֿון אונדזער פֿעלד אין נחת עסן!...




קליינערהייט האָב איך בײַם סדר שטענדיק געהיט אליהו הנבֿיאס גרויסן כּוס מיט ווײַן. ווען מען האָט פֿאַר אים אויפֿגעמאַכט די טיר, האָב איך מיטברייט־צעעפֿנטע אויגן אַריבערגעקוקט צו דער שוועל(1) און מיט אַ פֿלאַטערדיק(2) האַרץ געוואַרט — אפֿשר וועל איך אים זען אַרײַנקומען. איין מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך הער זײַנע שטילע טריט. אַן אַנדערש מאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך האָב געזען, ווי דער ווײַן אין זײַן בלויען גרויסן כּוס האָט אַ ציטער געטאָן און עס איז דאָרט געוואָרן מיט צוויי טראָפּנס ווייניקער. און איין מאָל בין איך געווען זיכער, אַז איך האָב טאַקע געזען, ווי אליהו הנבֿיא איז געקומען צו אונדזער סדר.

1. שוועל — umbral.
2. פֿלאַטערדיק — ציטערדיק.

דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען אין דעם יאָר, ווען איך האָב אָנגעהויבן גיין אין חדר. איך געדענק, ווי איך האָב דעמאָלט אין די פֿאַר־פּסח־טעג ווי געלעבט מיט די ייִדן, וואָס האָבן זיך אַ סך אָנגעליטן בײַ פּרעהן אין מצרים, און איך האָב פֿאַר זיך ווי געזען די גרויסע וווּנדער, דורך וועלכע זיי זײַנען אַרויס אויף דער פֿרײַ.

איך בין אַרומגעגאַנגען, ווי אין חלום, און געזען, ווי אַלץ אַרום מיר פֿרייט זיך מיט די ניסים און אַלץ גרייט זיך צו דעם יום־טובֿ פּסח. די זון האָט מיט אַ מאָל זיך צעשײַנט, דער שניי האָט זיך גיך צעשמאָלצן, און אויף וועגן און שטעגן(3) האָבן ריטשקעלעך(4) מיט אַ פֿריילעך געמורמל זיך געצויגן צום טײַך. דער באַרג אַנטקעגן אונדזער הויז האָט אויסגעזען, ווי עמעצער וואָלט פֿון אים אַראָפּגעכאַפּט זײַן ווײַסע דעק און אים אויפֿ־געוועקט פֿון ווינטערשלאָף. ער איז אָבער לאַנג ניט געבליבן נאַקעט, נאָר באַלד געוואָרן באַדעקט מיט העל־גרין גראָז. אונדזערע טויבן זײַנען אַרויס אויפֿן דאַך און זיך צעוואָרקעט אויפֿן קול. פֿייגל זײַנען מיט געזאַנג גע־קומען צו פֿליִען פֿון די וואַרעמע לענדער און זיך ווי געאײַלט פֿאַר פּסח צו מאַכן פֿאַרטיק זייערע נעסטן. די ביימער האָבן מיט אַ מאָל זיך צעשמעקט און גיך גענומען אַרויסשלאָגן פֿון זיך גרינע בלעטלעך און ראָז־ווײַסע בליִונ־גען. דער גאַנצער דרויסן האָט ווי געזונגען מיטן געזאַנג פֿון שיר השירים און זיך געגרייט און געפּוצט.

אַ טאָג פֿאַר פּסח, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צו אונדזער גרויסן גאָרטן, וואָס האָט זיך געצויגן באַרג אַראָפּ, ביז צו אַ וואַסער.

מיט אַ נאַכט פֿריער האָט זיך מיר געהאַט געחלומט, אַז אַ טייל ייִדן, וואָס משה האָט אַרויסגעפֿירט פֿון מצרים, זײַנען געבליבן הינטערשטעליק און זיי גייען מיט אונדזער גאָרטן צום באַרג סיני. איך האָב אָבער אין גאָרטן ניט געזען קיין איין ייִדן, נאָר צוויי באַקאַנטע קריסטלעכע ייִנגלעך, וואָס האָבן אַלע מאָל זיך געטשעפּעט צו מיר. זיי זײַנען מיר גוט געלעגן אין די ביינער, און יעדער מאָל ווען איך פֿלעג זיי דערזען, בין איך פֿון זיי אַנטלאָפֿן. אָבער ניט דאָס מאָל. איך בין געווען ווי דורכגענומען מיט דער מוטיקייט פֿון די ייִדן, וואָס האָבן פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן דעם יאָך(5) פֿון מצרים און מיט די גרויסע וווּנדער, מיט וועלכע משה האָט אָנגעלערנט פּרעהן און זײַנע לײַט, און איך האָב פֿאַר די קריסטלעכע ייִנגלעך גאָר קיין מורא נישט געהאַט.

זיי זײַנען צו מיר צוגעקומען, בין איך פֿאַר זיי געבליבן שטיין אַן אומדערשראָקענער. עס איז גראָד לעבן מיר אויף דער ערד געלעגן אַ געבוי־גענער שטעקן, האָב איך זיי אָנגעוויזן אויף אים און זיי געוואָרנט(6), אַז איך

---

3. שטעגן — שמאָלע וועגן.
4. ריטשקעלע — קליין טײַכל.
5. יאָך — yugo.
6. געוואָרנט — געזאָגט פֿאָרויס.

קאָן דעם שטעקן אין איין מינוט פֿאַרוואַנדלען אין אַ גיפֿטיקער שלאַנג, וואָס וועט פֿון זיי מאַכן אַ סוף. איך האָב פֿאַר זיך געהאַט דאָס בילד, ווי משה טוט אַ וואָרף זײַן שטעקן פֿאַר פרעהן און ווי עס ווערט פֿון אים אַ לעבעדיקע שלאַנג, און איך האָב אין יענער מינוט געגלייבט, אַז איך קאָן דאָס אייגענע באַווײַזן פֿאַר די צוויי קליינע פרעהלעך. די ייִנגלעך האָבן צעטומלטע זיך איבערגעקוקט, זיי האָבן עפּעס ווי דערפֿילט מײַן זיכערקייט. זיי האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר דעם געדרייטן שטעקן, וואָס איז טאַקע געווען ענלעך צו אַ שלאַנג, און זיי זײַנען באַלד אַנטלאָפֿן.

איך האָב שוין דעם שטעקן געלאָזט ליגן אויף דער ערד און איך בין אַוועקגעגאַנגען צום וואַסער. באַלד האָב איך דאָרט דערזען, עפּעס ווי אַ קעסטל שווימט ניט ווײַט פֿון ברעג. עס איז מיר גלײַך אײַנגעפֿאַלן, אַז אין דעם קעסטל ליגט אפֿשר איינס פֿון די ייִדישע קינדער, וואָס פרעה האָט באַ־פֿוילן אַרײַנצוואַרפֿן אין וואַסער. איך האָב לאַנג ניט געקלערט, נאָר אויס־געטאָן די שטיוועלעך, פֿאַרקאַטשעט די הויזן און אַרײַן אין וואַסער ראַטע־ווען דאָס ייִדישע ייִנגעלע. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער, אַז דאָס איז גאָר געווען אַ צעבראָכענע מולטער(7). איך בין פֿון שטראָם פֿאַרשלעפּט געוואָרן אין דער טיף, ס׳וואַסער איז מיר געווען ביזן האַלדז, און איך בין קוים אַרויס אַ לעבעדיקער....

איך בין אַהיימגעקומען אַן אויסגעווייקטער און געכאַפּט דעם אמתן סוף פֿון דער מאַמען. עס האָט זיך אָבער דערמיט ניט געענדיקט. איך בין דעם זעלבן פֿאַרנאַכט פֿאַרשלאַפֿט געוואָרן און אַרײַנגעפֿאַלן אין היץ. ערבֿ פּסח, ווען מען האָט מיר געבראַכט די נײַע שיך און דעם אָנצוג, בין איך געלעגן אַ קראַנקער און אַפֿילו ניט געקאָנט אָנמעסטן די נײַע זאַכן. איך האָב בלויז געקוקט אויף זיי און מײַנע אויגן זײַנען געווען פֿול מיט טרערן.

אויף דער נאַכט, ווען אַלע האָבן, אויסגעפּוצטע, זיך געזעצט פּראַווען דעם סדר, בין איך געלעגן אַ פֿאַרטראָגענער אין היץ און זיך ניט געקאָנט רירן. עס האָט זיך מיר געמישט אין קאָפּ, און פֿון אָנהייב האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער טיש שטייט גאָר אויף דער סטעליע(8) און ניט אויף דער ערד. איך האָב זיך צוגעהערט, ווי אַלע זינגען אויס די הגדה, און איך האָב אַלע מאָל אַריבערגעקוקט צום טיש, ווײַל איך האָב געוואָלט זען, וואָס דאָרטן טוט זיך. אין מיטן דערינען האָט מיר אָבער אַ שווינדל געטאָן אין קאָפּ, און איך בין גאָר ווידער געווען אין גאָרטן מיט די צוויי קריסטלעכע ייִנגלעך, דאָס מאָל האָבן זיי אַ כאַפּ געטאָן דעם קרומען שטעקן בײַ ביידע עקן, עפּעס ווי אַ באַשעפֿעניש, פֿון וועלכן מע מיאוסט זיך, און אים גיך אַוועקגעטראָגן צום וואַסער.

---

7. מולטער — הילצערנע כּלי.
8 סטעליע — techo.



„... אין אַ רגע האָב איך אין דער אַפֿענער פֿינצטערער טיר דערזען אליהו הנבֿיאס גשטאַלט"...

דערנאָך האָב איך זיך ווידער אָנגעשטרענגט צו זען, ווי מען האַלט מיטן סדר. איידער וואָס־ווען, איז שוין אליהו הנביאס כּוס געשטאַנען גרייט, און מײַן ברודער האָט פֿאַר אים ברייט געעפֿנט די טיר. עס האָט מיר גע־האַקט אין די שלייפֿן(9), אָבער איך האָב, ווי בײַ די פֿריִערדיקע סדרים, אַריבערגעקוקט צו דער אָפֿענער טיר, אפֿשר וועל איך פֿאָרט דערזען אליהו הנביא. באַלד האָט מיר עפּעס ווי אַ שווינדל געטאָן פֿאַר די אויגן, און אין אַ רגע האָב איך אין דער אָפֿענער און פֿינצטערער טיר דערזען אליהו הנ־ביאס געשטאַלט. איך האָב אַ סך מאָל פֿריִער זיך געהאַט פֿאָרגעשטעלט, אַז זײַן פּנים איז מילד און זײַן באָרד איז ווײַס און לאַנג, און אַזוי האָט ער טאַקע אויסגעזען. ער האָט באַלד ווי צוגעשוועבט(10) צום טיש, גענומען אין דער האַנט אַרײַן זײַן פֿולן כּוס ווײַן און זיך צוגעלאָזט צו מײַן געלעג־גער(11). איך האָב זיך מיט אַלע כּוחות גיך געגעבן אַ זעץ אויף, ווײַל איך האָב געוואָלט זען אליהו הנביאס פּנים פֿון דער נאָענט. ער איז אָבער פּלוצעם פֿאַרשוווּנדן פֿון מײַנע אויגן.

מיט אַ מאָל האָב איך גאָר דערזען דעם זיידן צוקומען צו מײַן געלעגער. ער האָט צוגעבראַכט צו מיר אליהו הנביאס כּוס מיט ווײַן.

— אליהו הנביא איז געווען, אליהו הנביא איז געווען! — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט(12).

— יאָ, ער איז שוין געווען. ער דאַרף הײַנט זײַן אין אַ סך ייִדישע היימען. נעם אַ צוויי טראָפּנס ווײַן פֿון זײַן כּוס, וועסטו געזונט ווערן! — האָט דער זיידע צו מיר גערעדט און אונטערגעטראָגן אליהו הנביאס כּוס צו מײַנע פֿאַרטריקנטע ליפּן.

— טאַקע מער ניט ווי צוויי טראָפּנס, און זאָל עס דיר זײַן צו אַ רפֿואה, — האָט די מאַמע זיך צו מיר צוגעבויגן. איך האָב אַראָפּגעשלונגען די פּאָר טראָפּנס ווײַן, און ווען די מאַמע האָט מיט דער האַנט געטאַפּט מײַן שטערן, האָב איך איר אין דער שטיל פֿאַרטרויט(13), אַז איך האָב ערשט געזען אליהו הנביאן.

— ס'אַ סימן, אַז דו וועסט גיך געזונט ווערן, — האָט די מאַמע סודותדיק(14) געשמייכלט. מען האָט באַלד בײַם טיש זיך ווידער גענומען צו דער הגדה, און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך זע, ווי דאָס ציגעלע פֿון חד־גדיא לויפֿט אַרום איבער דער שטוב. איך האָב אויך געזען, ווי די קאַץ יאָגט זיך נאָך אים און קען עס ניט כאַפּן.

איך בין דערנאָך אײַנגעשלאָפֿן, און ווען איך האָב אין דער פֿרי זיך אויפֿגעכאַפּט, בין איך געווען פֿריש און געזונט.

---

9 שלייפֿן — sienes.

10. שוועבן — פֿליִען.

11. געלעגער — בעט.

12. שטאַמלען — tartamudear.

13. פֿאַרטרויען — זאָגן אַ סעקרעט.

14. סודותדיק — מיסטעריעז.



אַבֿרהם רייזען

# זאָג, מאַראַן!

— זאָג, מאַראַן, דו ברודער מײַנער,
וווּ איז גרייט דער סדר דײַנער?
— אין טיפֿער הייל(1), אין אַ חדר,
דאָרט האָב איך גענגרייט מײַן סדר.

— זאָג, מאַראַן, מיר: וווּ, בײַ וועמען
וועסטו ווײַסע מצות נעמען?
— אין דער הייל, אויף גאָטס באַראָטן(2),
האָט מײַן ווײַב דעם טייג געקנאָטן(3).

— זאָג, מאַראַן, ווי וועסט זיך קליגן
אַ הגדה וווּ צו קריגן?
— אין דער הייל, אין טיפֿע שפּאַלטן,
האָב איך זי שוין לאַנג באַהאַלטן.

— זאָג, מאַראַן, ווי וועסט זיך ווערן(4),
ווען מע וועט דײַן קול דערהערן?
— ווען דער שׂונא וועט מיך פֿאַנגען(5),
וועל איך שטאַרבן מיט געזאַנגען...

---

1. הייל — cueva.
2. באַראָטן — דאָ: ווילן.
3. געקנאָטן — amasado.
4. ווערן זיך — פֿאַרטיידיקן זיך.
5. פֿאַנגען — כאַפּן.



# משה דלוזשנאָווסקי

# בלויע נעכט פֿון פּסח

## א

דער קליינער יואל איז מיט זײַן פֿאָטער, מאיר דעם זייגערמאַכער, אָנגעקומען אויף אַ שיף אין אַ נײַ לאַנד אַרײַן.

אין יענעם לאַנד וווינען פֿיל ייִדן מיט אַראַבער. אין די קליינע, ענגע, קרום-געדרייטע געסעלעך אין די שטעט גייען געשפּאַנטע אייזלען, קעמלען, שלעפּן פּעק און ווערן געטריבן פֿון אַראַבישע פּויערים, וואַסער-סוחרים, פֿרוכטן-הענדלער.

די ייִדן אין יענעם לאַנד האָבן גוטע הערצער און זאָרגן איינער פֿאַרן אַנדערן. זיי אַרבעטן זייער שווער: וועבן טעפּעכער(1), פֿיטערן שאָף, שמידן גאָלד, זילבער, שניצן פֿון האָלץ אַלערליי חיות און פֿייגל. זיי פֿאַרמאָגן אויך וווּנדערלעכע מנהגים און טראַדיציעס. די ימים-טובֿים זײַנען בײַ זיי אַזוי קאָלירפֿול, פֿאַרפֿלאָכטן און פֿאַרוועבט(2) מיט געזאַנגען, מעשׂיות, פֿליטנשפּיל און טאַנצן, אַז זיי פֿאַרשטעלן די גרויע וואָכעדיקע אָרעמקייט.

דער שענסטער יום-טובֿ בײַ די ייִדן אין מאַראָקאָ איז פּסח. פּסח איז בײַ זיי פֿאַרבונדן מיט דעם חלום וועגן ירושלים. זיי גרייטן זיך צו דעם יום-טובֿ, אַזוי ווי ייִדן האָבן זיך אַמאָל געגרייט אין ארץ-ישׂראל.

יואל מיט זײַן פֿאָטער האָבן געוווינט בײַם ברעג פֿון ים. עס איז געווען אַ קליין שטעטל מיט עטלעכע טויזנט ייִדן. זיי האָבן באַקומען אַ צימער בײַ אַ ייִדישער מישפּחה. דער פֿאָטער פֿון דער פֿאַמיליע האָט געהייסן עזריה בענראָש. ער איז געווען אַ פֿישער. יעדן פֿרימאָרגן האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט מיט זײַן שיפֿל ווײַט אין ים, ער האָט פֿאַרשפּרייט זײַנע נעצן(3) אַרום און געכאַפּט בערג מיט קליינע זילבער-בלויעלעכע פֿישלעך און נאָך דעם זיי אײַנגעזאַלצן אין גרויסע פֿעסער, אָדער ער האָט זיי פֿאַרקויפֿט צו ייִדן אויף שבת און יום-טובֿ.

---

1. טעפּעך — alfombra.
2. פֿאַרוועבט — דאָ: דורכגענומען.
3. נעץ — red.

בײַ דעם פֿישער עזריה אין הויז איז געווען אַ ייִנגעלע מיטן נאָמען מנחם. יואל און מנחם זײַנען באַלד געוואָרן געטרײַע חבֿרים.

ב

עס איז דעמאָלט געווען פֿאַר פּסח. דער פֿישער עזריה האָט פֿאַרבעטן יואלן מיט זײַן טאַטן אויף ביידע סדרים צו זײַן טיש, זיי זאָלן זײַן זײַנע געסט, און אויסגערעדט האָט ער זיך, אַז איין סדר זאָל אָפּריכטן ער, עזריה, און דעם צווייטן סדר — מאיר, יואלס טאַטע.

ערבֿ פּסח אין דער פֿרי זײַנען אַלע ייִדן פֿון דעם שטעטל, סײַ אָרעם סײַ רײַך, געווען גרייט אויפֿצונעמען דעם ליבן גאַסט, דעם יום־טובֿ פּסח. דער יום־טובֿ האָט אַ באַשיינטער שוין אָנגעהויבן אַרײַנצושפּאַצירן אין מאַראָקאַנישן שטעטל.

מנחם האָט געזאָגט צו יואלן:

— לאָמיר אַרויסגיין אויף די פֿעלדער אַרום די בערג און אָפּרײַסן בלומען אויף יום־טובֿ.

— גוט, — האָט יואל זיך דערפֿרייט, — לאָמיר טאַקע גיין.

זיי זײַנען אַרויס הינטערן שטעטל. אויפֿן וועג האָבן זיי שוין באַגעגנט מיידלעך און ייִנגלעך מיט קוישן בלומען, צווײַגעלעך, גראָזן, שטיקער פּאַלמעס באַהאָנגענע מיט זאַפֿטיקע טייטלען. זיי האָבן דאָס אַלץ אַהיים געטראָגן, כּדי צו באַצירן די הײַזער אויף יום־טובֿ.

יואל און מנחם האָבן אויך אָנגעריסן בלומען, פּאַלמען־צווײַגלעך און פֿריילעכע, זינגענדיקע דאָס אַהיים געבראַכט.

פֿאַר נאַכט איז געוואָרן שטיל אין שטעטל. די ייִדישע געסלעך האָבן באַקומען אַ יום־טובֿדיקן אויסזען.

ווען די זון האָט זיך געזעצט און די לעצטע שטראַלן האָבן געצונדן די שפּיצן בערג אַרום דעם שטעטל, האָבן די ייִדן אָנגעטאָן זייערע יום־טובֿדיקע געהאַפֿטענע כאַלאַטן(4) און זיך געאײַלט אין שול אַרײַן אויסצוזינגען אַ לויב צו גאָט.

ווען די מענער זײַנען אַהיימגעקומען פֿון דער שול, האָבן זיך דאָס גאַנצע הויזגעזינד און די געסט געזעצט צום פֿײַן געדעקטן טיש.

עזריה האָט געמאַכט קידוש. דערנאָך האָט ער גענומען די קערה, צוגעגאַנגען צו זײַן ווײַב, אויפֿגעהויבן די קערה(5) איבער איר קאָפּ און זי געבענטשט. נאָך דעם האָט ער געבענטשט זײַנע קינדער, נאָך דעם זײַנע געסט — מאיר מיט זײַן ייִנגל יואל. ער האָט אַלעמען געווונטשן לאַנג לעבן, געזונט, גליק און פֿרייד. נאָך דעם האָט ער געזאָגט מיט אַ הויכער שטים:

---

4. כאַלאַט — אַזאַ מאַנטל. געהאַפֿטענע — bordados.

5. קערה (קאָרע) — שיסל, וווּ עס ליגן די פּסחדיקע מינים.

— הײַנט איבער אַ יאָר זאָל מען אויפֿגיין קיין ירושלים.

אַלע האָבן געטרונקען רויטן ווײַן. מנחם האָט געפֿרעגט די קשיות און עזריה האָט געענטפֿערט.

נאָך דעם האָט ווידער עזריה געזאָגט:

— איצט וועל איך אַריבערגיין דעם ים מיט מצות אויף די פּלייצעס.

זײַן ווײַב האָט אַוועקגעשטעלט אַ שיסל וואַסער. עזריה האָט אין אַ טוך פֿאַרבונדן עטלעכע מצות, פֿאַרוואָרפֿן דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס און אַריבערגעשפּאַנט די שיסל מיט וואַסער. נאָך דעם איז ער אַרויס אין גאַס מיטן פּעקל מצות אויף די פּלייצעס. פֿול מיט פֿרייד און האָפֿענונג איז ער געגאַנגען איבער דעם שמאָלן פֿינצטערן געסל. ווער קען זיך צו אים הײַנט גלײַכן? ער האָט אָנגעטראָפֿן פֿיל ייִדן, און איינער צום אַנדערן האָט געזאָגט:

— גוט יום-טובֿ, מיר גייען הײַנט אַרויס פֿון מצרים און מיר שפּאַנען דורך דער מידבר קיין ארץ-ישׂראל.

אַ זילבערנע פֿולע לבֿנה, אַ בלויער אויסגעשטערנטער הימל. די לבֿנה האָט באַגלייט די ייִדן אויף זייער וועג אינעם געסל. דער בלויער הימל מיט די פֿינקלדיקע שטערן האָט זיי געוויזן דעם וועג אויף דעם לאַנגן וואָגל(6) און וואַנדער פֿון עטלעכע שפּאַן די גרייס. ווען יואל האָט אַראָפּגעקוקט דורכן פֿענצטער און געזען די ייִדן מיט די טאָרבעלעך מצות אויף די פּלייצעס, האָט ער געפֿרעגט מנחמען:

— וווּהין גייט ער, דײַן טאַטע?

— ער גייט אַרויס פֿון מצרים אין דעם מידבר אַרײַן, — האָט מנחם געענטפֿערט, — אַלע יאָר טוט ער אַזוי. אַז איך וועל אויפֿוואַקסן און ווערן אַ טאַטע, וועל איך אויך אַזוי טאָן.

אין עטלעכע מינוטן שפּעטער איז עזריה צוריקגעקומען מיטן פּעקל מצות אויף די פּלייצעס. ער איז צוריקגעקומען אַן אויפֿגעלייגטער(7). ער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש, אונטערגעלייגט די פּיס און מען האָט אָנגעהויבן די סעודה. עזריה האָט בײַם עסן דערציילט מעשׂיות וועגן ים, וועגן ייִדן אין דער מידבר און וועגן זײַנע פּיש, וואָס ער כאַפּט אַ גאַנץ יאָר. דורכן פֿענצטער האָבן אַרײַנגעציטערט פֿינקלדיקע שטערן און מען האָט גאָרניט באַמערקט, ווי די ערשטע סדר-נאַכט פֿאַרשווינדט.

נאָכן עסן האָבן אַלע מענטשן אין שטוב אָקעגן געטאַנצט אליהו הנביאן, וואָס דאַרף אַרײַנקומען דורך דער אָפֿענער טיר.

איידער זיי זײַנען אַוועק פֿון עזריהס הויז, האָט יואל געזאָגט צו זײַן חבֿר מנחם:

— איך וועל קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן אַזאַ שיינעם יום-טובֿ, ווי איך האָב געזען בײַ אײַך אין הויז, קיין מאָל ניט!

---

6. וואָגלען — גיין פֿון איין אָרט צום אַנדערן. 7. אויפֿגעלייגט — פֿריילעך.

שלום-עליכם

# ל״ג בעומר

א

— אנו, קומט נאָר אַהער, קינדער, איך באַדאַרף אײַך זאָגן עפּעס אַ נײַעס! — אַזוי רופֿט זיך אָן צו אונדז אַ טאָג פֿאַר ל״ג בעומר דער רבי רב יודל, און מיר שטעלן אויף מויל און אויערן.

— וואָס פֿאַר אַ טאָג האָבן מיר מאָרגן? — פֿרעגט אונדז דער רבי מיט אַ ניגון.

— ל״ג בעומר! — שרײַען מיר אויס אַלע אין איין קול, ווי די ציגעלעך, אַז זיי שרײַען: „מעעעע!״...

— וואָס איז ל״ג בעומר? — פֿרעגט ער אונדז ווײַטער מיטן אייגענעם ניגון.

— דרײַ און דרײַסיק טעג אין דער ספֿירה! — ענטפֿערן מיר אים.

— וואָס טוער חדר-ייִנגלעך ל״ג בעומר?

— חדר-ייִנגלעך, ל״ג בעומר, לייגן זיך צונויף אַלע אין איינעם און מאַכן אַ סעודה.

— וואָס נאָך טוט מען ל״ג בעומר?

— מע נעמט די „פֿײַל-און-בויגנס״(1) מיט די „ראָדביקסלעך״ און מע גייט מיט געזאַנג ווײַט-ווײַט הינטערן שטאָט אַרויס.

— אָט אַזוי, — רופֿט זיך אָן דער רבי, — אָט אַזוי האָב איך אײַך ליב! אָט אַזוי זענט איר ווױלע ייִנגלעך! און דערפֿאַר לאָז איך אײַך אָפּ פֿרײַ כּמעט אויף אַנדערהאַלבן טעג.

דערהערט דאָס וואָרט „פֿרײַ״ און נאָך אויף „אַנדערהאַלבן טעג״, טוען מיר אַ שטיי אויף אַלע פֿון די ערטער און ווילן זיך לאָזן לויפֿן אַהיים; נאָר איין קוק פֿונעם רבין איז גענוג, אַז מיר זאָלן בלײַבן אויף אונדזערע ערטער.

— אַהאַ! — רופֿט זיך אָן דער רבי גאָר מיט אַן אַנדער נוסח(2). — זע נאָר זע! איר האָט נאָר דערהערט דאָס וואָרט „פֿרײַ״, האָט איר שוין

---

1. פֿײַל-און-בויגן — arco y flecha.

2. נוסח — דאָ: טאָן.

פֿאַרגעסן דעם עול(3) פֿונעם חדר, און זעט שוין גרייט צו שפּרינגען ווי די ווילדע ציגעלעך — האָץ־האָץ!... זאָג איך אײַך אָן, טאָמער עפּעס — איר ווייסט דאָך שוין, וואָס איך מיין!...

— אַצינד, קינדערלעך, וואַשט די הענט און דאַוונט אײַך אָפּ מנחה און — מאַרש אַהיים. נאָר שטיל, פֿײַן, שיין, אַזוי ווי איך האָב ליב... און, אם ירצה השם, איבער מאָרגן גאַנץ פֿרי זאָלט איר מיר זײַן אָט דאָ אַלע אויפֿן אָרט, נאָר ווי עס געהער צו זײַן, פּײַנטשיק! איר הערט, וואָס מע רעדט צו אײַך? לאָמיר זען אויך עמעצן אַ שפּרינקעלע(4), אַ האָר!... אַ גוטע נאַכט, גייט געזונט, און האָט אײַך אַ פֿריילעכן יום־טובֿ!

ב

אויף מאָרגן האָט גאָט אַרויסגעצויגן די זון פֿון איר פּוטערפֿאַס(5) און האָט אונדז געשענקט אַ שיינעם, אַ ליכטיקן, אַ פֿריילעכן זומערטאָג. די לופֿט איז שמעקנדיק, פֿריש, מחיה־נפֿשות. דער הימל איז לויטער בלוי. די פֿייגעלעך זינגען. עס גלוסט זיך אין דרויסן אַרויס, אויף דער לופֿט. עס ציט אַהין, ווײַט־ווײַט, ווו עס שפּראָצט אַ גרעזעלע, און די ביימער זײַנען באַדעקט מיט גרינע בלעטעלעך, דאָרט, ווו גאָטס פֿייגעלעך טאַנצן און שפּרינגען, פּישטשען און זינגען...

אין יענעם פֿרימאָרגן האָבן מיר זיך געכאַפּט, איך און מײַן ברודער מאָטל, אויפֿשטיין וואָס פֿריִער, אָפּדאַווענען וואָס גיכער, נעמען דאָס אָנ־בײַסן מיט זיך — און מאַרש צו ליפּא שלום־אײַזיקס!

אַז מיר זײַנען געקומען, האָבן מיר שוין דאָרטן געטראָפֿן די גאַנצע חבֿרה, תּלמידים פֿון צוויי חדרים.

— אָט זײַנען שוין די „יאָסעלעך" מיט די „מאָטעלעך" אויך דאָ! ווײַזט, וואָס האָט איר געבראַכט? — רופֿט זיך אָן ליפּא שלום־אייזיקס און הייבט אָן צונויפֿנעמען די מתּנות, וואָס יעדער האָט געבראַכט צו דער סעודה, און אויסרופֿן אויף אַ קול און איטלעכן צום גראָם:

— מענדל, מע מעג עסן פֿון דײַן פֿענדל? אַנו, ווײַז, וואָס האָסטו דאָרטן? צוויי אייער־בייגל, אַ שטיק לעקעך, איין איי מיט זעקס גראָשן.

— איציק־שפּיציק, נאָדל־טעשל, גיי אין קלייט און כאַפּ אַ פֿלעשל! עפּעס זע איך בײַ דיר, קיין עין־הרע נישט, אַ גאַנצן אוצר: צוויי קיכלעך, דרײַ אייער, אַ שטיק דאַרע קישקע, עטלעכע צוקער־לעקעכלעך מיט מאַנדל־בייגעלעך, און ניסלעך עפּעס גאָר אַ סך... אַהאָ — און נאָך צען גראָשן דערצו! ביסט אַ ווילער יאָט!

---

עול (אָל) — yugo.

4. שפּרינקעלע — פֿלעק (mancha).

5. פּוטערפֿאַס — דאָ: באַהעלטעניש.

— יאנקעלע־באַנקעלע־פֿלעשעלע — בול־בול־בול! באַווייַזט זיך אַרויס מיט דייַן גוטס: אַ בולקע אַ גאַנצע, אַ פֿערטל עוף, אַ גלעזל געגנדזנשמאַלץ — וואָס איז דאָס? אַ פֿלעשל מעד? הערסט, דו ביסט דאָך עפּעס גאָר אַ מזיק, כ׳לעבן!...

— אָבי־פֿאָטער, קלמן־טאָטער, טאָטער־קלמן, שניאור־זלמן, זלמן־שניאור, שלאָף אין שלייער! באַווייַז, באַווייַז, שעם זיך נישט! אַ האַלב איי סך־הכל? אַ שטיקל ברויט מיט האָניק?... אויך אַ מטבע! גיב אַהער, נישקשה, עס מאַכט נישט אויס! דערויף איז דאָס ל״ג בעומר, אַ שותפֿות־דיקע סעודה!...

— טאָפּעלע טוטאַריטו! ווייַז וואָס האַלטסטו דאָרטן? אַ טאָפּיטע, מיט אַ שטיטל בולטע, מיט אַ טעפּל טנאָבל? — ליפּא שלום־אייזיקס מאַכט אים נאָך, ווי ער רעדט מיט דער „טוף״, און חבֿרה קאַטשען זיך פֿאַר געלעכ־טער, און קאָפּל אַליין לאַכט אויך.

— אַצינד, קינדער, זעצט זיך אויס אַלע דאָ, צווישן די קלעצער, — זאָגט ליפּא שלום־אייזיקס, — לאָמיר אָקאָרשט זיך נעמען צו דער סעודה! עסט און טרינקט, און „לאָז אייַך ווויל באַקומען״, ווי דער רבי זאָגט, אַז ער שמייַסט אונדז אָפּ... ווער האָט אַ גלעזל? גיב אַהער, לאָמיר טרינקען לחיים! לחיים, מלך! אַז מע טרינקט, איז מען פֿריילעך! קום אַהער ניסל, נעם בראָנפֿן אַ ביסל! לחיים, טאָפּעלע, דאָס זאָל דעבן דעזונט מיט דליט מיט אַלדאָס דוטס! טרינט אויס דאָס דאַנצע דלעזל!

אַלע לאַכן, און קאָפּל אַליין לאַכט אויך.

— קינדער! זאָגט, וווּהין גייען מיר הייַנטיקס יאָר? — טוט אַ פֿרעג ליפּא שלום־אייַזיקס נאָך דער סעודה.

עס ווערט אַ געשריי, אַ געפּילדער. איטלעכער זאָגט זייַן מיינונג, וווּהין מע זאָל גיין.

— אויף יענער זייַט בית־עולם! — זאָגט מלך דער אַלמנהס.

— צו דער ציגעלניע!(6) — שרייט אויס אַבֿרהם־משה.

— צו דער ציגעלניע! — העלפֿן אים אונטער עטלעכע קולות מיט אַ מאָל.

— ניין! דאָרטן איז פֿאַראַן הינט, איר האָט שוין פֿאַרגעסן? — רופֿט זיך אָן ניסל, אַ ייִנגל אַ בלייכס מיט אַן איבערגעשראָקענעם קוק.

— ווער הערט זיי? ווער האָט מורא פֿאַר הינט? — זאָגט יואליק דעם נגידס מיט שטאַרקייט.

— דו אַליין האָסט מורא פֿאַר הינט אימת־מות!(7) — האַקט אים איבער דודל.

---

6. ציגעלניע — ווו מע אַרבעט אויס ציגל (ladrillos).

7. אימת־מוות (איימעס־מאָוועס) — טויטשרעק.

— נישט נאָר פּאָר הינט, אַפילו פּאָר אַ קאַץ!... — כאַפּט אונטער שעפּסל, אַ ייִנגל מיט אַן אָפּגעבריטער באַק, און צווישן חבֿרה ווערט אַ געלעכטער.

אין אַן אַנדער צײַט וואָלט זיך קיינער נישט אײַנגעשטעלט אַרויסצו־טרעטן קעגן אַ נגידס אַ ייִנגל, נאָר ל״ג בעומר מאַכט נישט אויס, ל״ג בעומר איז מען פֿרײַ...

— שאַט! — רופֿט זיך אָן ליפּאַ שלום-אײַזיקס. — גענוג אײַך צו קריגן זיך! ווייסט איר, וווּהין מיר וועלן גיין הײַנטיקן ל״ג בעומר?

— וווּהין? וווּהין?

— קיין גאַלאַגאַנאַווקע!

— קיין גאַלאַגאַנאַווקע! קיין גאַלאַגאַנאַווקע! — שרײַען אַלע אין איין קול, און אַפילו קאַפּל קוקאַריקו העלפֿט קוויטשען אויף זײַן קולכל: „דאַלאַדאַנאַווטע! דאַלאַדאַנאַווטע!....

און ס'איז געבליבן, אַז מיר גייען קיין גאַלאַגאַנאַווקע.




פּוצט מיט בלומען אויס דעם וואָגן,
פֿילט אָן קוישן ביזן ראַנד(1), —
לאָמיר פֿירן, לאָמיר טראָגן
די ביכּורים פֿונעם לאַנד:

פֿרוכט פֿון סאַד(2) און גרינס פֿון גאָרטן,
מעשׂר(3) פֿון דעם פֿעלדפּאַרזיי,
ערשטלינג-רינדער(4) אַלע סאָרטן,
ווײַן און אייל(5) אַלערליי.

און מיט אונדזער ליד דעם נײַעם,
און צום טאַקט פֿון פּויק און פֿלייט,
ברענגען קיין ירושלים
די ביכּורים, פֿול מיט פֿרייד.

---

1. ראַנד — ברעג.
2. סאַד — פּרוקטגאָרטן.
3. מעשׂר (מײַסער) — אַ צענטל (אַ מאָל איז דאָס געווען פֿאַרן בית־המקדש).
4. רינדער — קי, אָקסן.
5. אייל — aceite.

לעווין קיפּניס

# בר-כּוכבא און דער לייב

## (לעגענדע)

א

נאַכט נאָך נאַכט פֿלעגט דער גיבור בר־כּוכבא פֿאַרלאָזן זײַן מחנה(1) און איינער אַליין גיין וואַנדערן צווישן די הויכע בערג, קלעטערן(2) אויף די שפּיציקע פֿעלדזן(3), אַרונטערלאָזן זיך אין די טיפֿע היילן(4) און שטיינער־שפּאַלטן.

נאַכט נאָך נאַכט פֿלעגט אַ גרויסער לייב פֿאַרלאָזן זײַן גרוב און געגאַנגען צווישן די בערג לויערן נאָך פֿאַרציקונג(5).

און איין מאָל, ווען דער מאָרגנשטערן איז אויפֿגעגאַנגען, האָבן זיי זיך ביידע באַגעגנט: בר־כּוכבא און דער לייב.

בר־כּוכבא האָט זיך גלײַך אָפּגעשטעלט, אַ טרייסל געטאָן מיט זײַנע לאַנגע געקרײַזלטע(6) האָר, און זײַנע שטאַרקע אויגן אָנגעשטעלט אין לייבס פּנים אַרײַן.

אויך דער לייב האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ טרייסל געטאָן זײַן גריווע(7) און אַרײַנגעקוקט בר־כּוכבאן אין פּנים אַרײַן.

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, באַלד זיך אויסגעדרייט און יעדער איז אַוועק אין זײַן זײַט: דער לייב צוריק צו זײַן גרוב, בר־כּוכבא — צו זײַן מחנה.

ב

אַ צווייט מאָל האָבן זיך די צוויי באַגעגנט, אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן און זיך צעשיידט, יעדער אין זײַן זײַט.

אָבער ווען זיי האָבן זיך צום דריטן מאָל באַגעגנט, האָט זיך דער לייב אויפֿגעשטעלט און אויסגעשריגן אַ געוואַלטיקן געשריי. האָט זיך

---

1. מחנה — דאָ: די אַרמיי.
2. קלעטערן — אַרויפֿקריכן.
3. פֿעלדז — roca.
4. הייל — cueva.
5. לויערן נאָך פֿאַרציקונג — אָפּוואַרטן שטיל אויף אַ חיה צום עסן.
6. געקרײַזלטע — געדרייטע.
7. גריווע — די האָר אויפֿן האַלדז.

בר־כּוכבא אויך אויפגעשטעלט און געענטפערט מיט אַ העלדן־געשריי. דער לייב האָט זיך גלײַך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, געדרייט מיטן עק און מיטן קאָפּ הין און צוריק און געקוקט אויף בר־כּוכבאן רויִק און גוט. זעצט זיך אויך בר־כּוכבא אויף דער ערד לעבן דעם לייב, לייגט אַוועק זײַן שווערע האַנט אים אויפן רוקן, גלעט און קעמט מיט די פּינגער זײַן צעפּלאָנטערטע גריווע. דער לייב ברומט פון גרויס הנאה, שטעקט אַרויס זײַן צונג און לעקט בר־כּוכבאס האַנט.

פון דעמאָלט אָן האָבן זיי זיך באַגעגנט יעדע נאַכט; לעבן גרויסן פעלדז אויפן שפּיץ באַרג האָבן זיי זיך באַגעגנט. ווען דער לייב איז פריִער גע־קומען, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויפן פעלדז, אויסגעשטרעקט זײַן האַלדז און אַרויסגעלאָזט זײַן געשריי ביז גאָר ווײַט, כּדי זײַן פרײַנד זאָל הערן און וויסן, אַז ער וואַרט אויף אים. דאָס האָט אויך געטאָן בר־כּוכבא, ווען ער איז פריִער געקומען, האָט ער זיך געלאָזט הערן. און ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט און זיך אַרומגענומען, האָט בר־כּוכבא זיך אַרויפגעזעצט אויפן לייב און גערופן:

— לויף, מײַן פרײַנד, אויף בערג און טאָל — איבער גאַנץ ישׂראל!

דער לייב איז געלאָפן, ווּהין בר־כּוכבא האָט אים געהייסן, אַזוי ווײַט און לאַנג, ביז דער מאָרגנשטערן האָט זיך באַוויזן און ס׳האָט זיך געהערט דאָס שאָלן(8) פון בר־כּוכבאס מחנה.

ג

איין נאַכט קומט בר־כּוכבא צום פעלדז, לאָזט זיך הערן, אָבער דער לייב האָט ניט געענטפערט; אַ שטיק צײַט האָט געהילכט זײַן שטים צווישן די בערג — און דער לייב האָט זיך ניט באַוויזן; דער מאָרגנשטערן איז שוין אויפגעגאַנגען — און דער לייב איז ניט געקומען.

וואָס אַזוינס איז געשען מיטן לייב?

ער איז געפאַנגען(9) געוואָרן פון די רוימער.

ווען דער רוימישער קייסער האָט זיך דערוווּסט, אַז בר־כּוכבא וואַנ־דערט אַלע נאַכט צווישן די בערג, האָט ער אַרויסגעשיקט אַן אַרמיי און אָנגעזאָגט:

— איר זאָלט פאַנגען דעם גיבור פון יהודה און מיר אים ברענגען אַ לעבעדיקן!

אַ גאַנצע נאַכט האָט די אַרמיי געלאָקערט צווישן די בערג און, הערנדיק אַ געשריי פון אַ לייב, האָבן זיי אים אַרומגערינגלט, אים געפאַנגען און אַוועקגעשיקט צום רוימישן קייסער:

— מיר שיקן דיר דעם לייב פון יהודה — אַ לעבעדיקן!

---

8. שאָלן — רויש, רופן.   9. געפאַנגען — געכאַפּט.

האָט דער קייסער געענטפֿערט:

— כ׳האָב דערהאַלטן דעם לייב פֿון יהודה אַ לעבעדיקן און אים אַרײַנגעשפּאַרט הינטער גראַטעס(10); אָבער איך האָב פֿון אײַך געפֿאָדערט ניט דעם לייב, נאָר דעם גיבור פֿון יהודה!

די רוימישע אַרמיי האָט ווײַטער געלאָקערט צווישן די בערג, און אין איין נאַכט, ווען בר־כּוכבא האָט געוואָגלט(11) און געזוכט זײַן פֿרײַנד, דעם לייב, האָט די אַרמיי אים אַרומגערינגלט און אים גענומען אין געפֿענקעניש(12).

אַזוי איז געבראַכט געוואָרן דער גיבור פֿון יהודה אַ לעבעדיקער קיין רוים.

ד

האָט מען געבראַכט בר־כּוכבאן און אים געשטעלט פֿאַרן קייסער, און זײַנע הענט און פֿיס זײַנען געווען געשמידט(13) אין אײַזערנע קייטן. בר־כּוכבא איז אָבער געשטאַנען שטאָלץ, און זײַנע אויגן האָבן געשײַנט, ווי שטערן.

זאָגט צו אים דער קייסער פֿון רוים:

— גיבור פֿון יהודה, קני פֿאַר מיר!

— צו דעם, וואָס אונטערדריקט מײַן פֿאָלק, וועל איך ניט קניִען! — ענטפֿערט בר־כּוכבא שטרענג.

זאָגט ווײַטער דער קייסער:

— גיבור פֿון יהודה! איצט ביסטו אַ קנעכט, געשמידט אין קייטן, גיב זיך אונטער!

— ווער דערוועגט(14) זיך צו זאָגן, אַז דער גיבור פֿון יהודה איז אַ קנעכט? — רופֿט אויס בר־כּוכבא מיט אַ צאָרנדיק קול, אַז די זײַלן(15) פֿון פּאַלאַץ האָבן זיך גענומען טרייסלען, און מיט איין ריס האָט ער צע־ריסן די קייטן פֿון די הענט און פֿיס.

די אַלע, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, האָבן זיך אָפּגערוקט דער־שראָקענע. אויך דער קייסער איז שטאַרק בלאַס געוואָרן.

— שרעקט זיך ניט! — רופֿט צו אים בר־כּוכבא. — דער גיבור פֿון יהודה וועט ניט אָנטאָן קיין שלעכטס אַפֿילו זײַנעם אַ פֿײַנט, ווען ער טראָגט ניט אויף זיך קיין געווער. נעם דײַן שווערד, קייסער, און קום זיך שלאָגן מיטן גיבור פֿון יהודה. אויב דו שרעקסט זיך — שיק פֿערציק פֿון דײַנע העלדן, זיי זאָלן מיט מיר מילחמה האַלטן!

---

10. גראַטעס — rejas.

11. וואָגלען — אַרומגיין פֿון איין אָרט צום אַנדערן.

12. געפֿענקעניש — prisión.

13. געשמידט — דאָ: געבונדן.

14. דערוועגן זיך — atreverse.

15. זײַלן — קאָלומנעס.

דערווײַל האָט זיך דער קייסער געשטאַרקט, געקומען צו זיך און געראָפֿן:

— ניט איך, דער קייסער, וועל קעמפֿן מיט אַ קנעכט, און ניט מײַנע גיבורים. דו וועסט זיך ראַנגלען(15) מיטן גרויסן לייב, וואָס איז הינטער גראַטעס, און איך און מײַנע העלדן וועלן זען דעם גיבור פֿון יהודה צווישן זײַנע ציין.

און ער האָט געראָפֿן צו זײַנע באַדינער:

— פֿירט אים אַרויס פֿון דאַנען!

ה

פויקן האָבן געקלאַפּט און טראָמפּייטן האָבן געשאַלט:

— קומט אַלע אין צירק אַרײַן, זען דעם געפֿאַנגענעם גיבור פֿון יהודה צווישן די ציין פֿונעם גרויסן לייב!

דער צירק איז געווען אָנגעפֿילט מיט מענטשן, דער קייסער איז געזעסן אויף זײַן שטול און אַרום אים זײַנע האַרן(16).

די טראָמפּייטן האָבן געגעבן אַ סיגנאַל, רוימישע סאָלדאַטן, אָנגעלאָדן מיט שפּיזן(17) און שווערדן, האָבן אַרײַנגעפֿירט בר־כּוכבאן אין מיטן צירק. טויזנטער אויגן האָבן באַוווּנדערט דעם הויכן שיינעם גיבור.

בר־כּוכבא איז געשטאַנען אויף דער אַרענע שטאָלץ און רויִק, זײַן קאָפּ געהויבן, און זײַנע אויגן לויכטן, ווי שטערן.

די טיר פֿון אַ שטײַג האָט זיך געעפֿנט, און אַ גרויסער לייב האָט זיך באַוויזן, זײַן גריווע צעפּלאָנטערט און זייער צאָרנדיק(18): שוין דרײַ טעג אַז מע הונגערט אים. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען פֿאַרוווּנדערט אויף איין אָרט און געקוקט אַרום און אַרום, נאָך דעם האָט ער אַ שטאַרקן ברום(19) געטאָן און געגעבן אַ שפּרונג צום געפֿאַנגענעם(20). בר־כּוכבא אָבער האָט זיך ניט גערירט פֿון זײַן אָרט און אָנגעשטעלט זײַנע אויגן אויפֿן מוראדיקן לייב...

אַ ווײַלע זײַנען זיי געשטאַנען דערשטוינט(21)... זיי האָבן זיך דערקענט — — —

דער לייב איז אָפּגעשפּרונגען, האָט אויסגעשריגן אַ ווילד געשריי, וואָס האָט פֿאַרציטערט דעם גאַנצן צירק, נאָך דעם איז ער צוגעקראָכן און זיך אַוועקגעלייגט לעבן בר־כּוכבאן און געלעקט זײַנע פֿיס.

---

15. ראַנגלען זיך — קעמפֿן.
16. האַרן — דאָ: הויפֿלײַט.
17. שפּיז — lanza.
18. צאָרנדיק — מיט גרויס כּעס.
19. ברום — rugido.
20. געפֿאַנגענער — prisionero.
21. דערשטוינט — שטאַרק פֿאַרוווּנדערט.



בר־כּוכבא האָט אַרויפֿגעלייגט אויף אים זײַן שטאַרקע האַנט, אַ שפּרונג געטאָן און זיך געזעצט אויף אים, אָנגענומען פֿעסט זײַן גריווע און געררופֿן:

— לויף און שפּרינג, מײַן פֿרײַנד!

דער לייב האָט זיך אויפֿגעהויבן, ווידער אַ געשריי געטאָן, געגעבן אַ שפּרונג איבער די קעפּ פֿון די איבערגעשראָקענע מענער און פֿרויען, אַרויסגעשפּרונגען פֿונעם צירק אַרויס, געלאָפֿן פֿון גאַס צו גאַס ביז אויסער דער שטאָט, — און בר־כּוכבא רײַט אויף אים איבער בערג און טאָל, דער קאָפּ איז געהויבן, זײַנע לאָקן צעשויבערט(22) פֿונעם ווינט און זײַנע אויגן שײַנען, ווי שטערן.

אין דעם זעלבן טאָג האָט זיך בר־כּוכבא אומגעקערט צו זײַן מחנה, רײַטנדיק אויפֿן לייב.

---

22. צעשויבערט — צעלאָזט, צעבלאָזן.

י. מ. גודעלמאַן

# דזשערי בײַם באַרג סיני

מיט דזשערין איז זיך פֿאַרלאָפֿן אַזאַ מעשׂה:

פֿאַר שבֿועות, אַז ער האָט געלערנט אין דער ייִדישער שול, ווי גאָט האָט אויפֿן באַרג סיני געגעבן ייִדן די תּורה, האָט ער זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ, אַז ער איז דאָרטן געווען און געהערט גאָטס קול אויסרופֿן פֿונעם באַרג די צען געבאָט. ער האָט געזען די פֿלאַמען, וואָס האָבן פֿונעם באַרג אַרויסגעזעצט, ער האָט געהערט די דונערן, וואָס האָבן זיך אויפֿן באַרג געקײַקלט, די בליצן האָבן אים דורכגעשניטן די אויגן.

אויף שבֿועות האָבן אים טאַטע־מאַמע מיטגענומען אין דאָרף. אין זייער אויטאָמאָביל זײַנען זיי געפֿאָרן. דזשערי איז געזעסן פֿון פֿאָרנט לעבן טאַטן. אין קאָפּ איז אים די גאַנצע צײַט געלעגן די מעשׂה פֿונעם באַרג סיני, און ער האָט אַלץ געטראַכט, ווי מאָרגן, דעם ערשטן טאָג שבֿועות, וועט ער ווידער שטיין בײַם באַרג און וועט הערן דאָס דונערנדיקע קול:

„איך בין גאָט, אײַער גאָט, איר זאָלט נישט האָבן קיין אַנדערע געטער".

דזשערי האָט אַרויסגעקוקט אין דרויסן דורך דער שויב פֿונעם אויטאָ־מאָביל און זיך אויסגעמאָלט, אַז יאָגן יאָגט ער זיך צום באַרג סיני. די ייִדן וואָס זײַנען אַרויס פֿון מצרים, האָבן נעבעך געדאַרפֿט גיין צו פֿוס אין דער מדבר, אינעם אָנגעגליטן זאַמד, אָבער ער פֿאָרט צום באַרג סיני אין אַן אויטאָמאָביל. אין דרויסן איז געווען מילד־זומערדיק, אַ מחיה. די פֿעלדער זײַנען גרין, די ביימער בליִען, און דער הימל איז טיף בלוי, נאָר מיט קליינע ווײַסע וואָלקנדלעך דאָ און דאָרטן, ווי ווײַס־יונגע פֿערדעלעך.

אַז זיי זײַנען אָנגעקומען אין דאָרף צום האָטעל, איז שוין געווען פֿאַרנאַכטלעך, און טאַקע באַלד איז מען געגאַנגען אין האָטעל צום יום־טובֿדיקן טיש. דזשערין איז אָבער נישט אײַנגעגאַנגען דער שיין־געדעק־טער טיש, די שבֿועותדיקע מאכלים, ער האָט גאָר געוואָלט זײַן אין דרויסן, ווײַל עס קען זיך דאָך טרעפֿן, אַז ער זאָל פֿאַרשפּעטיקן. דאָרטן, בײַם באַרג סיני, איז דאָך איצטער שוין טאָג, און בײַ אונדז איז נאָך נאַכט.

איז דזשערי געזעסן בײַם טיש און אַלץ געהאַלטן אין איין אויסדרייען דעם קאָפּ צו דער טיר. ווי אַזוי רוקט מען זיך אַרויס? דערווײַל האָט אַ חזן אָנגעהויבן צו זינגען, אַלע האָבן זיך צוגעהערט און געקוקט אַהין. דזשע־

ריס טאַטע־מאַמע זײַנען אויך געווען פֿאַרטאָן אינעם געזאַנג און אויף דזשערין האָבן זיי זיך נישט אומגעקוקט. דזשערי האָט זיך שטיל אַרויס־גערוקט פֿונעם טיש און איז אַרויס אין דרויסן.

וווּהין גייט ער? — צום בערגל. ער האָט געוווּסט, אַז צו דער רעכטער זײַט פֿונעם האָטעל איז דאָ אַ בערגל, אַפֿילו בלינדערהייט קאָן ער אַהין טרעפֿן. נאָר גיין דאַרף ער גיכער, ער דאַרף לויפֿן, ווײַל דער באַרג סיני מיט די קולות און דונערן וועלן אויף אים נישט וואַרטן, די זעקס הונדערט טויזנט ייִדן וועלן נישט שטיין און וואַרטן, ביז ער וועט קומען.

האָט דזשערי אָנגעהויבן צו לויפֿן. דער הימל האָט זיך ביסלעכווײַז פֿאַרצויגן מיט וואָלקנס און פֿאַרשטעלט די שטערן, וואָס האָבן פֿריִער אַרונטערגעלויכטן. דזשערי איז געלאָפֿן, האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין קליינע ביימלעך, איז געפֿאַלן, האָט זיך אויפֿגעהויבן און ווײַטער געלאָפֿן. דער הימל איז געוואָרן אַלץ פֿינצטערער פֿון די וואָלקנס, און אַז דזשערי איז צוגעקומען צום בערגל, האָט אַ בליץ דורכגעשניטן דעם הימל. דזשערי איז מיט אַ מאָל געבליבן שטיין, דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. אָ, ער איז אָנגעקומען צום ערשטן בליץ! באַלד האָט אַ דונער דורכגעקנאַלט, דערנאָך ווידער אַ בליץ און ווידער אַ דונער — איינער נאָכן אַנדערן, איינער נאָכן אַנדערן.

אַרום דעם בערגל איז געווען אַ וועלדל, אָבער דזשערי האָט זיך אויסגעמאָלט, אַז דאָס זײַנען די זעקס הונדערט טויזנט ייִדן, וואָס זײַנען געשטאַנען בײַם באַרג סיני. ער האָט אַרויפֿגעקוקט צום שפּיץ בערגל, און אַז אַ בליץ האָט דעם הימל איבערגעשניטן, האָט ער געזען, ווי משה שטייט דאָרטן, מיט די צוויי שײַנענדיקע הערנער אויפֿן שטערן. די דונערן האָבן געוואָלט איבעריאָגן די בליצן, זיי פֿאַרלויפֿן דעם וועג. דזשערי איז געשטאַנען אַ דערציטערטער, נישט פֿון מורא, נאָר פֿון גליק, וואָס ער שטייט בײַם באַרג סיני. אויף אַ מינוט־צוויי האָט נישט געדונערט, און אַ קול האָט זיך דערטראָגן צו אים: „דזשערי, דזשערי״. פֿונעם באַרג סיני, האָט ער געהערט דאָס קול, און באַלד האָט ער געענטפֿערט: „איך וועל טאָן און הערן״... אַזוי האָבן דאָך געענטפֿערט די ייִדן בײַם באַרג סיני.

דערנאָך האָט ווידער אָנגעהויבן צו דונערן, איין דונער איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז סע האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט וועט צעשפּאָלטן. דאָס וועלדל האָט געברוישט: הו־הו־הו — הו־הו־הו!... אויפֿן שפּיץ בערגל איז געשטאַנען אַ ברייט־צעוואַקסענער בוים, האָט ער געברוישט מער פֿון אַלע, געוואָרפֿן די צווײַגן, און דזשערין האָט זיך געדאַכט, אַז משה שפּרייט דאָס אַזוי אויס די הענט. ער האָט געהערט גאָטס קול און געהאַלטן אין איין שרײַען: „מיר וועלן טאָן און הערן״... אים האָט זיך אָנגעהויבן צו דאַכטן, אַז ס׳איז נישט גענוג צו שטיין צו פֿוסנס פֿון דעם באַרג סיני. ער וועט אַרויפֿלויפֿן אויפֿן באַרג, אַרײַן גלײַך אין די דונערן, אין די בליצן.

צו משהן וועט ער צולויפֿן, אים זאָגן, אַז ער איז נישט אַליין, דזשערי איז מיט אים...

ער איז אַרויף אויפֿן בערגל, צוגעלאָפֿן צום איינציקן בוים אויפֿן שפּיץ און אים אַרומגעכאַפּט: משה, טײַערער משה, גרויסער משה, איך בין מיט דיר...

אַ בליץ האָט דעם הימל צעשפּאָלטן אויף העלפֿט. דערנאָך האָט אַ דונער אַ קראַך געטאָן. דערנאָך האָט אָנגעהויבן גיסן אַ רעגן — מיט שווערע טראָפּנס, פּוק־פּויק־פּויק. דזשערי איז באַלד דורכגענעצט געוואָרן. ער איז געוואָרן שווער, ווי ער וואָלט געטראָגן זעק מיט וואַסער אויף די פּלייצעס. עס האָט אים געצויגן אַרונטער, אַרונטער. די קני האָבן זיך אים געבראָכן. דער קאָפּ איז אים געווען אָנגעלאָדן מיט דונערן. פֿאַר די אויגן זײַנען אים געלאָפֿן בליצן.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און נאָך אַלץ געהאַלטן דעם בוים אַרומגענומען: משה, טײַערער משה, גרויסער משה, ביסט נישט אַליין...



אַז דער טאַטע מיט עטלעכע מענטשן פֿונעם האָטעל זײַנען צוגעקומען מיט עלעקטרישע לעמפּלעך צום בערגל, האָבן זיי געזען, ווי דזשערי ליגט בײַם בוים, אַ דורכגעווייקטער, מיט די הענט אויסגעשטרעקט אויף אַרויף און די אויגן צונויפֿגעפּרעסט.

דער טאַטע האָט אים אויפֿגעהויבן, אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף אים אַ טרוקן רעקל און צוגעטוליעט צו זיך.

— שוין ווידער, דזשערי? — האָט אים דער טאַטע געפֿרעגט.

דזשערי האָט אים אָבער נישט געהערט, ער האָט אַרומגענומען דעם טאַטן, ווי פֿריִער דעם בוים, און געזאָגט:

„משה, טײַערער משה, גרויסער משה, ביסט נישט אַליין"...



אַבֿרהם ליעסין

# שבֿועות

איך זע די ווײַסע נאַכט אין ווײַטן מדבר־טאָל,
עס ציִען זיך געצעלטן(1) ווײַסע אָן אַ צאָל.
און איבער זיי דערהייבט זיך דער באַרג סיני שטיל —
אַ גרינער, ווי דאָס גרינגראָז, וואָס באַדעקט דעם דיל.
איך זע געהייליקטע די שישים רבוא שטאַרק,
זיי שטומען אין דערוואַרטונג פֿאַרן גרינעם באַרג.
איך הער דעם דונערקראַך, איך זע דעם באַרג אין בליץ —
מע בלאָזט אין גרויסן שופֿר אויפֿן העכסטן שפּיץ.

און פֿאַרכטיק(2) דורכן פֿלאַם לאָזט הערן גאָט זײַן שטים,
דאָך פֿיל איך טיפֿן גליק, איך שרעק זיך ניט פֿאַר אים.
איך וויים — עס קומט דער טאָג אין יום־טובֿדיקער פֿרייד,
באַלד הילט זיך(3) גאָט אין ליכט, אַזוי ווי אין אַ קלייד.
דעם גרעסטן פֿון די מענטשן זע איך קומען באַלד —
ער גייט אַרויס פֿון וואָלקן, און זײַן פּנים שטראַלט.
ער קומט פֿון פֿינצטערניש, די לוחות אויף די הענט,
און אויפֿן ווונדער־פּנים שײַנט אַ זון און בלענדט(4).

דו שרעקסט מיך ניט, אַ פּנים־זון, אַ קנעכט פֿון גאָט!
איך ליב דיך, ליב דיך, משה — דיך און דײַן געבאָט!
איך ליב דײַן תורה, משה, ליכט און ריייניקייט,
דעם טאַטן און די מאַמע, אַלע גוטע לײַט.
איך ליב דײַן יום־טובֿ, משה, ווו דײַן פּנים העלט(5) —
די ווײַסע נאַכט, די רויטע זון, די גאַנצע וועלט!

---

1. געצעלט — tienda de campaña.
2. פֿאַרכטיק — מיט שרעק.
3. הילן זיך — אײַנוויקלען זיך.
4. בלענדן — שטאַרק לײַכטן.
5. העלט — שײַנט.

# י. בורלא | הערצלס חלום

### א

מיט א סך יאָרן צוריק האָט געלעבט אַ שיין און קלוג קינד מיטן נאָמען הערצל. אויף אַלץ האָט ער געהאַט פּראַגעס, אַלצדינג האָט ער געוואָלט וויסן און מער פון אַלץ האָט ער ליב געהאַט די דערציילונגען און לעגענדעס, וואָס זײַן זיידע האָט אים דערציילט.

אַ מאָל איז הערצל געזעסן לעבן זײַן זיידן. דער זיידע האָט אים דער־ציילט אַ שיינע מעשׂה וועגן אַ מענטש, וואָס האָט־געזען אליהו הנבֿיאן.

— קאָן אויך אַ קינד זען אליהון? — האָט געפרעגט דער קליינער הערצל.

— יאָ, מײַן קינד, — האָט געענטפערט דער זיידע, — גוטע קינדער קאָנען אים זען.

— איך אויך? — האָט דאָס קינד געפרעגט מיט פרייד.

— יאָ, מײַן זון, — האָט אים דער זיידע געענטפערט, — דו ביסט דאָך אויך אַ גוט קינד.

### ב

ס׳איז אָנגעקומען די ערשטע סדר־נאַכט. די גאַנצע מישפּחה איז געזעסן בײַם טיש. אויך דער קליינער הערצל איז געזעסן אַ שײַנענדיקער בײַם טיש. אַלע האָבן געזאָגט די „הגדה“, געזונגען לידער, הויך גערעדט און זיך שטאַרק געפרייט. נאָר הערצל האָט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגע־זאָגט. ער איז געזעסן שטיל און געוואַרט, ביז מע וועט עפענען די טיר — ער האָט געוואָלט זען אליהו הנבֿיאן.

און אָט האָט זיך געעפנט די טיר. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט און געזונגען דאָס ליד „אליהו הנבֿיא“. הערצל האָט זיך אויך אויפגעשטעלט און מיט בענקשאַפט אויסגערופן:

— אליהו, אליהו!

אָבער אליהו איז נישט געקומען...

נאָכן סדר האָבן זיך אַלע געלייגט שלאָפֿן — נאָר הערצל האָט נים געקאָנט איינשלאָפֿן! ער איז געלעגן אין זײַן בעט און אַפֿילו ניט פֿאַרמאַכט די אויגן. ער איז געלעגן און אָפּגעוואַרט אליהון.

אין הויז איז געווען שטיל, אַלע זײַנען געשלאָפֿן, נאָר דער גרויסער זייגער האָט געקלאַפּט: טיק־טאַק, טיק־טאַק. און אויך הערצלס האַרץ האָט געקלאַפּט און געקלאַפּט.

„קום, אליהו, קום!, — האָט ער שטיל גערופֿן, — איך האָב דיך אַזוי פֿיל קשיות צו פֿרעגן, אַזוי פֿיל".

אַזוי איז אַריבער אַ שעה, צוויי — און אליהו איז נישטאָ. הערצל איז מיד געוואָרן. די אויגן האָבן זיך ניט ווילנדיק פּאַמעלעך, פּאַמעלעך פֿאַרמאַכט.

ג

פּלוצעם — אַ ווונדער! די גאַנצע שטוב איז ליכטיק געוואָרן, און אַן אַלטער מאַן איז אַרײַן, צוגעגאַנגען צו הערצלס בעט. דאָס פּנים פֿונעם אַלטן מאַן איז געווען זייער שיין, זײַנע אויגן — שוואַרץ, ווי קוילן, און די באָרד — לאַנג, זייער לאַנג, און ווײַס ווי שניי.

— ביסטו אליהו? — האָט געפֿרעגט הערצל מיט שׂימחה.

— יאָ, מײַן קינד, — האָט דער אַלטער מאַן געענטפֿערט מיט אַ ווייכער שטים, — וואָס ווילסטו, מײַן טײַער זונעלע?

— איך וויל דיך פֿרעגן זייער פֿיל זאַכן.

— פֿרעג, זונעניו, פֿרעג.

— די ערשטע פֿראַגע: ווען וועלן זיך צוריקקערן אַלע ייִדן קיין ארץ־ישׂראל?

— גיב מיר דײַן האַנט, — האָט זיך אליהו הנבֿיא אָנגעבויגן צו הערצלען, — און דו וועסט וויסן אַלץ.

און ווען דאָס קינד האָט דערלאַנגט זײַן האַנט אליהון, זײַנען אים אויסגעוואַקסן צוויי פֿליגל, גרויסע און ווײַסע פֿליגל, און ער איז אַרויפֿגעפֿלויגן הויך, הויך, איבער די וואָלקנס צוזאַמען מיט אליהו הנבֿיאן.

און אָט האָט זיך דערהערט אַ שטים. די שטים האָט געזונגען אַ ליד:

„דאָס ייִנגל וועט וואַקסן גרויס
און וועט נעמען די ייִדן אַרויס
פֿון אַלע לענדער און טיילן.
ער וועט מיט זיי גיין מײַלן
אין לאַנד פֿון ירושלים
אין אַלטן לאַנד, אין נײַעם".

און דאָס געזאַנג איז געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער און שטאַרקער, און פּלוצעם — — —

פּלוצעם האָט דאָס ייִנגל געעפֿנט זײַנע אויגן — ער ליגט גאָר אין זײַן בעט און די פֿרימאָרגן־זון באַשטראַלט זײַן בלייך פּנים.

הערצל איז אויפגעשפרונגען פון בעט און גיך געלאָפן צום זיידן דערציילן זיין חלום. און דער זיידע האָט געזאָגט:

— אַז דו וועסט אויסוואַקסן, וועלן די מענטשן זען, אַז אמת איז געווען דיין חלום.

און אַזוי איז עס געווען.

הערצל איז אויסגעוואַקסן און געוואָרן גרויס. ער איז געגאַנגען פון לאַנד צו לאַנד און גערעדט צו די ייִדן און געזאָגט: קומט, לאָמיר זיך צוריקקערן אין אונדזער לאַנד! מיר וועלן אויפבויען הייזער און לעבן אין פרידן!

האָבן ייִדן זיך שטאַרק געוווּנדערט, געטראַכט, אַז הערצל דערציילט זיי לעגענדעס. ער האָט זיי אַלעמען אָבער געענטפערט:

— אויב איר וועט נאָר וועלן, וועט דאָס נישט זיין קיין לעגענדע!

און דאָס איז קיין לעגענדע נישט געווען — עס איז געוואָרן אַן אמת.



מלכה לי — טעאָדאָר הערצל

פון דורות פיל מאַרטירער —
אַ זון פון אונדזער שטאַם(1);
געווען אַ גרויסער פירער,
זיין וואָרט געווען איז פלאַם.

מיט קלוגע שוואַרצע אויגן,
מיט שיינער שוואַרצער באָרד,
זיין חלום האָט געצויגן
איעדן פון זיין אָרט.

גערופן פאָלק ישׂראל,
צעשאָטן, ווי דאָס זאַמד,
דורך גלותדיקן וואָגל(2) —
צוריק צו ייִדיש לאַנד.

טעאָדאָר הערצלס נאָמען
אין פינצטערניש — אַ שטראַל:
צוריק אַהיים צו קומען,
צוריק צום אַלטן קוואַל!

---

1. שטאַם — דאָ: פאָלק.
2. וואָגל — וואַנדערונג.

מיט קעמלען און מיט אייזלען,
דורך מדברדיקן זאַמד,
פֿון פֿרעמדע אויסצוליייזן(3)
אונדזער ייִדיש לאַנד...

צו הויכע גרינע צעדער,
דאָרט ווו עס פּאַשען שאָף,
אַהין זאָל קומען יעדער, —
האָט הויך געשאַלט זײַן רוף!

מיט ציינער פֿון מאַשינען,
דורך בערג פֿון קופּערשטיין,
צו אויסגראָבן די מינען
פֿון שלמה המלכס היים...

אַ האַלבער ערשט יאָרהונדערט,
ווי הערצל איז שוין טויט,
אַ, וווּנדער איבער וווּנדער —
אַ ייִדיש לאַנד מע בויט!

| ח. ל. זשיטניצקי | די נאַכט פֿון תשעה־באָב |
|---|---|

### א

נאָך דעם ווי דער זיידע האָט אויסגעטרונקען די זיבן שליק(1) וואַסער, כּדי צו זײַן זיכער פֿון דורשט דעם גאַנצן לאַנגן, הייסן מאָרגעדיקן תּענית, האָט ער זיך אויסגעטאָן דעם כאַלאַט און זיך איבערגעטאָן עפּעס אַן אַנ־דער יופּעצע(2). דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע יופּעצע פֿאַר תּשעה־באָב. זי איז שוין געווען אַזוי אַלט, אַז זי איז מער ניט געהאַנגען אין קליידער־שאַפֿע, נאָר אין ווינקל הינטערן קיך. קיין קנעפּ האָט די יופּעצע שוין נישט געהאַט, אַנשטאָט קעשענעס האָט זי געהאַט צוויי לעכער פֿוןביידע זײַטן.

דערנאָך האָט ער זיך איבערגעטאָן אַן אַנדער היטל, וואָס האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אַ גאַנץ יאָר הינטערן קופֿערט און וואָס דער זיידע האָט שוין נישט געטראָגן.

דערנאָך, אַז דער זיידע האָט נאָך אַראָפּגעצויגן די שטיוול און זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר אַלטע לאַטשן(3), האָט ער אין גאַנצן אויסגעזען, ווי אַן איבערגעאַנדערשטער. ער איז עפּעס געוואָרן קלענער, און ער איז מיט אַ מאָל געוואָרן נאָך אַ מאָל אַזוי אַלט. ער האָט נישט בלויז געביטן די מל־בושים, נאָר אויך ער אַליין און די נשמה זײַנע זײַנען עפּעס פֿאַרביטן גע־וואָרן. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ היימלאָזער(5) וואַנדערער, וועלכער איז געקומען פֿון ערגעץ ווײַט און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך די שטויבן און

. אויסלייזן — באַפֿרײַען.

1. שליק — טרונק.

2. יופּעצע — קאַפּאָטע.

3. לאַטשן — שיך.

5. היימלאָז — אָן אַ היים.

די מאַטערנישן פֿון די אומענדלעך־לאַנגע, אומפֿאַרייַנדלעכע וועגן. פֿון זייַנע אויגן האָט אַרויסגעקוקט עפּעס אַ פֿאַרטראַכטקייט וועגן דעם, וואָס איז געווען אַ מאָל און וואָס איז שוין הייַנט נישטאָ. און זייַן שטים האָט לייַכט, לייַכט געציטערט, ווען ער האָט געזאָגט צום איינִיקל:

— קום, חיימל, מיר וועלן גיין אין שול אַרייַן צו קינות(6).

ב

אַז די באָבע איז געבליבן אַליין, איז זי געגאַנגען און זיך קודם־כּל אויסגעזוכט די ברילן. די דאָזיקע ברילן זייַנען שוין געווען זייער אַלט; די גלעזער האָבן געהאַט קריצן און זייַנען עפּעס געוואָרן גרינלעך־גרוי, אַזוי ווי צוויי אַלטע אויגן. דאָס זייַנען געווען הייליקע ברילן: זיי זייַנען באַנוצט געוואָרן בייַם זאָגן תּחינות(7) און בייַם לייענען דעם טייַטש־חומש. זיי האָבן נאָך קיין מאָל נישט געקוקט אויף קיין שום וואָכעדיקע זאַך; דאָס זייַנען געווען פֿרומע ברילן, אַזוי ווי די באָבע אַליין און ווי דער גאַנצער דעמאָלטיקער דור.

דערווייַל האָבן אָנגעהויבן זיך צוזאַמענקומען ווייַבער, שכנטעס פֿון דעם אייגענעם הייַזל און אויך פֿון אַנדערע הייַזלעך. יעדע האָט זיך מיט־געבראַכט אַ נידעריק בענקעלע, און זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אַלע אין מיטן שטוב, אין אַ ראָד. טייל פֿון די דאָזיקע ווייַבער זייַנען נאָך געווען יונג, און דאָך האָבן זיי איצט אויסגעזען ווי פֿאַרעלטערטע, ווי אייַנגעבויגן, ווי אויסגעלאָשענע. זיצנדיק אויף די נידעריקע בענקלעך, אַרומגעהילט(8) אין אַלטע. צעריסענע טיכער, וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן אויף תּשעה־באָבֿ, האָבן זיי אויסגעזען, ווי אַנטלאָפֿענע פֿון אַ חורבֿ־געוואָרענער שטאָט, און זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ ווייַלע ערגעץ אין אַ מיטן פֿעלד, כּדי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם און נאָך אַ מאָל אַ טראַכט טאָן וועגן דעם גליק, וואָס זיי האָבן געלאָזט ערגעץ וויַיט. די זון, וואָס איז אונטערגעגאַנגען אין מערבֿ־זייַט, האָט אויך דערציילט וועגן אַ פֿאַרלוירן גליק און וועגן אַ הערלעכקייט(9), וואָס וועט באַלד אויסגעלאָשן ווערן; די זון איז געשטאַנען דאָרט ווייַט, קעגנאיבער די פֿענצטער פֿונעם זיידנס שטוב, און האָט דאָ אַרייַנגעשיקט די לעצטע אומעטיקע אָפּגלאַנצן(10) פֿון איר אונטערגייענדיקער פּראַכט(11).

6. קינות — די טרויער־תּפֿילות פֿון תּשעה־באָבֿ.
7. תּחינות — תּפֿילות אויף ייִדיש פֿאַר פֿרויען.
8. אַרומגעהילט — אַרומגעוויקלט.
9. הערלעכקייט — גרויסע שיינקייט.
10. אָפּגלאַנץ — רעפֿלעקס.
11. פּראַכט — גרויסע שיינקייט.

ענדלעך האָט שוין די באָבע אויסגעזוכט די ברילן, דעם ספֿר „איכה“ און דעם ספֿר „חורבן בית-המקדש“ און זיך אויך אַוועקגעזעצט אויף דר׳ערד, אויף אַ נידעריק בענקעלע. זי האָט געהאַט אָנגעגרייט אַ ליכט און האָט עס איצט אָנגעטריפֿט אויף דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב. און אַלע ווײַבער האָבן גענומען זאָגן „איכה“ אויף טײַטש-לייענען(12). אין זייער שטים האָט געשטעקט עפּעס אַ צעבראָכנקייט און אַ גרויסער טרויער; אין דעם ציטעריקן פֿלעמל פֿון ליכט איז אויך געווען אַ צעבראָכנקייט און אַ טרויער; די דאָזיקע שטים און דאָס דאָזיקע פֿלעמל זײַנען געווען איינס — ביידע צוזאַמען האָבן אָנגעפֿילט די שטוב מיט אומעט און מיט ציטערניש. די זון אין מערבֿ איז שוין געווען אין גאַנצן פֿאַרלאָשן; אַ בלאַסער אָוונט האָט אַרײַנגעקוקט דורך די פֿענצטער.



„אַך, איינזאַם איז געבליבן ירושלים, די פֿיל-באַפֿעלקערטע שטאָט, די פֿירשטין פֿון די שטעט! זי וויינט און קלאָגט בײַ נאַכט, טרערן האָט זי אויף די באַקן“... און אויך די ווײַבער, וועלכע זײַנען דאָ געזעסן אויף דר׳ערד. איינגעקאָרטשעטע(13), צוזאַמענגעבראָכענע, נאָר אין די זאָקן, מיט די אַלטע טיכער אויף די קעפּ, האָבן ענדלעך געמוזט לאָזן אַ טרער, ווען די באָבע האָט זיך אָפּגעשטעלט, גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און גע-זאָגט מיט אַ תשעה-באָבֿ-ניגון:

12. טײַטש-לייענען — דאָ: ייִדיש.

13. אײַנגעקאָרטשעט — אײַנגעבויגן.

— יאָ, יאָ, די שטאָט ירושלים איז געגליכן צו אַן אַלמנה...
אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן, דערנאָך האָט זי ווײַטער גערעדט:
— אָבער ניין, ניין, די שטאָט ירושלים איז נישט געגליכן צו אַן אַלמנה. זי איז געגליכן צו אַן עגונה(14). וואָרעם דאָס פֿאָלק ישׂראל איז נישט געשטאָרבן; עס וואַנדערט אַרום אויף וויסטע וועגן און קאָן נישט טרעפֿן צוריק אַהיים...

דערנאָך, אַז די באָבע האָט געענדיקט „איכה", האָט זי גענומען זאָגן „חורבן בית־המקדש". די באָבע האָט כּמעט נישט אַרײַנגעקוקט אין ספֿר, זי האָט געקאָנט דערציילן אַלץ פֿון אויסווייניק. זי האָט דערציילט און דערציילט, און די ווײַבער זײַנען געזעסן און געהערט. חיימל מיטן זיידן זײַנען שוין אַהיימגעקומען פֿון שול, און די באָבע האָט נאָך אַלץ דער־ציילט. דאָס ליכטל איז שוין געוועזן גאַנץ נידעריק, און די באָבע האָט נאָך אַלץ דערציילט די מעשׂיות פֿון חורבן:

אַלע שוואַלבן פֿון דער גאַנצער וועלט האָבן געבראַכט וואַסער אין די שנעבלעך צו לעשן די פֿלאַמען פֿון בית־המקדש... אָך, די דאָזיקע פֿלאַ־מען, וועלכע האָבן אַלע עקן פֿון הימל אַרומגעוויקלט מיט רויך און פֿאַר־צויגן אַן אומגעהויערן וואָלקן פֿון טרויער איבער דער גאַנצער וועלט!

דערנאָך האָט די באָבע גענומען דערציילן חיימלען און די אַנדערע יינגלעך, וואָס זײַנען דאָ אַרײַנגעקומען צו זייערע מאַמעס, די מעשׂה מיט חנהן און אירע זיבן זין.

דאָ האָט שוין חיימל נישט געקאָנט מער איבערטראָגן; זײַנע אויגן האָבן גענומען גלאַנצן אַקעגן דעם ציטערדיקן שײַן פֿון ליכט, צוויי גרויסע, טונקעלע טרערן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין די דאָזיקע אויגן; ער האָט צום סוף אָנגעהויבן וויינען, און אויך די אַנדערע יינגלעך האָבן, צוזאַמען מיט אים, געוויינט מיט ביטערע טרערן.

און אַז די באָבע האָט נאָך דערציילט, ווי חנה האָט זיך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון אַ דאַך, און ווי עס איז געקומען אַ בת־קול און אויס־גערופֿן: „אם שׂמחה על בניה!" — האָבן אויך עטלעכע יונגע ווײַבלעך גענומען שטיל אונטערכליפּען(15) און באַהאַלטן די קעפּ אין די אַלטע צע־ריסענע טיכער. ביז עס איז צום סוף געוואָרן אַזוי טרויעריק, אַז עס האָט זיך געדאַכט, קיין מאָל וועט שוין נישט אַרײַנדרינגען קיין פֿרייד דורך די פֿענצטער פֿונעם זיידנס הויז און קיין מאָל וועט שוין נישט אויסטרי־קענען די טרער אין די אויגן פֿון די ווײַבער אויף די נידעריקע בענקלעך.

---

14. עגונה (אַגונע) — פֿרוי, וואָס דער מאַן אירער איז פֿאַרפֿאַלן גע־וואָרן.

15. אונטערכליפּען — וויינען אַ ביסל.

| חנה חייטין | אַ יִדיש קינד |
|---|---|

אין אַ ליטוויש דערפֿל ווײַט
שטייט אַ שטיבל אָן אַ זײַט;
דורך אַ פֿענצטער ניט קיין גרויס
קוקן קינדערלעך אַרויס:
יִנגעלעך מיט פֿלאַקסנקעפּ(1),
מיידעלעך מיט בלאָנדע צעפּ,
און צוזאַמען דאָרט מיט זיי
קוקן אויגן שוואַרצע צוויי.

שוואַרצע אויגן פֿול מיט חן(2),
האָט אַ נעזעלע אַ קליין,
ליפּעלעך — צום קושן נאָר,
שטאַרק געלאָקטע(3) שוואַרצע האָר.
ס'האָט די מאַמע אים געבראַכט
אײַנגעוויקלט אין דער נאַכט,
שטאַרק געקושט אים און געקלאָגט,
שטילערהייט צו אים געזאָגט:

— „דאָ, מײַן קינד, וועט זײַן דײַן אָרט,
הער זשע צו דײַן מאַמעס וואָרט;
איך באַהאַלט דיך דאָ דערפֿאַר,
ווײַל דײַן לעבן דראָט געפֿאַר(4);
מיט די קינדער שפּיל זיך פֿײַן,
שטיל, געהאָרכזאַם(5) זאָלסטו זײַן;
מער קיין יִדיש וואָרט, קיין ליד,
ווײַל דו ביסט ניט מער קיין יִיד"...

1. פֿלאַקסנקעפּ — מיט העל־בלאָנדע האָר, ווי פֿלאַקס (lino).
2. חן (כיין) — סימפּאַטיע, שיינקייט.
3. געלאָקטע — מיט לאָקן (rizos).
4. געפֿאַר — סכּנה (peligro).
5. געהאָרכזאַם זײַן — פֿאָלגן, טאָן אַלץ, וואָס מע הייסט.

בעט זיך שטאַרק דאָס קינד בײַ איר:
— „מאַמע, כ׳וויל נאָר זײַן מיט דיר,
לאָז ניט איבער מיך אַליין!״...
ס׳קינד פֿאַרגייט זיך אין געוויין.
גיט זי קושן אים אַ סך,
אָבער ס׳העלפֿט איר ניט קיין זאַך.
ס׳קינד נאָר טענהט(6): — „ניין און ניין,
כ׳וויל ניט בלייבן דאָ אַליין!״...

אין די אָרעמס נעמט זי אים
און מיט ווייכקייט אין איר שטים
זינגט זי: „ייִנגעלע דו מײַן!״
און זי וויגט אים אַזוי אײַן.
נאָך דעם ווײנט זי פֿרײַ זיך אויס
און זי טרעט פֿון שטוב אַרויס,
אָנגעפֿילט מיט זאָרג און שרעק,
און זי גייט אין נאַכט אַוועק.

קאַלט אין דרויסן און אַ ווינט.
הערט אַ קול זיך: — „אוי, מײַן קינד,
דיך געלאָזט אויף פֿרעמדע הענט,
אַנדערש האָב איך נישט געקענט״...
גייט אַ מאַמע, מיט זיך רעדט,
און אין דרויסן — קאַלט און שפּעט,
ס׳ווייט(7) אין פּנים איר דער ווינט:
— „גאָט, באַשיץ מײַן איינציק קינד!״

פֿרעמדע שטוב מיט מענטשן פֿיל —
ס׳ייִנגעלע איז שטום און שטיל;
רעדט ניט, בעט ניט, וויל קיין זאַך,
זעלטן ווען ער טוט אַ לאַך...
ניט קיין טאָג און ניט קיין נאַכט,
ניט ער שלאָפֿט און ניט ער וואַכט.
וואַסילקאַ — אַ נאָמען פֿרעמד —
אויף זײַן הערצל דריקט און קלעמט(8).

6. טענהט — (טײַנעט) — רעדט.
7. ווייט — בלאָזט.
8. קלעמט — דריקט צוזאַמען.



„מוטערשאַפֿט"

ר.פֿאל כוואַלעס

מאַמע וואָגלט(9) ווו אַרום,
ווי איר יאָסעלע, אויך שטום;
קיינער ווייסט ניט, קיינעם אַרט,
און זי וואַרט און וואַרט און וואַרט...
צו יוכבֿד איז זי גלײַך,
ווײַל, ווי משה אויפֿן טײַך,
עלנט, איינזאַם(10) אויפֿן ווינט,
איז פֿאַרלאָזט איר איינציק קינד...

## רבֿקה קוויאַטקאָווסקאַ־פּנחסיק

## שימעלע און זײַן מאַמעשי

(פֿון וואַרשעווער געטאָ)

### א

די נאַכט איז פּלוצעם צוגעפֿאַלן. אין דער גרויסער, פּוסטער שטוב איז מיט אַ מאָל אַרוים אַ גרויקייט פֿון אַלע ווינקעלעך, אַרומגענומען מיט אַ פֿינצטעריש די ווענט.

עס וואָלט דעם קליינעם שימעלען פֿריילעכער געוואָרן, ווען ער וואָלט אָנגעצונדן די שײַן. ער ווייסט אָבער, אַז די מאַמעשי לײַדט נישט דאָס טונקעלע לעמפּל. עס אַרט איר און פֿאַרשאַפּט(1) קאָפּווייטיק. זיצט ער לעבן דער קראַנקער מאַמען אין דער טונקלקייט און וואַכט(2) בײַ איר בעט.

פֿונעם הויף דערגייען צו אים די קולות פֿון די קינדער, וואָס יאָגן זיך אַרום, לויפֿן אַראָפּ און אַרויף אויף די טרעפּ, און דאָס איז זייער גרעסטער פֿאַרגעניגן.

ער וועט אָבער נישט אַראָפּגיין צו זיי — ער וויל נישט לאָזן אַליין די קראַנקע מאַמעשי.

„שימעלע דער קליינער" — רופֿט אים יעדער אויף דער גאַס. אויך די מאַמעשי רופֿט אים שימעלע דער קליינער, ווײַל ער איז איינער פֿון פֿיר קינדער געבליבן.

אין דער אמתן איז ער גאָר נישט אַזאַ קליינער. ער איז שוין אַ יינגל פֿון צען יאָר און שׂכל האָט ער פֿון אַ דערוואַקסענעם.

---

9. וואָגלט — וואַנדערט אום.
10. איינזאַם — אַליין.

1. פֿאַרשאַפֿן — ברענגען, מאַכן.
2. וואַכן — דאָ: זיצן און אָפּהיטן.

נאָר זינט דעם טאָג, ווען ער איז געקומען אין געטאָ, האָט ער אויפֿגעהערט צו וואַקסן.

ווען די מאַמעשי איז נאָך געווען געזונט, האָט זי געזאָרגט, אַרײַנגעטראַכט, פֿאַר וואָס איז שימעלע אַ קלײנער געבליבן.

צי דערפֿאַר וואָס אין די ערשטע טעג מילחמה איז זײַן פֿאָטער אַנטלאָפֿן פֿון דײַטש — און שימעלע בענקט נאָך אים?

צי דערפֿאַר, וואָס די צוויי שוועסטערלעך און דאָס ברודערל זײַנען געשטאָרבן, און ער קען זיי נישט פֿאַרגעסן? צי אפֿשר דער הונגער?

שוין דרײַ יאָר ווי דאָס עסן ווערט וואָס אַ מאָל ווינציקער. שימעלע האָט שוין פֿאַרגעסן דעם טעם פֿון מילך, פֿון אַ פּרוכט, פֿון אַ נאַש. און ער איז דווקא אַ גרויסער נאַשער געווען! ליב געהאַט זיס געבעקס און צוקערוואַרג. הײַנט איז פֿאַר אים אַ נאַש — אַ קאַרטאָפֿל. אָבער אויך די קאַרטאָפֿל זײַנען זעלטן אין געטאָ.

ווען די מאַמעשי איז נאָך געווען געזונט, האָט זי פֿאַר שימעלען צוגעטראַכט נײַע מאכלים(3). אַ קונצן־מאַכערין איז זי געווען. פֿון דער קלײנער שפּײַז־צוטיילונג, וואָס די דײַטשן האָבן געגעבן די ייִדן, האָט זי באַוויזן וווּנדער: אַ הערינג פֿון געפּרעגלטע בורעקעס־בלעטער(4), און ער האָט באמת געהאַט דעם זעלבן טעם; אַ מאָל פֿון קאַשע אויסגעקאָכט אמתדיקע שבתדיקע פֿיש; פֿון קאַרטאָפֿל־שאָלעכץ(5) אַ קוכן אויסגעבאַקן — או־וואַ, סאַראַ גוטער קוכן דאָס איז געווען!

שימעלע איז אַליין געבליבן אין שטוב, ווען די מאַמעשי איז צו דער אַרבעט געגאַנגען. ער האָט געררוימט, געוואַשן די טעלער, וואַסער געבראַכט פֿונעם הויף, אַראָפּגעטראָגן דאָס מיסט. יעדן פֿאַרנאַכט האָט אים די מאַמעשי געלערנט רעכענען און ווונדערלעכע מעשׂיות דערציילט.

איצט ליגט די מאַמעשי אין בעט, שווײַגט. איר פּנים איז אײַנגעפֿאַלן, די אויגן אויסגעלאָשן.

איצט גייט שימעלע יעדן טאָג צו דער אַרבעט. זײַן בלייך פּנים שײַנט פֿאַר גליק, ווען ער טראָגט אַהיים אין זײַן טאָרבעלע אַ ביסל צוקער, אַ שטיקל ווורשט(6). ער אַליין וועט עס אָבער נישט רירן. ער ווייסט: דאָס איז פֿאַר דער מאַמעשיס געזונט.

זײַן פּנים ווערט וואָס אַ מאָל קלענער, די פּיסלעך דינער — קוים וואָס זיי האַלטן זײַן קליינעם, שוואַכן גוף. נאָר זײַנע אויגן ווערן וואָס אַ מאָל גרעסער, קוקן מיט טרויער אויף אַלץ, וואָס סע טוט זיך אַרום אים.

---

3. מאכלים (מײַכאָלים) — שפּײַז, עסנס.
4. בורעקעס — betabel.
5. שאָלעכץ — cáscara.
6. ווורשט — salchicha.

ער קוקט זיך צו, ווי שכנים קומען יעדן טאָג צוזאַמען די שטוב, הייצן דאָס אייוועלע מיט ברעטלעך פֿון די שענק און שופֿלאָדן(7), וואַשן אַרום די מאַמעשי און מאַכן פֿאַר איר הייסע קאַווע. זיי טוען אַלץ, וואָס זיי קענען. ער פֿאַרשטייט אָבער, אַז דאָס אַלץ קען נישט העלפֿן.

פֿריִער האָבן די שכנים מיט גרויס רחמנות געקוקט אויף דער מאַמע־שי, געטרייסט זי. איצטער אָבער קוקן זיי מיט רחמנות נאָר אויף אים. נאָר אים טרייסטן זיי איצט. שימעלע פֿאַרשטייט גוט זייערע בליקן. מיט אַזוינע אויגן האָבן זיי אויך געקוקט, ווען איטעלע און דבורהלע זײַנען קראַנק געווען.

ב

— אַ רפֿואה(1)... איך מוז געפֿינען עפּעס אַ רפֿואה! — באַשליסט שימעלע און ווייסט נישט, ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכן, ווו עס צו קריגן. טעג און נעכט האָט שימעלע געטראַכט ווי זי צו געפֿינען. ער ווייסט אָבער שוין פֿון לאַנג, אַז די דײַטשן האָבן אַלע ייִדן אין געטאָ אַרײַנגעפּירט, כּדי



זיי זאָלן שטאַרבן פֿון הונגער און קראַנקהײַטן. זײַן מאַמעשי מוז אָבער לעבן, און ער וועט דערפֿאַר אַלץ טאָן!

מע דאַרף נאָר אַריבערקריכן די צוים(2)... אַ לויף טאָן אין דער אַפּטייק(3)...

---

7. שופֿלאָד — קעסטל אין שאַפֿע.

1. רפֿואה — מעדיצין.

2. צוים — דאָ: דער מויער אַרום געטאָ.

3. אַפּטייק — farmacia.

אלע מאָל, ווען ער גיט אַ קוק פֿון זײַן פֿענצטער אויפֿן דײַטשן „פּאָס־טן"(4), וואָס היט דעם גערטאָ מיט אַ ביקס אויפֿן אָרעם, שטאַרבט אָפּ שימעלעס האַרץ פֿאַר שרעק. ער ווייסט גוט. אַז דער „פּאָסטן" שיסט יעדן, וואָס דערנענטערט זיך צו דער צוים.

ער האָט עס אָבער בײַ זיך פֿעסט באַשלאָסן.

אין דער שטוב ווערט וואָס אַ מאָל פֿינצטערער. שימעלע זיצט בײַם בעט און רעדט אין געדאַנק מיטן טאַטעשי. אוי, האָט ער זײַן טאַטעשי ליב געהאַט! גאַנצע נעכט געוויינט און געבעטן, אַז ער זאָל וואָס גיכער צוריקקומען. „ווייסט זען, טאַטעשי — איך וועל אַ לויף טאָן... כ'וועל ברענגען אַ רפֿואה!"...

שטיל פֿליסטערן(5) זײַנע ליפּן:

— איך גיי, מאַמעשי... באַלד וועל איך צוריקקומען... כ'וועל אויפֿן בויך זיך אַרויסשאַרן פֿון דער צוים... ברענגען אַ רפֿואה... כ'האָב גאָר נישט מורא... גאָרנישט...

די קראַנקע מאַמע האָט אויפֿגעציטערט. אירע אויערן האָבן פֿאַר־נומען זײַנע רייד. זי זעט שוין שימעלען זיך שאַרן אונטערן צוים. זי זעט אויך די אויסגעשטרעקטע ביקס פֿון דעם דײַטש... .

— זאָלסט זיך נישט דערוועגן(6), מײַן קינד!... — רעדט שטיל און פּאַמעלעך די מאַמע, און ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל פֿון איר גליווער(7) אַרויס־געריסן געוואָרן און ווי גאָט אַליין וואָלט איר צוגעשיקט אַ רפֿואה, נעמט זי רעדן שטאַרקער. איר פּנים שטראַלט. צוויי גרויסע פּערל נעמען זיך קײַקלען פֿון די אויסגעלאָשענע אויגן. אירע ציטערדיקע הענט נעמען אַרום שימעלעס בלייך פּנים, און מיט צאַרטקייט(8) זאָגט זי:

— איך בין שוין געזונט, מײַן קינד.. דו האָסט מיר שוין געגעבן אַ רפֿואה. זע, איך שטיי אויף... גיב מיר, שימעלע, מײַן קלייד, מײַנע שיך...

זי רעדט וואָס אַ מאָל העכער און פֿעסטער.

מיט שטוינונג(9) האָט זיך שימעלע צוגעקוקט, ווי די מאַמעשי האָט זיך גענומען אָנטאָן. פּאַמעלעך צוזאַמענגעלייגט די קישנס, די קאָלדרע. מיט אַ טוך האָט זי פֿאַרדעקט דאָס בעט, וואָס איז שוין הדשים און חדשים נישט געווען פֿאַרבעט...

---

4. פּאָסטן — דאָ: דער היטער.
5. פֿליסטערן — שטיל רעדן.
6. זיך דערוועגן — atreverse.
7. גליווער — דאָ: ניט רירן זיך.
8. צאַרטקייט — cariño.
9. שטוינונג — שטאַרקע פֿאַרוווּנ־דערונג.



## אַבֿרהם זאַק

# יאַנוש קאָרטשאַק
# מיט זײַנע קינדער

קינדער ייִדישע פֿון שולפּאַלאַצן ווײַסע,
כ'וועל דערציילן אײַך אַ טרויעריקע מעשׂה:

אויך פֿון קינדער, פּונקט ווי איר, פֿון טאַטע־מאַמען —
ס'האָבן ווילדע חיות זיי געיאָגט אין פֿלאַמען...
מ'האָט זיי פֿון אַן אָרעם קינדערהיים גענומען —
אַלע ווי די קנאָספּן(1), אַלע ווי די בלומען...

ס'האָט דער לערער קאָרטשאַק זיי געטאָן באַגלייטן:
האָבן זיך געטוליעט(2) איינער צו דעם צווייטן...
און אַזוי אין גאַס דעם לעצטן וועג געגאַנגען —
איבער זיי דער הימל טרויעריק געהאַנגען...

ס'האָט געטריפֿט מיט טרערן פֿון אַ וואָלקן טריבן(3),
ווען די דײַטשן־רוצחים האָב זיי געטריבן...
ס'האָבן גאָר די קינדער ניט געקענט זיך שיידן
פֿון דעם גוטן לערער, פֿון דעם גוטן זיידן...
און דער לערער קאָרטשאַק איז מיט זיי צוזאַמען
לעצטן וועג געגאַנגען, אין דעם גרויל(4) פֿון פֿלאַמען...

קינדער ייִדישע פֿון שולפּאַלאַצן ווײַסע,
ניט פֿאַרגעסט קיין מאָל די טרויעריקע מעשׂה!
אין די שול־יום־טובֿים, אין די שפּילערײַען,
ווען איר טוט מאַרשירן אין די גלײַכע רײַען,
ווען איר שפּרייט פֿונאַנדער די בלוי־ווײַסע פֿאָנען, —
יענעם לערער, קינדער, זאָלט איר אויך דערמאָנען!...

---

1. קנאָספּ — botón de la flor.
2. טוליען זיך — צורוקן זיך, צו־דריקן.
3. טריב — טונקל.
4. גרויל — horror.

## בער מאַרק

# דער ייִנגסטער קעמפֿער

אַכט יאָר איז מאיר דאַווידאָוויטש(1) אַלט געווען, ווען די היטלעריסטן זײַנען אַרײַן קיין וואַרשע. איבער דרײַ יאָר צײַט האָט מאיר געטאָן אַלין, וואָס איז נאָר געווען מעגלעך, כּדי צו העלפֿן זײַנע טאַטע-מאַמע, די שוועסטערלעך און זיך אַליין. אין פֿינצטערע נעכט האָט ער זיך געגנבֿעט צום געטאָ-טויער אָדער פֿלינק(2), ווי אַ מײַזעלע, איז ער אַרויס פֿון געטאָ זוכן שפּײַז.

מאיר האָט די גאַנצע צײַט נישט נאָר געזאָרגט פֿאַר דער אייגענער פֿאַמיליע, ער האָט אויך געזאָרגט פֿאַרן לערער. נתן סמאָליאַר איז געווען זײַן לערער. דער לערער סמאָליאַר איז געווען אַ גוטער און האָט שטענדיק געשמייכלט. ווען די שולן אין געטאָ זײַנען פֿאַרמאַכט געוואָרן, האָט דער לערער סמאָליאַר אַריבערגעפֿירט די שול אין אַ קעלער(3). מאיר איז געשטאַנען אין דרויסן און האָט געהיט. אַן אַנדערש מאָל איז געשטאַנען אויף דער וואַך(4) די שילערין טויבע, און מאיר איז געזעסן אין קעלער איבערן ביכל. ווען אַ פּאָליציאַנט האָט זיך פֿאַרן טויער באַוויזן עטלעכע מאָל, האָט דער לערער סמאָליאַר אַריבערגעטראָגן די שול אין אַן אַנדער קעלער. דערנאָך איז מאיר געבליבן אָן טאַטע-מאַמע. ער איז געווען מיטן לערער סמאָליאַר.

איין מאָל האָבן די קינדער לאַנג געוואַרט אויפֿן לערער. ער איז געקומען עפּעס אַן אַנדערער, ווי אַלע מאָל. אָנשטאָט אַ ביכל האָט ער פֿון קעשענע אַרויסגעצויגן אַ רעוואָלווער(5). ער האָט די קינדער געזאָגט:

— פֿון הײַנט אָן וועלן מיר לערנען אָט דאָס!

דערנאָך האָט דער לערער געהייסן אויפֿזוכן בלעכענע שאַכטלען(6) פֿון קאָנסערוון. מ'האָט אין זיי אַרײַנגעשאָטן אויפֿרײַס-מאַטעריאַל(7), און

1. דאַווידאָוויטש איז דער אמתער נאָמען פֿון אַ ייִנגל, וואָס האָט געקעמפֿט אין וואַרשעווער געטאָ.
2. פֿלינק — גיך, רירעווודיק.
3. קעלער — sótano.
4. אויף דער וואַך — אָפּהיטן.
5. רעוואָלווער — פּיסטויל.
6. שאַכטלען — קעסטעלעך.
7. אויפֿרײַס-מאַטעריאַלן — explosivos.

פֿון די שאָכטלען זײַנען געוואָרן באָמבעס. די קינדער האָבן געזוכט פֿלעשער, געהאָלפֿן גיסן אין זיי בענזין(8) און אַוועקגעטראָגן אויף באַשטימטע ערטער.

מאיר איז פֿון דעם לערער נישט אָפּגעטראָטן ביז דער לעצטער מינוט. ווען דער לערער איז אין דער צײַט פֿון אויפֿשטאַנד געשטאַנען אויף דער באַריקאַדע און האָט געוואָרפֿן גראַנאַטן און פֿלעשער מיט בענזין אין די היטלעריסטישע טאַנקען, האָט אים מאיר געהאָלפֿן. ער האָט דערלאַנגט די פֿלעשער מיט בענזין. אַז מע האָט געדאַרפֿט, איז מאיר געלאָפֿן איבער דער גאַס, אַן אײַנגעבויגענער, צו דער צווייטער באַריקאַדע און איבערגעגעבן, וואָס מע האָט געהייסן.

דער לערער סמאָליאַר איז געפֿאַלן הינטער אַ באַריקאַדע. דער געטאָ איז געשטאַנען אין פֿלאַמען. פֿון אויבן האָבן די עראָפּלאַנען געוואָרפֿן באָמבעס אויפֿן געטאָ.

צוויי היטלעריסטן האָבן זיך געיאָגט נאָך מאירן. ער איז אַרײַן אין אַ טויער. די צוויי מערדער זײַנען אים נאָכגעלאָפֿן. ער איז אַרויפֿגעלאָפֿן אויף די טרעפּ און געהערט זייער זידלערײַ(9) הינטער זיך. ער האָט זיך אַרײַפּגעדראַפּעט אויפֿן בוידעם. אַ טויטער קערפּער איז געלעגן, לעבן אים — אַ קוילן־וואַרפֿער(10). מאיר האָט אויסגעדרייט דעם קוילן־וואַרפֿער צו די טרעפּ און אָנגעהויבן צו שיסן. די צוויי היטלעריסטן זײַנען דערהרגעט געוואָרן און אַראָפּגעפֿאַלן.

אין דער זעלבער מינוט האָט זיך דאָס גאַנצע הויז געגעבן אַ טרייסל. אַ שווערע באָמבע האָט אײַנגעלייגט דאָס הויז. אונטער אַ באַרג ציגל(11) איז געבליבן ליגן מאיר דאַווידאָוויטש, דער ייִנגסטער קעמפֿער אין דעם אויפֿשטאַנד פֿון וואַרשעווער געטאָ.

---

8. בענזין — גאַזאָלין.
9. זידלערײַ — באַליידיקונג.
10. קוילן־וואַרפֿער — מאַשינביקס.
11. ציגל — ladrillo.





אנילעוויטש מרדכי — אָנפירער
פֿון דער ייִדישער קאמפּס־אָרגא־
ניזאציע אין ווארשעווער געטאָ.

# חנן קיעל ‖ די העלדן פֿון וואַרשע

עס ברענען די הײַזער אין וואַרשעווער געטאָ,
ווו ס׳וואַרטן נאָך ייִדן צווישן די ווענט,
נאָר ניט אויף אַ נס מער און ניט אויף אַ רעטונג —
זיי וואַרטן צו שטאַרבן מיט וואָפֿן(1) אין הענט.

עס גיט אַנילעוויטש אַרויס נאָך באַפֿעלן
צו לעצטע גיבורים, ווי ליכטער, וואָס צאַנקען(3).
עס פֿליִען פֿון לעכער און פֿענצטער שראַפּנעלן(4), —
עס ברענען אין גאַסן געפּאַנצערטע טאַנקען.

און הויך אויף אַ דאַך האָט אַ קעמפֿער געקלעטערט(5),
געהילט מיט אַ בלוי־ווײַסער פֿאָן אין דעם פֿלאַם, —
אַזוי איז געפֿאַלן דער לעצטער פֿון געטאָ:
אויף קידוש־השם און אויף קידוש־העם.

---

3. צאַנקען — אויסגיין, לעשן זיך.
1. וואָפֿן — געווער.
4. שראַפּנעל — metralla.
5. קלעטערן — ארויפֿקריכן.

יצחק גוטערמאַן

# דער קליינער פּאַרטיזאַן

## א

אַ סך הענט האָבן שלמהלען אונטערגעהויבן צום הויכן פֿענצטערל פֿון וואַגאָן. די באַן איז שנעל, שנעל געלאָפֿן, און אַז שלמהלע האָט זיך אַרויסגעבויגן דורכן פֿענצטערל, האָט אים דער ווינט שיִער נישט אַראָפּגעריסן דעם קאָפּ. נאָר די דרויסנדיקע פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט האָט אים ווייניקער געשראָקן, ווי די פֿינצטערניש אין וואַגאָן.

שלמהלע האָט אַריַינגעקוועטשט די אַקסלען אין דער פּירעקיקער לאָך פֿון פֿענצטערל. עס איז אים שווער אָנגעקומען זיך דורכצושטופּן, ווײַל די לאָך איז געווען זייער קליין. דערנאָך האָט ער זיך גענומען גליטשן אויפֿן בויך פֿאָרויס. ער האָט דאָס געמוזט טאָן זייער שטיל, אַז די צוויי ס״ס-לײַט(1), וואָס שטייען מיט די ביקסן אויפֿן טרעפּל פֿון וואַגאָן, זאָלן גאָר נישט הערן. אינעווייניק האָט אים נאָך עמעצער צוגעהאָלפֿן בײַ די פֿיס. דאָס איז געווען זײַן מאַמע. מיט איין האַנט האָט זי אים אַרויסגעשטופּט, כּדי ער זאָל זיך וואָס גיכער ראַטעווען פֿון וואַגאָן אַרויס, און מיט דער אַנדערער האָט זי אים צוריקגעהאַלטן, ווײַל זי האָט מורא געהאַט אָפּצולאָזן איר קינד פֿון זיך. צום סוף האָט שלמהלע געגעבן אַ פֿאַל אַרויס פֿון פֿענצטערל און געבליבן ליגן אויף דער ערד.

שלמהלע איז איינער אַליין געלעגן אין דער פֿינצטערניש. ער האָט גאָרנישט געזען, בלויז געהערט, ווי דאָס קלאַפּן פֿון דער באַן אַנטלויפֿט אַלץ ווײַטער און ווײַטער, ווערט שוואַכער, ביז עס איז אין גאַנצן שטיל געוואָרן.

שלמהלע האָט זיך גענומען גליטשן אויפֿן זאַמד, באַרג-אַרויף העכער און העכער, ביז ער איז אַרויסגעקראָכן פֿון דער טיפֿעניש. אָבער ווו זאָל ער גיין, אַז דער וועג איז אים אין גאַנצן פֿרעמד און אַרום און אַרום איז חושך-פֿינצטער! ער האָט בלויז געזען צוויי שינעס(2), וואָס בלאַנקען אויף

---

1. ס״ס-לײַט („עסעס״) — ספּעציעלע אָפּטיילונגען פֿון היטלעריסטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט ברוטאַלקייט, באַזונדערס צו ייִדן.

2. שינע — riel.

דער ערד, ווי לאַנגע, לאַנגע שווערדן. שלמהלע איז געגאַנגען לויט דעם גלאַנץ. די שינעס האָבן שטאַרק געראַוישט, און יעדער סלופּ(3), פּאַר וועלכן ער איז פאַרבײַגעגאַנגען, האָט ברומענדיק עפּעס גערעדט צו אים. אין דעם גערויש האָט ער כּסדר געהערט דער מאַמעס קול...

מיט אַ מאָל האָט פון ערגעץ ווײַט פאַר אים אַ שײַן געטאָן אַ פײַערל, אַזוי קליין, ווי אַ שטערנדל. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז קיין שטערן איז עס נישט, ווײַל עס ליגט צו נאָענט צו דער ערד. שלמהלע איז אַוועק אין אַ זײַט פון די שינעס און אַראָפּ אויף אַן אַנדערן וועג צום פײַערל צו. ער איז געגאַנגען איבער פעלדער, פאַרטשעפּעט זיך אין קוסטעס(4), זיך אָנגע־קלאַפּט אָן ביימער, ביז ער האָט דערזען נישט ווײַט אַ ליכטיק פענצטערל. דאָ האָט ער זיך געשטעלט אויף די קני און צוגעלייגט דאָס פּנים צו דער שויב בלויז ביז דער נאָז, ער זאָל קאָנען זען, וואָס אין שטוב טוט זיך. בײַ אַ טיש איז אין בלויזן העמד געזעסן אַ גראָבער מענטש מיט אַ גאָלן קאָפּ און עפּעס געשריבן, נעבן זײַן האַנט אויפן טיש איז געלעגן אַ רעוואָלווער און אַ ביסל ווײַטער — אַ גרין היטל מיט אַ האַקנקרײַץ(5) איבערן דאַשיק.



שלמהלע האָט שטיל־שטיל, ציִענדיק זיך אויפן בויך, צוריק אוועקגע־פּויזעט פונעם הײַזל. ווען ער איז שוין געווען ווײַט פון דעם הײַזל, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און גענומען שנעל לויפן. ער איז געלאָפן אַזוי לאַנג, ביז ער איז אָנגעקומען צו אַ בריק. שלמהלע האָט געהערט, אַז פּאַרטיזאַ־נער פּאַרען זיך(6) אָפּט בײַ בריקן, האָט ער דעריבער שטאַרק אָנגע־שטרענגט די אויגן: אפשר וועט ער עמעצן דערזען. עס איז דאָ געווען

---

3. סלופּ — poste.

4. קוסט — arbusto.

5. האַקנקרײַץ — סוואַסטיק (עמב־לעם פון די היטלעריסטן).

6. פּאַרען זיך — זײַן פאַרטאָן, פאַר־נומען.

שטיל און פֿינצטער, מער גאָרנישט. שלמהלען איז געוואָרן קיל, האָט ער גענומען גיין אויף דער בריק הין און צוריק.

**ב**

פלוצעם האָט ער דערהערט אַ שאָרך, עפּעס האָט אַ שפּרונג געטאָן צו אים, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן זיך אומצוקוקן, האָט מען אים אַרײַבערגעצויגן אַ זאַק איבערן קאָפּ. מע האָט דעם זאַק שנעל געגעבן אַ שלעפּ אַראָפּ ביז איבער זײַנע פֿיס, אַ האַנט האָט אים פֿעסט ארומגענומען און אים אַרויפֿגעלייגט אויף אַ שמאָלע, קאַנטיקע זאַך. די זאַך האָט גענומען גיין און שלמהלע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער געפֿינט זיך אויף אַן אַקסל פֿון אַ מענטש. שלמהלע האָט אַפֿילו נישט געקאָנט שרײַען, ווײַל אַ צווייטע האַנט האָט צוגעהאַלטן דעם זאַק פּונקט דאָרט, וווּ עס איז געווען זײַן מויל.

שלמהלע האָט זיך אַזוי לאַנג געצאַפּלט אויף דעם מענטשנס אַקסל, ביז יענער האָט זיך מיט אים אַראָפּגעלאָזט ערגעץ אין אַ טיפֿעניש, ווי אין אַ קעלער. דורך דעם שיטערן געוועב(1) פֿון זאַק האָט זיך צו שלמהלעס אויגן דורכגעשלאָגן אַ טונקעלע שײַן, און ער האָט געהערט, ווי עמעצער פֿרעגט:

— וואָס, געבראַכט אַ צונג(2)?

דער מענטש, וועלכער האָט אַהערגעבראַכט שלמהלען אויף דעם אַקסל, האָט אים איצט אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, ווי אַ זאַק קאַרטאָפֿל, און געענטפֿערט:

— חבֿר קאָמאַנדיר! איך האָב אים געכאַפּט, ווען ער האָט געהאַלטן וואַך(3) אויף דער בריק און געגאַנגען הין און צוריק. ער איז עפּעס זייער לײַכט. קיין ביקס האָב איך נישט געפֿונען.

מע האָט אַראָפּגעצויגן פֿון שלמהלען דעם זאַק. ער האָט דערזען, אַז ער געפֿינט זיך אין אַן אונטערערדישער הייל(4). אויף די זאַמדיקע ווענט זײַנען געהאַנגען אַ סך ביקסן; אין אַ ווינקל אויף דער ערד איז געלעגן אַ באַרג גראַנאַטן; אַנשטאָט אַ טיש זײַנען געווען אויסגעשטעלט אין דער לענג קאַסטנס, און בײַ די זײַטן זײַנען געלעגן צוויי לאַנגע קלעצער(5), וואָס האָבן געדינט פֿאַר בענק. אויפֿן קאַסטן־טיש זײַנען געשטאַנען דרײַ פֿלעשער און פֿון זייערע העלדזלעך האָבן אַרויסגעציטערט פֿלעמלעך(6), וואָס האָבן באַלויכטן די הייל.

שלמהלע איז געווען אַרומגערינגלט פֿון אַ סך מענער, און נענטער פֿון אַלעמען איז געשטאַנען אַ מענטש מיט אַ לאַנגער באָרד, מיט אַ גראָבן

---

1. געוועב — tejido.
2. צונג — דאָ: געפֿאַנגענער, וואָס קען דערציילן, וואָס בײַ די דײַטשן טוט זיך.
3. האַלטן וואַך — אַפּהיטן.
4. הייל — cueva.
5. קלעצער — troncos.
6. פֿלעמל — llamarada.

לעדערנעם פּאַס אַרום בײַך, בײַ דער זײַט אין אַ לעדערן שײדל(7) איז געהאַנגען אַ רעװאָלװער. ער האָט מיט אַ פֿינגער אָנגעװיזן אױף שלמהלען און געפֿרעגט די אַרומיקע:
דאָס איז דער דײַטש, װעמען איר האָט געכאַפּט?
אַלע אין דעם שטיבל האָבן זיך צעלאַכט.
שלמהלע האָט אױך געקוקט מיט פֿאַרװוּנדערונג אױף די מענטשן אַרום און גאָרנישט פֿאַרשטאַנען. דאָס זײַנען דאָך נישט קײן דײַטשן!
נאָך דעם װי דער מענטש מיט דער באָרד האָט אױסגעפֿרעגט שלמהלען און זיך אױסגעשמײעסט מיט אים, האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז ער איז גאָר אַרײַנגעפֿאַלן צו פּאַרטיזאַנער.
דער מענטש מיט דער באָרד איז געװען דער עלטסטער פֿון די פּאַרטיזאַנער, דער קאָמאַנדיר. ער האָט באַפֿױלן, אַז מע זאָל דערלאַנגען שלמהלען עסן אין צוגרײטן אַ געלעגער. אַן אַלטיטשקע פֿרױ, װאָס האָט פֿאַררײכט אַ העמד בײַם פֿלעמל פֿון אַ פֿלעשל, האָט אַװעקגעלײגט די אַרבעט און אַרױפֿגעשטעלט אױפֿן טיש אַ שטיק שװאַרץ ברױט און פֿאַרשידענע בלעכענע שאַכטעלעך מיט קאָנסערװן.

ג

אין מיטן עסן האָט שלמהלע געהערט, װי דער עלטסטער זאָגט צו די פּאַרטיזאַנער:
— גוט, װאָס איר האָט געבראַכט דאָס ייִנגל, אָבער מע מוז נאָך הײַנט װיסן, װוּ עס געפֿינט זיך דער שטאַב(1)! אַ דײַטש מוז מען כאַפּן, אַ דײַטש אַ צונג, װאָס זאָל דערצײלן, װוּ עס געפֿינט זיך דער שטאַב.
שלמהלע האָט זיך אױפֿגעשטעלט און געמאָלדן:
— חבֿר קאָמאַנדיר! איך װײס, װוּ עס געפֿינט זיך דער שטאַב.
די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמײכלט.
שלמהלע האָט זײ דעמאָלט דערצײלט װעגן דעם הײַזל מיט די דײַטשן אינעװײניק און מיט דער װאַך אין דרױסן, װאָס ער האָט געזען אױפֿן װעג.
שלמהלע איז געװען זײער אױסגעמאַטערט פֿון דעם שװערן, געפֿערלעכן װעג, און דער קאָמאַנדיר האָט אים געהײסן דערװײַל זיך לײגן שלאָפֿן און אױסרוען. נאָר שלמהלע האָט געזאָגט:
— חבֿר קאָמאַנדיר, איך װעל סײַ־װי נישט קענען שלאָפֿן.
— און דעם װעג װעסטו טרעפֿן? — האָט דער קאָמאַנדיר געפֿרעגט. דאָרט אַהין װעסטו טרעפֿן? — האָט דער קאָמאַנדיר געפֿרעגט.
— מע דאַרף מיך נאָר צופֿירן ביז דער בריק. פֿון דער בריק אָן געדענק איך שױן זײער גוט דעם װעג צום הײַזל.

7. שײדל — vaina.     1. שטאַב — קאָמענדאַנטור.

דער קאָמאַנדיר האָט אויסגעקליבן צען יונגע פּאַרטיזאַנער, זיי האָבן זיך באַוואָפֿנט(2) מיט ביקסן און גראַנאַטן און געלאָזט זיך אין וועג אַרײַן מיט שלמהלען.

ווען זיי זײַנען צוריקגעגאַנגען, האָט שוין דורך די נאָדלען פֿון די הויכע סאָסנע־ביימער אַרײַנגעשײַנט אין וואַלד דער בלויער, פֿאַרטאָגיקער הימל, און מיט זיי איז געגאַנגען, אַ געבונדענער, אַ דײַטשישער אָפֿיציר.

בײַם פֿרישטיק, ווען אַלע פּאַרטיזאַנער זײַנען געזעסן אַרום דעם לאַנגן טיש, האָט דער קאָמאַנדיר צוגערופֿן שלמהלען, אים אַוועקגעזעצט לעבן זיך און געזאָגט:

— איך דריק אויס מײַן טיפֿסטן דאַנק דעם יינגסטן פּאַרטיזאַנער אונדזערן, דעם העלדישן שלמהלע. איך וועל מעלדן וועגן אים דער העכערער מאַכט(3) און ער וועט באַלוינט ווערן(4) מיט אַ מעדאַל.



שלמהלע איז געבליבן בײַ די פּאַרטיזאַנער ביז צום סוף פֿון דער מילחמה. ער האָט באַוויזן אַ סך העלדישקייט, און זײַן ברוסט איז באַהאָנגען געוואָרן מיט פֿיל אָרדנס און מעדאַלן.

---

2. באַוואָפֿנט — armado.
3. מאַכט — דאָ: autoridades.
4. באַלוינען — אויסצייכענען, פּרעמירן.

## בינעם העלער — דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע

אין וואַרשעווער הויפֿן — אָן גרינס און אָן בלומען —
ווי שנעל איז געלאָפֿן אַ זומער נאָך זומער.
אַ פֿריילעכער טומל איז שטענדיק געשטאַנען,
פֿון מיידלעך, וואָס שפּילן אין ראַדענעראַנע(1),
פֿון ייִנגלעך, וואָס לערנען אין שיל און אין חדר,
פֿון שנײַדערס, וואָס זינגען בײַם נייען די קליידער,
פֿון קלעזמערס, וואָס שפּילן אויף פֿידלען און פֿלייטן,
פֿון בלעכערס(2), וואָס שרײַען: „פֿאַרריכטן! פֿאַרלייטן!״(3).

אין איינעם אַ הויף האָט געוווינט אַזאַ ייִנגל —
מיט ליכטיקע אויגן, אויף שרויפֿן אַ צינגל.
אין שול איז דאָס ייִנגל דער תּלמיד דער בעסטער,
און צווישן חבֿרים — דער שטיפֿער דער גרעסטער.
ווו נאָר ער פֿלעגט קומען, פֿלעגט פֿריילעכער ווערן,
דער וויינער אַפֿילו פֿלעגט שמייכלען דורך טרערן.
פֿאַר אַלעמען איז ער געווען אַ חבֿר —
אַזאַ איז געווען דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע(4).

געקומען דער נאַצי, פֿאַרמאַכט אַלע גאַסן;
געקומען, באַפֿוילן די ייִדן צו האַסן(5):
קיין ברויט און קיין ליכט זאָל נישט זײַן אין דעם געטאָ,
נאָר קינדער, וואָס בעטלען אין פּראָסטיקן וועטער,
און טאַטעס, וואָס ליגן געשוואָלן פֿאַר הונגער,
און שוועסטער, וואָס שפּײַען אין בלוט אויס די לונגען,
און מאַמעס, וואָס זינגען מיט ליפּן פֿאַרשמאַכטע(6)
דאָס ליד פֿון דער נויט אין דעם געטאָ פֿאַרמאַכטן.

---

1. ראָדענעראַנע — קינדערשפּיל אין אַ ראָד.
2. בלעכער — hojalatero.
3. פֿאַרלייטן — soldar.
4. פּאַוויע — גאַס אין וואַרשע.
5. האַסן — פֿײַנט האָבן.
6. פֿאַרשמאַכט — אויסגעהונגערט.

דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע ווערט בלאַסער און בלאַסער
אויף שטילן דעם הונגער איז ווייניק דאָס וואַסער,
אויף שטילן דעם ווייטאָג איז ווייניק דער צאָרן --
זײַן שמייכל איז לאַנג שוין פֿאַרלאָשן געוואָרן.
ער ווייסט, אַז מע דאַרף איצט זײַן דרייסטער און פֿלינקער(7) —
עס גייען טראַנספּאָרטן אַוועק קיין טרעבלינקע(8),
ער ווייסט, אַז עס גייען אַוועק מיטן פֿײַער
די טאַטעס, די מאַמעס, חבֿרים געטרײַע.

נאָר פּלוצלינג — צעטראָגט זיך אַ ליכטיקע בשׂורה(9):
עס שטעלט זיך דער געטאָ אַנטקעגן מיט גבֿורה!
עס פֿאַלן פֿאַשיסטן(10) אין קאַמף מיט די ייִדן,
און ס'פֿלאַטערט אַ שטאָלצע די פֿאָן פֿון מרידה(11).
דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע רײַסט זיך דורך רויכן,
ער שפּרינגט איבער הורבֿות און ווערט נישט געשטרויכלט(12).
ער קומט אין דעם שטאַב פֿון די קעמפֿער צו מעלדן(13):
ב'יויל לעבן, און שטאַרבן — אַ העלד צווישן העלדן!

נישטאָ יענער הויף שוין, נישטאָ שוין די פּאַוויע.
און וווּ איז דאָס ייִנגל — דער גאָלדענער חבֿר?...
קאָן זײַן, אַז ער לעבט, אַז ער איז דאָ פֿאַראַנען...
אַלין איינס — לאָמיר איצט אים מיט כּבֿוד דערמאָנען.
דער שׂונא איז טויט, און דאָס לעבן דאָס נײַע
מיר האָבן באַקומען אין קאַמף און אין פֿײַער.
מיר וועלן דעם אָנדענק פֿון העלדן באַערן(14),
בײַם הייליקן אָנדענק — מיר שווערן, מיר שווערן!

---

7. פֿלינק — גיך, רירעוודיק.
8. טרעבלינקע — אַן אָרט, וווּהין די דײַטשן האָבן געפֿירט ייִדן צום טויט.
9. בשׂורה — ווichטיקע נײַעס.
10. פֿאַשיסטן — דאָ: די נאַציס.
11. מרידה — אויפֿשטאַנד.
12. געשטרויכלט ווערן — פֿאַלן.
13. מעלדן — זאָגן, ראַפּאָרטירן.
14. באַערן — אָפּגעבן כּבֿוד.





„...נאָר פּלוצלינג צעטראָגט זיך אַ ליכטיקע בשׂורה:
עס שטעלט זיך דער געטאָ אַנטקעגן מיט גבֿורה!"

מ. גילדענמאַן
(דיאַדיאַ מישאַ)

# דער אויפֿרײַס

## א

אויגוסט 1943.

מיר(1) האָבן זיך געפֿונען אין די געדיכטע וועלדער פֿון אָוורוטשער ראַיאָן(2). אין אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך האָבן מיר געהאַט אונדזערע פֿאַרבינדלער(3), וועלכע פֿלעגן אונדז אינפֿאָרמירן וועגן די דײַטשן. איין מאָל איז אונדזער פֿאַרבינדלער פֿון אָוורוטש. קיריל, געקומען צו אונדז און צווישן אַנדערע האָט ער אונדז אינפֿאָרמירט וועגן דעם, אַז דעם 20סטן אויגוסט פֿאַלט אויס אַ גרויסער יום־טובֿ און אין דעם טאָג וועט זײַן דערלויבט אַרײַנצוגיין און אַרויסצוגיין פֿון דער שטאָט אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, ווי דאָס איז געוויינלעך נייטיק געווען בײַם אַרײַנגיין אין דער שטאָט דורך די וועגן און דורך דער גרויסער בריק, וועלכע זײַנען שטענדיק באַוואַכט(4) געווען דורך דײַטשן און דורך אוקראַיִנישער פּאָליציי.

איך האָב באַשטימט אויסצונוצן די געלעגנהייט(5) און אַרײַנצושיקן דעם טאָג עטלעכע פּאַרטיזאַנער קיין אָוורוטש, כּדי זיך גענויער צו באַקענען מיט דער שטאָט, זיך דערוויסן, וואָס פֿאַר אַ מיליטער־איינהייטן(6) זײַנען דאָרט אײַנגעקוואַרטירט און ווי איז בכלל די שטימונג אין שטאָט.

---

1. מיר — דאָ איז געמיינט דער אויטאָר, אַן אָנפֿירער פֿון אַ ייִדישער פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג, וואָס איז לעבן געבליבן און ער האָט נאָך דער מלחמה אָנגעשריבן עטלעכע ביכער וועגן פּאַרטיזאַנער־לעבן, אויך דאָס בוך, פֿון וואַנען עס איז גענומען דער דאָזיקער פֿראַגמענט.
2. אָוורוטש — אַ שטאָט אין אוקראַיִנע.
3. פֿאַרבינדלער — דאָ מיינט עס איינער פֿון די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָט געלעבט נישט אין וואַלד, נאָר אין שטאָט און האָט איבערגעשיקט אינפֿאָרמאַציעס צו די פּאַרטיזאַנער.
4. באַוואַכט — אָפּגעהיט.
5. געלעגנהייט — oportunidad.
6. איינהייט — אָפּטיילונג.

איך האָב זיך געטראָגן מיטן דרייסטן געדאַנק צו מאַכן אַן איבערפֿאַל אויף אָזורוטש און צעשטערן דאָרט די באַן־סטאַציע און די בריק. אייַנצייַטיק מיט דער גרופּע פּאַרטיזאַנער האָב איך אַרויסגעשיקט אויך מאָטעלען — ווי אַ ווייניק פֿאַרדעכטיקער(7), וועט ער קאָנען אָבסערווירן מייַנע פּאַרטיזאַנער פֿון דער ווייַטנס און באַלד איבערגעבן, אויב מיט עמעצן פֿון זיי וועט עפּעס געשען.

מאָטעלע האָט מיט זיך מיטגענומען זייַן פֿידעלע אין דעם הילצערנעם פֿוטעראַל(8) און האָט באַדאַרפֿט ווי אַ קליין בעטלערל זיך אַוועקזעצן בייַם קלויסטער שפּילן און קלייַבן נדבֿות. אויף יעדן פֿאַל האָב איך אים מיטגעגעבן אַ דאָקומענט אויפֿן נאָמען פֿון דימיטרי רובינאַ, און דער אויסרייד(9) האָט געדאַרפֿט זייַן, אַז ער גייט קיין זשיטאָמיר אויפֿזוכן זייַן פֿאָטער, וואָס געפֿינט זיך אין אַ לאַגער פֿאַר רוסישע קריגס־געפֿאַנגענע(10). דער דאָקומענט איז געווען פֿאַרזען מיט די געהעריקע שטעמפּלען(11), וועלכע עס פֿלעגט קונציק פֿעלשן איינער פֿון אונדזערע פּאַרטיזאַנער, אַ געוועזענער שטעמפּל־מאַכער.

ב

דער גרויסער קלויסטער מיטן ווייַסן, הויכן טויער אַרום אים האָט אויסגעזען ווי אַ פֿעסטונג(1) פֿון מיטלאַלטער. דער פֿראָנט מיטן אָפֿענעם, קינסטלעך־געשניצטן טויער איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ געפֿלאַסטערטן(2) פּלאַץ, וועלכער איז פֿול געווען מיט אוקראַיִנער און אוקראַיִנערינס, אָנגעטוענע אין יום־טובֿדיקע מלבושים. אין טויער זייַנען געזעסן אויף דער ערד

---

7. פֿאַרדעכטיק — sospechoso.
8. פֿוטעראַל — estuche.
9. אויסרייד — פּרעטעקסט.
10. געפֿאַנגענע — prisioneros.
11. שטעמפּל — sello.

1. פֿעסטונג — fortaleza.
2. געפֿלאַסטערט — אויסגעלייגט מיט שטיינער.



אין צוויי רייען בעטלערס און בעטלערינס. אָט זיצט אַ בלינדער לירע־שפּי־לער(3). נישט ווײַט פֿון אים זיצט אַן אינוואַליד מיט איין פֿוס. ער האַלט אַ האַרמאָניע אין די הענט און שפּילט. לעבן אים זיצט אַן אַלטע מיט אַן אַרומגעבונדענער באַק און בעט מיט אַ פֿאַרוויינטן קול רחמנות צו האָבן אויף איר און איר געבן אַ נדבֿה. אַ גאַנצע גאַלעריע פֿון בעטלערס און קאַליקעס(4) שטייען און זיצן בײַם אַרײַנגאַנג פֿון קלויסטער און מיט פֿאַרשידענע קולות און אויף פֿאַרשידענע אופֿנים פּרוּוון זיי אַרויסרופֿן צו זיך רחמנות־געפֿילן בײַ דעם יום־טובֿדיקן עולם.

מאָטעלע האָט זיך אַוועקגעזעצט דער לעצטער, אַרויסגענומען דאָס פֿידעלע און אַוועקגעשטעלט בײַ די פֿיס אַ ליימען(5) שיסעלע, וואָס ער האָט צוליב דעם געקויפֿט אויפֿן מאַרק. מאָטעלע האָט געקענט פֿיל אוקראַ־אינישע לידער: יעדן יום־טובֿ פֿלעגט ער אַ מאָל שטיין שעהענווײַז בײַ זיי אין דאָרף(6) לעבן דעם קלויסטער און זיך צוהערן צום שפּילן און זינגען פֿון די בעטלערס. ער האָט איצט אָנגעשטימט דאָס פֿידעלע, גענומען אַ פּאָר אַקאָרדן און מיט אַן אָנגענעמער שטימע אָנגעהויבן זינגען דאָס באַקאַנטע ליד פֿון דער „מוראַשקע”. מאָטעלע זינגט אָפּ אַ סטראָפֿע, דערנאָך שפּילט ער עס איבער אויף דעם פֿידל. דער עולם האָט דערהערט זײַן יונגע שטים, ווי אויך די אָנגענעמע קלאַנגען פֿון פֿידל, וועלכע האָבן זיך אַזוי אויסגע־טיילט פֿון דעם אַלגעמיינעם כאָר פֿון בעטלערס, און זיך אָנגעהויבן קלײַבן אַרום איב. ער האָט געענדיקט דאָס ליד, די פּויערים וואַרפֿן מטבעות אין דעם ליימענעם שיסעלע זײַנעם. פּויערטעס רוקן אַרײַן זיסע קיכלעך אין דער לײַוונטענער טאָרבע, וואָס מאָטל האָט געטראָגן אויף דער פּלייצע.

ג

פּלוצלינג איז געוואָרן עפּעס אַ גערודער צווישן די פֿאַרזאַמלטע. ס׳קן האָט זיך אָנגעהויבן שטופּן, מאַכנדיק אַ דורכגאַנג פֿאַר אַ דײַטשן אָפֿיציר. ווען דער אָפֿיציר האָט זיך דערנענטערט צו דעם אָרט, ווו מאָטעלע איז געזעסן, איז ער שטיין געבליבן און זיך אָנגעהויבן צוהערן צו מאָטעלעס זינגען און שפּילן. מאָטעלע האָט אים נישט באַמערקט. ווען דער אָפֿיציר האָט מיט זײַן שטעקן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, אַ ריר געטאָן מאָטעלען בײַ דעם אַקסל, האָט ער זיך אומגעקערט און, דערזעענ־דיק דעם אָפֿיציר, שנעל זיך אויפֿגעשטעלט און זיך נידעריק פֿאַר איב פֿאַרנייגט.

— „קאָם מיט” — האָט דער דײַטש באַפֿוילן.

מאָטעלע האָט אַ טאַפּ געטאָן, צי ער האָט זײַן דאָקומענט. ער האָט רויִק אַרײַנגעלייגט דאָס פֿידעלע אין קעסטל, באַהאַלטן דאָס געלט פֿון

---

3. לירע — מוזיק־אינסטרומענט.
4. קאַליקע — lisiado.
5. ליימען — פֿון ליים (barro).
6. מאָטעלע האָט געלעבט פֿריִער אין אַ דאָרף מיט זײַנע עלטערן.

שיסעלע און אַוועקגעגאַנגען מיטן אָפיציר. זיי האָבן אויסגעמיטן עטלעכע געסלעך און זײַנען צוגעקומען צו אַן איינשטאָקיקן מויער, לעבן וועלכן עס זײַנען געשטאַנען פיל לימוזינען און מאָטאָציקלען. בײַם אַרײַנגאַנג איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער דײַטש. זיי זײַנען אַרויפגעגאַנגען אויפן ערשטן שטאָק און אַרײַנגעקומען אין אַ גרויסן, ליכטיקן זאַל. אַרום פיל טישלעך, באַדעקט מיט ווײַסע טישטעכלעך, זײַנען געזעסן אָפיצירן, וועלכע האָבן געגעסן און געטרונקען און הילכיק גערעדט. אין ווינקל פון זאַל איז געשטאַנען אַ גרויסער ברוינער פאָרטעפּיאַן, בײַ וועלכן עס איז געזעסן אַן עלטערער הער, מיט לאַנגע גראָע האָר, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פראַק. דער אָפיציר האָט צוגעפירט מאָטעלען צו דעם אַלטן הער און זיך געטוישט מיט אים מיט אַ פּאָר פראַזן אויף דײַטש.

— דו קענסט נאָטן? — האָט דער אַלטער הער געפרעגט מאָטעלען אויף רוסיש.

— יאָ, — האָט מאָטעלע געענטפערט.

דער פּיאַניסט האָט אויסגעקליבן פון דעם באַרג מיט נאָטן, וועלכע זײַנען געלעגן אויפן פאָרטעפּיאַן, איין בלאַט און אַוועקגעלייגט אַנטקעגן מאָטעלען. מאָטעלע האָט אָנגעשטימט דאָס פידעלע לויטן פאָרטעפּיאַן און אָנגעהויבן שפּילן. דער אַלטער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זײַן שפּילן, אַקאָמפּאַנירנדיק שטיל, פריִער מיט איין האַנט, דערנאָך מיט ביידע.

אין זאַל איז געוואָרן שטילער און שטילער, און צום סוף איז דער זאַל פיל געוואָרן מיט לירישע קלאַנגען פון דעם מענועט, וואָס זײַנען אַרויסגעקומען פון מאָטעלעס דינע פינגער און מיטן אַקאָמפּאַנימענט פון דעם אַלטן, געניטן פּיאַניסט.

זיי האָבן געענדיקט. דער זאַל האָט אַ ציטער געטאָן פון די אַפּלאָדיסמענטן.

דער אָפיציר, וועלכער האָט געבראַכט מאָטעלען, איז געשטאַנען אַ צעשמייכלטער, אַ צופרידענער. מען האָט מאָטעלען פאָרגעלייגט בלײַבן שפּילן אין קאַנטינע, צוויי שעה בעתן מיטאָג-עסן, און אין אָוונט פון 7 ביז עלף אַ זייגער, און דערפאַר וועט מען אים געבן צוויי מאַרק יעדן טאָג און מיטאָג מיט אָוונטברויט.

מאָטעלע האָט זיך נישט געקענט דעצידירן, וואָס ער האָט צו טאָן. צוערשט האָט ער געטענהט, אַז ער מוז גיין קיין זשיטאָמיר אַפּזוכן זײַן פאָטער, אַז אין דער היים איז געבליבן אַ קראַנקע מוטער מיט דרײַ קליינע קינדער, אָן מיטלען צום לעבן, און אַז ער איז זייער איינציקער שפּײַזער. דער אָפיציר האָט אים צוגעזאָגט אָנצושרײַבן צו דעם זשיטאָמירער אָרטקאָמענדאַנט וועגן זײַן פאָטער, און אויב ער איז באמת אין לאַגער פאַר קריגס-געפאַנגענע, וועט מען אים איבערפירן קיין אָוורוטש. מאָטעלע האָט געמוזט אײַנגיין דערויף און ער איז געבליבן שפּילן אין קאַנטינע.

ד

נאָכן שפּילן איז ער אַוועקגעגאַנגען צו אונדזער פֿאַרבינדלער קיריל און אים געשיקט צו מיר איבערצוגעבן וועגן דער געשאַפֿענער לאַגע. איך האָב אים באַפֿוילן דאָרט צו בלײַבן, אַלץ אָבסערווירן, זײַן פֿאָרזיכטיק און מיר אינפֿאָרמירן אַלץ דורך קירילן.

די קאַנטינע איז געווען איינע פֿון די פֿיל, וואָס די דײַטשן האָבן אײַנגעאָרדנט אויף די וועגן, דורך וועלכע עס האָט זיך געצויגן דאָס דײַטשע מיליטער. דאָרטן האָבן די אָפֿיצירן און סאָלדאַטן פֿאַר שפּאָט-ביליקע פּרײַזן געקריגן דאָס בעסטע עסן, די איידלסטע פֿראַנצויזישע ווײַנען. דאָס איז געשאַפֿן געוואָרן, כּדי צו פֿאַרשיכּורן די דײַטשן און שאַפֿן אַ געהויבענע שטימונג בײַ די סאָלדאַטן, וועלכע זײַנען געגאַנגען אויף דעם „אָסט-פֿראָנט"(1), פֿון וואַנען ווייניק האָבן זיך צוריקגעקערט גאַנץ.

מאָטעלע האָט געשפּילט אין קאַנטינע און האָט פֿאַרצייכנט אין זיכּרון די נומערן פֿון די מיליטערישע אײַנהײַטן, לויט די אוניפֿאָרמען פֿון די דײַטשן, וועלכע זײַנען אָפּגעשטיגן(2) אין קאַנטינע אויפֿן וועג צום פֿראָנט. ער האָט אומבאַמערקט זיך אײַנגעהערט צו די שמועסן פֿון די אָפֿיצירן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פֿון פֿראָנט. צווישן מיטאָג און אָוונט איז ער אַרומגעגאַנגען איבער אָוורוטש, געלייענט די שילדן(3) פֿון די דײַטשע אינסטיטוציעס, געקוקט, וואָס אויף וועלכער גאַס עס האָט זיך געפֿונען, און אַלע אינפֿאָרמאַציעס האָט ער מיר שפּעטער איבערגעגעבן דורך קירילן. דער פֿאַרוואַלטער(4) פֿון דער קאַנטינע איז געווען זייער צופֿרידן פֿון דעם טאַלענטירטן, באַשיידענעם, יונגן מוזיקער. דער אַלטער פּיאַניסט האָט זיך גיך זייער באַפֿרײַנדעט מיט מאָטעלען און באַוווּנדערט זײַנע מוזיקאַלישע פֿעיִקייטן.

אַזוי זײַנען אַריבער צוויי וואָכן. איין מאָל האָט דער אָרט-קאָמענדאַנט, וועלכער פֿלעגט יעדן אָוונט פֿאַרברענגען אין קאַנטינע, באַפֿוילן מאָטעלען צו קומען מאָרגן, נײַן פֿרי, צו אים אין קאַנצעלאַריע(5). אַ ביסל אַ דערשראָקענער איז מאָטעלע געקומען צום אָרט-קאָמענדאַנט, וועלכער האָט אים אָבער זייער פֿרײַנדלעך אויפֿגענומען און, אַרײַנרופֿנדיק אַ מיליטערישן שנײַדער, באַפֿוילן אים אויפֿצונייען פֿאַר דעם יִנגל אַ מיליטערישן מונדיר און אַ היטל פֿון דעם זעלבן שטאָף. אין עטלעכע טעג אַרום איז מאָטעלע געקומען אין קאַנטינע, אָנגעטאָן ווי אַ דײַטש קליין סאָלדאַטל, און דאָס האָט אַרויסגערופֿן גרויס צופֿרידנקייט בײַ אַלע געסט.

---

1. אָסט-פֿראָנט — דער מזרח-פֿראָנט פֿון דער מילחמה, מיט רוסלאַנד.
2. אָפּשטײַגן — אָפּשטעלן זיך.
3. שילדן — אויפֿשריפֿטן.
4. פֿאַרוואַלטער — דירעקטאָר.
5. קאַנצעלאַריע — אַדמיניסטראַציע.

מיטאָג און אָוונטברויט האָט מאָטעלע געגעסן אין דער קיך, וועלכע האָט זיך געפֿונען אין דעם קעלער. אַראָפּגייענדיק פֿון ערשטן שטאָק, האָט מען געמוזט דורכגיין דורך אַ שוואַך באַלויכטענעם קאָרידאָר. אין דער רעכטער זײַט איז געווען די קיך און די בעקערײַ. אין דער לינקער זײַט זײַנען געווען, ווי עס ווײַזט אויס, סקלאַדן(6). דער דיקער קוכער(7) האָט מאָטעלען געגעבן די געשמאַקסטע מאַכלים צו עסן און דערפֿאַר האָט אים מאָטעלע געשפּילט אויף דעם פֿידל זײַן באַליבט ליד „ראָז־מאַרי״.

ה

איין מאָל, אַרויסגייענדיק נאָך מיטאָג פֿון דער קיך, האָט מאָטעלע באַמערקט, ווי איין טיר פֿון די מאַגאַזינען איז געווען אויפֿגעעפֿנט. פֿון נײַגעריקייט(1) האָט מאָטעלע אַהין אַרײַנגעקוקט. בײַ דער קאַרגער שײַן פֿון דעם איינציקן פֿאַרקראַטעוועטן(2) פֿענצטערל האָט ער דערזען אַ גרויסן קעלער, וועלכער איז געווען אָנגעפּאַקט מיט ליידיקע קעסטלעך פֿון ווײַן, פֿעסלעך פֿון הערינג און אַנדערע אומנייטיקע זאַכן, וואָס זײַנען געווען אָנגעשטעלט אין אומאָרדענונג. די וואַנט קעגנאיבער דעם אַרײַנגאַנג איז געווען צעשפּאָלטן. ווײַזט אויס, אַז בשעתן באָמבאַרדירן די שטאָט, האָט ערגעץ נאָענט אויפֿגעריסן אַ באָמבע, און פֿון דער אויפֿטרייסלונג האָט געפּלאַצט די וואַנט. דער שפּאַלט אין וואַנט האָט זיך געצויגן אין דער קרום פֿון רעכטס אויף לינקס.

מאָטעלע, וואָס פֿלעגט זיך שטענדיק מיט קאָפּ צוהערן צו די דערציילונגען פֿון די פּאַרטיזאַנער וועגן פֿאַרשידענע סאַבאָטאַזש־אַקטן זייערע און ער איז שטענדיק געווען אונטערן אײַנדרוק פֿון דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט, איז געבליבן שטיין, ווי אַ צוגעשמידטער. אַ געדאַנק איז אים דורכגעלאָפֿן אין מוח, אַז ווען מע לייגט אַרײַן אין דעם שפּאַלט אַ מינע, וואָלט מען געקענט אויפֿרײַסן(3) דעם גאַנצן מויער צוזאַמען מיט די פֿאַרהאַסטע(4) דײַטשע אָפֿיצירן. דער געדאַנק האָט אים שוין נישט געלאָזט צו רו. און אַלע מאָל, ווען ער איז דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, פֿלעגט ער אַרײַנקוקן אין קעלער און טראַכטן וועגן אַזאַ מין אויפֿרײַס. מאָטעלע האָט שנעל דורך קירילן מיר איבערגעגעבן וועגן זײַן פּלאַן. דער געדאַנק איז מיר געפֿעלן געוואָרן, און איך האָב דעלעגירט פּאַפּאָוון, אונדזער „פֿאַבריקאַנט פֿון מינעס״, אויף זיך צוזאַמענטרעפֿן מיט מאָטעלען און דערוויסן זיך גענויער וועגן דער זאַך.

---

6. סקלאַד — מאַגאַזין (almacén).
7. קוכער — דער וואָס קאָכט.
1. נײַגעריקייט — פֿאַראינטערעסירטקייט.
2. פֿאַרקראַטעוועט — מיט קראַטעס (rejas).
3. אויפֿרײַסן — hacer estallar.
4 פֿאַרהאַסטע — מע האָט זיי פֿײַנט.

עס האָט זיך דעמאָלט גראָד אָנגעהויבן די שניטצײַט(5). פויערים זײַנען געפֿאָרן פֿון אָוורוטש אין פֿעלד און צוריק; די וואָך(6) בײַם אַרויספֿאָרן פֿון שטאָט האָט דעריבער ווייניקער קאָנטראָלירט. קיריל האָט אָנגעלייגט אַ וואָגן מיט שטרוי און איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון שטאָט אין פֿעלד אַרײַן. דער דײַטש, וואָס האָט דורכגעלאָזט קירילן איבער דעם בריק, האָט זיך אַפֿילו נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז אונטער דער שטרוי ליגט אַ ייִדיש ייִנגעלע, וועלכער פּלאָנעוועט אויפֿצורײַסן די קאָנטינע. פֿינף קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט, האָט שוין געוואַרט פּאָפּאָוו. מאָטעלע האָט אים פֿאַרגעשטעלט זײַן פּלאַן. פּאָפּאָוו האָט גענוי אויסגעפֿרעגט וועגן דער דיק(7) פֿון די ווענט, צי זיי זײַנען געמויערט פֿון ציגל(8) אָדער שטיינער, ווי ווײַט וועט ער דאַרפֿן אָוועקלויפֿן נאָכן אונטערצינדן דעם קנויט(9) און נאָך אַנדערע דעטאַלן. דערנאָך האָט פּאָפּאָוו אויסגערעכנט, אַז מע דאַרף דערויף ביז 18 קילאָגראַם טאָל, דער איינציקער אויפֿרײַס-מאַטעריִאַל(10), וואָס איך האָב דעמאָלט געהאַט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט פּאָפּאָוו געבראַכט אויף דעם זעלבן אָרט אַ זאַק מיט טאָל. קיריל האָט ווידער אַ מאָל געבראַכט מאָטעלען, און פּאָפּאָוו האָט אים אָנגעהויבן לערנען, ווי אַזוי צונויפֿצולייגן די ציגעלעך פֿון טאָל אויף צו מאַכן פֿון זיי אַ מינע, ווי אַזוי אַרײַנצוטאָן דעם דעטאָנאַטאָר אאַז"וו. נאָך דער לעקציע האָט קיריל איבערגעפֿירט מאָטעלען צוזאַמען מיט דעם טאָל צו זיך אין דער וווינונג.

איצט איז געבליבן נישט קיין לײַכטע אויפֿגאַבע אַריבערצוטראָגן דעם אויפֿרײַס-מאַטעריִאַל אין קעלער פֿון קאָנטינע. נאָר מאָטעלע האָט דערצו אויך געפֿונען אַן עצה: ווען ער האָט נאָכן אָונטברויט זיך געזעגנט מיטן קוכער און אַרויסגעגאַנגען מיטן פֿידעלע אונטער דער האַנט, איז ער, דורכגייענדיק דורך דער טיר פֿון קעלער, שנעל אַרײַן אַהין, אַרויסגעכאַפּט דאָס פֿידעלע פֿון קעסטל און עס אַרײַנגעלייגט אין אַ ליידיקער פֿאַס און, ווי קיין מאָל גאָרנישט, אַרויסגעגאַנגען פֿון דער קאָנטינע מיטן ליידיקן קעסטל. דעם צווייטן טאָג, ווען ער איז געקומען פֿאַר מיטאָג שפּילן אין קאָנטינע, האַלטנדיק אונטער דעם אָרעם דאָס קעסטעלע, איז אָנשטאָט דעם פֿידעלע דאָרט געלעגן פֿון דרײַ ביז פֿיר קילאָגראַם טאָל. איידער ער איז אַרויפֿגעגאַנגען שפּילן, איז ער, ווי יעדן טאָג, פֿריִער אַראָפּגעגאַנגען אין קיך עסן מיטאָג. אַרומקוקנדיק זיך פֿאַרזיכטיק אויף אַלע זײַטן איז ער אַרײַן אין קעלער, אַרויסגעלייגט דעם טאָל און צוריק אַרײַנגעלייגט אין

---

5. שניטצײַט — ווען מע נעמט אַראָפּ די תּבֿואה.
6. וואָך — דאָ: די היטערס.
7. דיק — גראָב.
8. ציגל — ladrillo.
9. קנויט — mecha.
10. אויפֿרײַס-מאַטעריאַל — explosivos.

קעסטעלע דאָס פֿידעלע. אַזוי אַרום האָט ער אין עטלעכע טעג אַריבערגע־
טראָגן אַלע 18 קילאָגראַם טאָל אין קעלער. שפּעטער האָט ער בײַ יעדער
געלעגנהײַט זיך אַראָפּגעלאָזט אַהין, מיט דער האַנט אַרויסגענומען עט־
לעכע שטיינער פֿון דער וואַנט, כּדי צו מאַכן אַ גרעסער אָרט פֿאַר דער מינע.
ער האָט אויסגעלייגט, ווי פּאָפּאָוו האָט אים געלערנט, דעם טאָל, אַרײַנגע־
שטעלט דעם דעטאָנאַטאָר מיטן לאַנגן קנויט און אַלץ פֿאַרמאַסקירט. עס
איז געבליבן בלויז אונטערצוצינדן דעם עק פֿון קנויט, און ער וועט אויספֿירן
דעם אַקט פֿון נקמה, וועגן וועלכן מאָטעלע האָט שטענדיק געטרוימט(11).

מאָטעלע האָט יעדע פֿרײַע צײַט צוזאַמען מיט קירילן באַטראַכט די
דעטאַלן פֿון דעם סאַבאָטאַזש. יעדן טאָג פֿלעגן זיי גיין צום טײַך כּלו־
מרשט(12) כאַפּן פֿיש אָדער זיך באָדן, און פֿאַקטיש האָבן זיי געזוכט אַ
נישט־טיף אָרט אויף דורכצוגיין, בשעת מאָטעלע וועט נאָך דעם אויפֿרײַס
דאַרפֿן פֿאַרלאָזן די שטאָט. זיי האָבן גענוי אָפּגערעדט דורך וועלכע געס־
לעך און גערטנער ער וועט צולויפֿן צום טײַך און אויף וועלכן אָרט, אויף
יענער זײַט, וועלן אויף אים אָפּוואַרטן די פּאַרטיזאַנער, כּדי אים אַוועק־
צופֿירן אין וואַלד. אַלץ איז געווען גרייט, מאָטעלע האָט בלויז געוואַרט
אויפֿן געהעריקן מאָמענט.

ו

דער דאָזיקער מאָמענט איז שנעל געקומען.

אין דער קאַנטינע איז יענעם טאָג געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג. עס
האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. מען האָט דערוואַרט הויכגעשטעלטע(1)
געסט. אַן „עסעס"־דיוויזיע(2) האָט געדאַרפֿט אַוועקגיין אויפֿן מזרח־פֿראָנט.
די קוואַרטיר־אָפֿיצירן האָבן שוין צוגעגרייט אין שטאָט וווינונגען פֿאַר די
אָפֿיצירן און סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געדאַרפֿט דאָ איבערנעכטיקן. מי־
טאָג און אָוונטברויט האָבן די אָפֿיצירן געזאָלט עסן אין דער קאַנטינע.

דער פּאַרקעט אין זאַל פֿון קאַנטינע האָט געגלאַנצט ווי אַ שפּיגל;
אויף די טישלעך, באַדעקטע מיט שניי־ווײַסע טישטעכלעך, זײַנען גע־
שטאַנען בלומען. די קעלנערקעס(3) האָבן אויסגעזען גאָר יום־טובֿדיק.
אויפֿן בופֿעט זײַנען געשטאַנען גאַנצע באַטעריעס מיט ווײַנען, קאָניאַקן
און שאַמפּאַניער.

---

11. געטרוימט — פֿאַנטאַזירט.
12. כּלומרשט (קלאָמערשט) — dizque.
1. הויכגעשטעלטע — זייער וויכ־טיקע.
2. „עסעס" — ספּעציעלע אָפּטיילונגען פֿון היטלעריסטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע ברוטאַלקייט, באַזונדערס צו ייִדן.
3. קעלנערקעס — וואָס באַדינען צום טיש אין אַ רעסטאָראַן.

אַרום דרײַ אַ זייגער נאָך מיטאָג האָבן אָנגעהויבן צופֿאָרן צו דער קאַנטינע אויטאָס און מאָטאָציקלען, און די זאַלן זײַנען פֿאַרפֿולט געוואָרן מיט די עלעגאַנטע, אויסגעפּוצטע אָפֿיצירן פֿון ס"ס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן עסן און טרינקען. באַלד האָבן זיך דערהערט הילכיקע געלעכטערס, קלאַנגען פֿון די באָקאַלן(4), און איבער אַלעמען האָט זיך געטראָגן מאָטעלעס שפּילן אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פֿון פֿאַרטעפּיאַן.

די אָפֿיצירן פֿאַרווײַלן זיך, זינגען. פֿון צײַט צו צײַט באַפֿעלן זיי צו שפּילן טאַנגאָס, וואַלסן — און זיי טאַנצן. מאָטעלע שפּילט מיט קליינע איבעררײַסן דעם גאַנצן נאָכמיטאָג. עס איז שוין אַכט, עס איז שוין נײַן; עס איז שוין צען אַ זייגער אַוונט!... דורכן געדיכטן רויך פֿון די גראָבע ציגאַרן, וואָס אַלע רייכערן, זעט מאָטעלע די רויטע, באַטרונקענע פּנימער פֿון די אָפֿיצירן, ער הערט די שיכּורע קולות און געזאַנגען. יעדעס מאָל גייט צו די מוזיקאַנטן צו אַן אַנדער אָפֿיציר און באַפֿעלט שפּילן „זײַן ליד"... די פֿינגער טוען שוין מאָטעלען וויי פֿון שפּילן. די אויגן טרערן פֿונעם רויך פֿון די ציגאַרן, נאָר מאָטעלע שפּילט. „הײַנט שפּיל איך פֿאַר אײַך דאָס לעצטע מאָל", — טראַכט ער. נאָך יעדן ליד אַפּלאָדירט דער צופֿרידענער, שיכּורער עולם, און מאָטעלע שמייכלט צו זיי און טראַכט בשעת מעשׂה: „טרינקט, עסט, פֿרייט זיך, פֿאַרשאָלטענע דײַטשן — דאָס זײַנען אײַערע לעצטע שעהען. איך וועל אײַך צום סוף אָפּשפּילן נאָך איין ליד, מײַן אייגן ליד"....

ז

עלף אַ זייגער האָט דער אַלטער פּיאַניסט, וואָס איז שוין אויך מיד געווען, געפּועלט(1) בײַ דעם פֿאַרוואַלטער פֿון קאַנטינע צו ענדיקן דאָס שפּילן. אַבער עס האָבן זיך געפֿונען אָפֿיצירן, וואָס האָבן געקענט שפּילן פּיִאַנאָ, און די פֿאַרווײַלונג איז ווײַטער אָנגעגאַנגען.

מאָטעלע איז, ווי געוויינלעך, אַראָפּגעגאַנגען אין קיך עסן אַוונטברויט. פֿון דענערווירונג האָט ער נישט געקענט עסן דעם געשמאַקן קאָטלעט, וואָס דער קוכער האָט אים דערלאַנגט. ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט דערמיט, וואָס ער איז שטאַרק מיד פֿון די 3 שעה שפּילן אָן איבעררײַס. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך געזעגנט מיטן קוכער און איז אַרויס פֿון קיך.

אין קאָרידאָר איז געווען פֿינצטער. ער האָט אָנגעטאַפּט די טיר פֿון קעלער, אַרײַנגעגאַנגען אינעווייניק. ער האָט אָנגעטאַפּט דעם עק פֿון קנויט בײַ דער מינע און אים אונטערגעצונדן. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז ער אַרויס פֿון קעלער און גיך דורכגעלאָפֿן דעם קאָרידאָר. ווען ער

---

4. באָקאַלן — גלעזלעך, כּוסות.

1. געפּועלט (געפּויעלט) — אויסגעפֿירט.

איז שוין געווען בײַם אַרויסגאַנג פֿון קאַנטינע, האָט ער פֿאַרקלענערט די טריט און פֿאַרבײַגעגאַנגען רויִק דעם דײַטש, וואָס האָט באַוואַכט דעם אַרײַנגאַנג. ער האָט זיך אַפֿילו דערלויבט צו מאַכן אַ וויץ...

מאָטעלע איז אַרויס פֿון דער קאַנטינע און גיך פֿאַרשוווּנדן אין דער נאַכט-פֿינצטערניש. „באַלד וועט אויפֿרייסן, — האָט ער געטראַכט, — שנעלער אַוועק, וואָס ווייטער פֿון דעם אָרט!”... מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז ער געלאָפֿן דורך די באַקאַנטע געסלעך צום טײַך.

ווען ער איז אָפּגעלאָפֿן אַ צוויי הונדערט טריט, האָט ער דערהערט אַ שרעקלעכן קנאַל. די ערד האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. די שויבן אין אַלע הײַזער אַרום זײַנען אַרויסגעפֿלויגן. באַלד האָט זיך דערהערט אַ פּײַפּערײַ, אַ ליאַרעם פֿון סירענעס, און דרײַ רויטע ראַקעטעס זײַנען אַרויסגעפֿלויגן אין דער לופֿט, באַלויכטנדיק די גאַנצע שטאָט מיט אַ בלוט-רויטער שײַן. מאָטעלע האָט זיך געטוליעט(2) צו די ווענט פֿון די מויערן און מיט אַ געמישטן געפֿיל פֿון פֿרייד און שרעק איז ער צוגעלאָפֿן צום טײַך. ער איז אַרײַן אין קאַלטן וואַסער, וואָס האָט אים ערטערווײַז דערגרייכט ביזן האַלדז, האַלטנדיק מיט ביידע הענט דאָס פֿידעלע איבערן קאָפּ. ווען מאָטעלע איז שוין געווען אין מיטן טײַך, האָט ער זיך אומגעקוקט און דערזען אַ גרויס פֿײַער, וואָס האָט זיך אויפֿגעהויבן איבער דער שטאָט, פֿאַרנעמענדיק אַלע ווײַלע אַ גרעסער שטיק הימל.

מאָטעלע האָט אין דעם מאָמענט פֿאַרגעסן אין דער שרעק. ער איז געווען דורכגענומען בלויז מיט פֿרייד און נקמה-געפֿיל.



אויף דעם צווייטן ברעג, אונטער אַ בערגל, האָט געוואַרט אויף אים אַ וואָגן מיט די בעסטע פֿערד פֿון אונדזער אָפּטייל און פֿינף באַוואָפֿנטע פּאַרטיזאַנער. צען הענט האָבן אַ כאַפּ געטאָן דאָס ייִנגל און אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין וואָגן. די פֿערד האָבן מיט אַ ווילדן גאַלאָפּ זיך אַ ריס געטאָן פֿון דעם אָרט, און דער וואָגן איז גיך פֿאַרשוווּנדן אין דעם נאָענטסטן וואַלד. פֿון גרויס אויפֿרעגונג האָט מאָטעלע די ערשטע פּאָר מינוט נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסרעדן, נאָר צו ביסלעך האָט ער זיך באַרויִקט און, דערזעענדיק דעם רויטן הימל צווישן די שיטערע צווײַגן, האָט ער פֿאַרבײַלט די פּויסטן(3) און מיט אַ ציטער אין דער שטימע אויסגעשריִען: „דאָס איז פֿאַר מײַנע עלטערן און פֿאַר מײַן קליין שוועסטערל באַשעלע!”

(פֿון דעם בוך „מאָטעלע, דער יונגער פּאַרטיזאַן”)

---

2. געטוליעט — צוגעדריקט.

3. פּויסט — puño.



ייִדישע פּאַרטיזאַנען פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה

# חנן קיעל — פּאַרטיזאַנען

שלאָפֿן נאָך דאָרפֿישע כאַטעס(1),
ס׳בילן די הינט אין די פֿעלדער,
ייִדן מיט פּעק און מיט שמאַטעס
לויפֿן אַרײַן אין די וועלדער.

שטיל, ווי די גראָזן און בלעטער
אויף פּוילישע לאָנקעס און לאַנען(2);
אַוועק זײַנען ייִדן פֿון געטאָ
אויף לעבן און טויט — פּאַרטיזאַנען.

צו לעבן מיט ווילדע געוויקסן
און וואַרטן אויף סוף פֿון מלחמה,
אַרויסגיין פֿון וועלדער מיט ביקסן
צו צאָלן פֿאַר טויט מיט נקמה.

פֿאַר לעבנס אַ חשבון צו מאָנען,
נישט לאָזן זיי רויִקע שלאָפֿן,
מיר קומען די רוצחים(3) דערמאָנען,
אַז ס׳לעבן נאָך ייִדן מיט וואָפֿן(4).

שלאָפֿן נאָך דאָרפֿישע כאַטעס,
ס׳בילן די הינט אין די פֿעלדער,
ייִדן מיט ביקסן, גראַנאַטן
קריכן אַרויס פֿון די וועלדער.

---

1. כאַטע — קליין שטיבל.
2. לאַן — פֿעלד; לאָנקע — prado.
3. רוצחים — מערדערס, באַנדיטן.
4. וואָפֿן — געווער (armas).




# לכבוד

# יום




# העצמאות

# די דעקלאַראַציע פֿון אומאָפּהענגיקייט

דעם 29סטן נאָוועמבער 1947 האָט די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער אָנגענומען אַ באַשלוס אויפֿצושטעלן די ייִדישע מדינה אין ארץ ישׂראל. זי האָט אויפֿגעפֿאָדערט(1) די איינוווינער פֿון ארץ ישׂראל אָנצונעמען אַלע נייטיקע טריט דורכצופֿירן דעם באַשלוס. אָט די אָנערקענונג(2) מצד די פֿאַראייניקטע פֿעלקער, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט דאָס רעכט אויפֿצושטעלן זײַן מדינה — קען מער נישט אָפּגעשאַפֿט ווערן. דאָס איז דאָך דאָס נאַטירלעכע רעכט פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק צו זײַן ווי יעדער אַנדער פֿאָלק, צו זײַן אַן אומאָפּהענגיק(3) פֿאָלק אין דעם אייגענעם לאַנד.

דערפֿאַר זײַנען מיר זיך צונויפֿגעקומען, מיר — די מיטגלידער פֿון ועד לאומי(4), וואָס פֿאַרטרעטן דעם ייִדישן ייִשובֿ און די ציוניסטישע באַוועגונג — אין דעם טאָג ווען עס הערט אויף דער בריטישער מאַנדאַט(5) איבער ארץ ישׂראל, פּראָקלאַמירן מיר די גרינדונג(6) פֿון דער ייִדישער מדינה אין ארץ ישׂראל, פֿון מ ד י נ ת   י ש ׂ ר א ל .

מדינת ישׂראל וועט זײַן אָפֿן פֿאַר אַלע ייִדישע אימיגראַנטן און וועט צונויפֿנעמען ייִדן פֿון אומעטום. זי וועט אַנטוויקלען דאָס לאַנד לטובֿת אַלע אירע איינוווינער. זי וועט זײַן געבויט אויף יסודות(7) פֿון פֿרײַהײַט, פֿון גערעכטיקייט און שלום, לויט די זעונגען(8) פֿון די נבֿיאים פֿון ישׂראל. זי וועט אויפֿהאַלטן פֿולע און גלײַכע געזעלשאַפֿטלעכע און מלוכהשע רעכט

---

1. אויפֿגעפֿאָדערט — גערופֿן.
2. אָנערקענונג — reconocimiento.
3. אומאָפּהענגיק - independiente.
4. ועד לאומי — דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיטן ייִדישן ייִשובֿ אין ארץ־ישׂראל פֿאַרן אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל.
5. מאַנדאַט — ענגלאַנד האָט גע־הערשט אין ישׂראל אויף דער באַזע פֿון אַ מאַנדאַט (איבער־געבונג) פֿון דער פֿעלקער־ליגע.
6. גרינדונג -- אויפֿשטעלונג.
7. יסודות — באַזעס.
8. זעונג — וויזיע.

פֿאַר אַלע אירע איַינוווינער, אָן אונטערשייד פֿון גלויבן(9), פֿון געוויסן(10), פֿון שפּראַך, פֿון דערציִונג און קולטור. זי וועט אָפּהיטן אַלע ערטער, וואָס זיַינען הייליק פֿאַר אַלע גלויבנס. זי וועט זיַין געטריַי(11) די פּרינציפּן פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער.

מיט בטחון אין גאָט, דעם פֿעלדז(12) פֿון ישׂראל, שריַיבן מיר אונטער די דאָזיקע דעקלאַראַציע אויף דער זיצונג פֿון דעם ציַיטווייַליקן(13) מדינה־ראַט, אויף דער ערד פֿון דעם היימלאַנד, אין דער שטאָט תּל־אָבֿיב, הייַנט, ערבֿ שבת, פֿינף טעג אין אייר, תּש״ח, דעם 14טן מאַי 1948.

---

9. גלויבן — רעליגיע.
10. געוויסן — conciencia.
11. זיַין געטריַי — אָפּהיטן.
12. פֿעלדז — roca.
13. ציַיטווייַליק — פּראָוויזאָריש.



דוד בן־גוריון און משה שרת בײַם אונטערשרײַבן די דעקלאַראַציע פֿון אומאָפּהענגיקייט

## י. גויכבערג | זײַט געגריסט!

פֿון אַ לאַנד, וואָס ליגט ווײַט איבער ימען,
כ׳שיק אַ האַרציקן וואַרעמען בריוו
צו די ברידערלעך, שוועסטערלעך מײַנע
אין דער ייִדישער שטאָט תּל־אָבֿיבֿ!

עס האָבן די זיידעס געחלומט,
אַ ליכטיקן חלום געהאַט:
אַ היים פֿאַר די זין פֿון ישׂראל
צו לעבן געזיכערט(1) און זאַט.

איר האָט מיטן אייגענעם אָטעם
געטריקנט די זומפּן(2) פֿון לאַנד,
די שטיינער און דערנער(3) געריסן
מיט מידער, צעבלוטיקטער האַנט.

געזוייקט(4) און געבאָדן די זאַמדן,
ביז וואַנען די ערד האָט דערוואַכט(5),
און ס׳האָבן די פֿרוכטן און גרינסן
זיך זוניק און פֿריידיק(6) צעלאַכט.

געהאָפּט און געבעטן אויף שלום,
נאָר מוטיק און זיכער און פֿעסט(7)
געגרייט זיך אַנטקעגן דעם שׂונא
צו שיצן(8) די אייגענע נעסט(9).

איצט קוועלט אָן(10) מײַן האַרץ פֿון דער ווײַטנס,
און ס׳רײַסט זיך אַרויס פֿון מײַן בריוו:
מײַן ברכה אויף אײַך, מײַנע ליבע,
אין דער זוניקער שטאָט תּל־אָבֿיבֿ!

---

1. געזיכערט — זיכער, רויִק.
2. זומפּ — pantano.
3. דערנער — espinas.
4. געזווייקט — באַגאָסן.
5. דערוואַכט — אויפֿגעוועקט זיך.
6. פֿריידיק — פֿריילעך.
7. פֿעסט — שטאַרק.
8. שיצן — היטן, פֿאַרטיידיקן.
9. נעסט — nido.
10. אָנקוועלן — דאָ: זײַן פֿריילעך.

| א נײַער יום־טובֿ ווערט געהייליקט | לעווין קיפּניס |
|---|---|

**א**

ווען מדינת ישׂראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, איז אָנגעזאָגט גע־וואָרן די גרויסע בשׂורה(1): „אַ נײַער יום־טובֿ ווערט געהייליקט: חג העצמאות!"

— אַ נײַער יום־טובֿ! אַ נײַער יום־טובֿ! — האָט די בשׂורה דער־גרייכט(2) די גאַנצע וועלט און דערגאַנגען ביז צום הימל.

האָבן די ייִדישע ימים־טובֿים דערהערט די בשׂורה, זײַנען זיי געקומען אַלע צו לויפֿן און גערופֿן איינער צום צווייטן:

— מיר האָבן אַ נײַעם ברודער, נאָר־וואָס געבוירן געוואָרן. לאָמיר גיין אים בענטשן און אויך אַ מתּנה אים ברענגען!

האָט יעדער יום־טובֿ אָנגעטאָן זײַנע יום־טובֿדיקע קליידער, זיך אויס־געפּוצט און געגאַנגען זיך פֿאָרשטעלן פֿאַר אים.

דער נײַער יום־טובֿ — חג העצמאות — איז געזעסן אויף זײַן הויכן קרוינשטול(3), באַלויכטן מיט אַ וווּנדערלעכער שײַן. די יום־טובֿ־ברידער זײַנען געקומען, אים געבענטשט, און יעדער באַזונדער האָט אים דערלאַנגט זײַן מתּנה.

קומט דער ערשטער ברודער, דער עלטסטער, און זאָגט:

— איך, „ראש־השנה", בין דער ערשטער יום־טובֿ. ווען איך קום, בענטש איך די ייִדן מיט אַ גוט־זיס יאָר. מען רופֿט מיך אויך „יום־תּרועה", ווײַל אין דיביידע טעג ראש־השנה בלאָזט מען שופֿר. איצט בין איך געקומען דיך בענטשן, און אַ מתּנה ברענג איך דיר — אַ **שופֿר!**

— איך בין „יום־כּיפּור" — אַ טאָג פֿון בעטן פֿאַרגעבונג(4) און פֿון פֿאַסטן, — זאָגט דער צווייטער ברודער, — אין שול צינדט מען אָן גרויסע ליכט. אָט אַזאַ ליכט, אַ נר־זיכּרון, האָב איך דיר געבראַכט אַ מתּנה!

גייט צו דער דריטער ברודער:

---

1. בשׂורה — וויכטיקע נײַעס.
2. דערגרייכט — דאָ: אָנגעקומען.
3. קרוינשטול — טראָן.
4. פֿאַרגעבונג — אַנטשולדיקונג.

— איך בין „חג הסוכּות". זיבן טעג זיץ איך אין סוכּה, בענטש אתרוג און לולב. אויפֿן אכטן טאָג איז שׂמחת־תּורה. ייִדן זינגען פֿריילעך און ייִדישע קינדער טראָגן שיינע פֿאָנען. אַ פֿאָן האָב איך דיר געבראַכט אַ געשאַנק!

דער פֿערטער ברודער איז צוגעקומען:

— איך בין דער ליכט־יום־טובֿ, מע רופֿט מיך „חנוכּה". אַכט טעג נאָך אַנאַנד צינדט מען אָן ליכטלעך אין יעדער ייִדישער שטוב. ייִדישע קינדער עסן לאַטקעס, שפּילן אין דריידל, און מע גייט אַרויס אויפֿן גאַס אין אַ פּאַראַד פֿון פֿאַקלען. מײַן געשאַנק(5) איז אַ פֿײַער־פֿאַקל!

זאָגט דער פֿינפֿטער ברודער:

— „טו־בשבֿט" איז מײַן נאָמען. איך בין אַ ביימער־יום־טובֿ. ווען איך קום, עסט מען גוטע פֿרוכטן, און די קינדער גייען אַרויס אין ווײַנגערטנער און פּרדסים(6) אָדער אויף די הויכע בערג דאָרט פֿלאַנצן ביימעלעך. איך האָב דיר אַ געשאַנק געבראַכט — אַ ביימעלע!

מיט געזאַנג און מיט טאַנץ קומט דער זעקסטער ברודער:

— איך בין „פּורים", אַ פֿריילעכער יום־טובֿ פֿאַר רײַך און אָרעם. מע טוט אָן מאַסקעס, מען עסט המן־טאַשן, מע גראַגערט, און אין שול לייענט מען די מגילה. מײַן געשאַנק פֿאַר דיר — אַ מגילה!

גייט צו דער זיבעטער ברודער:

— „פּסח" איז מײַן נאָמען, אַ פֿרילינג־יום־טובֿ — אַכט טעג. אין מײַן ערשטער נאַכט מאַכט מען אַ סדר אין יעדער ייִדישער שטוב. דער טיש איז זייער שיין געגרייט, אין מיטן — אַ פּסח־טעלער. מע טרינקט ווײַן, מען עסט מצה, מע פֿאַרזוכט מרור, מע זאָל געדענקען, ווי מען האָט פֿאַרביטערט(7) דאָס לעבן פֿון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין מצרים. איך האָב דיר געבראַכט אַ געשאַנק — אַ פּסח־טעלער!

זאָגט דער אַכטער ברודער:

— איך בין „ל"ג־בעומר", דער יום־טובֿ פֿון העלדישקייט(8). ייִדישע קינדער גייען אַרויס אין פֿרײַען פֿעלד מיט פֿײַל־און־בויגן(9), מע צינדט אָן שײַטערס(10), מע זינגט און מע טאַנצט ביז שפּעט אין דער נאַכט. מײַן מתּנה איז — אַ שײַטער!

דער לעצטער ברודער, דער נײַנטער, זאָגט:

— „שבֿועות" איז מײַן נאָמען, חג פֿון מתּן־תּורה. מײַן צווייטער נאָמען איז חג הביכּורים. ייִדישע קינדער ברענגען די ערשט־צײַטיקע גרינסן און פֿרוכטן צום קרן קימת. דערבײַ לאָזט מען אַרויף אין דער הייך ווײַסע

---

5. געשאַנק — מתּנה.
6. פּרדסים (פּאַרדייסים) — מאַראַנצן־גערטנער.
7. פֿאַרביטערן — שווער מאַכן.
8. העלדישקייט — העראָיִזם.
9. פֿײַל־און־בויגן — arco y flecha.
10. שײַטער — hoguera.

טויבן, זיי זאָלן פֿליִען אויף דער גאַנצער וועלט און אָנזאָגן, אַז אין ישׂראל איז פֿריד און פֿרייד(12). דיר האָב איך אַ ווײַס טײַבעלע געבראַכט.
די לעצטע איז געקומען די איינציקע שוועסטער, די מלכּה שבת:
— מײַן מתּנה איז מנוחה ושׂמחה — רו און פֿרייד, אור ליהודים — ליכט פֿאַר ייִדן. דעם טאָג דאַרף מען רוען און זײַן פֿריילעך!

ב

האָט זיך חג העצמאות געפֿרייט מיט אַלע מתּנות, וואָס זײַנע ברידער האָבן אים געשענקט. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן שטול און געזאָגט:
— איך דאַנק אײַך זייער, מײַנע גרויסע ליבע ברידער, פֿאַר די אַלע מתּנות, וואָס איר האָט מיר געבראַכט. אַלע זײַנען שיין און טײַער בײַ מיר, און איך וועל זיך מאַכן מיט זיי אַלע באַנוצן אין מײַן טאָג.
פֿאַר נאַכט, ווען די זון פֿאַרגייט, וועל איך דערשײַנען(1). גלייך וועט מען בלאָזן שופֿר און פֿון אַלע פֿאַבריקן און פֿון די שיפֿן, וואָס זײַנען אויפֿן וואַסער, וועט מען אָנזאָגן מײַן קומען.
אַ נר־זיכּרון וועט מען אָנצינדן צום אָנדענק פֿון די ייִדישע גיבורים, וואָס האבן זייער לעבן אַפּגעגעבן אין דער מילחמה פֿאַר פֿאלק און לאַנד.
פֿאָנען וועט מען אויפֿציִען אויף דעכער און באַלקאָנען. דאָס גאַנצע לאַנד וועט באדעקט ווערן מיט בלוי־ווײַסע פֿאַנען.
אַ פֿאקל־לויף וועט זײַן: גאַנץ פֿרי וועט אַרויס דער לויפֿער מיטן פֿאַקל אין האַנט. ער וועט לויפֿן איבער שטעט און דערפֿער ביז דער הויפּט־שטאָט ירושלים און איבערגעבן דעם פֿאַקל צום נשׂיא(2) פֿון ישׂראל.
ביימעלעך וועט מען פֿלאַנצן אויפֿן הר הקדושים, צום אנדענק פֿון די ייִדישע קרבנות אויף דער גאַנצער וועלט. פֿון די ביימעלעך וועלן אויס־וואַקסן וועלדער, און פֿריילעכע קינדער וועלן דארט שפּאַצירן מיט געזאַנג.
אין יעדער שטוב וועט מען לייענען די מגילה פֿון עצמאות.
אַ סדר וועט מען מאַכן אין יעדער שטוב בײַ אַ טיש געדעקט מיט גוטע ווײַנען און געריכטן(3). אַנשטאָט מרור וועט מען אַוועקשטעלן דעם קרײַ־טעכץ(4) „חלמית", צו דערמאָנען די מילחמה פֿאַר ירושלים. זי איז געווען באַלאַגערט(5) און קיין ברויט איז ניט געווען, האָט מען זיך געשפּײַזט מיט דעם קרײַטעכץ די גאַנצע צײַט.
אויפֿן הר־הערצל וועט מען אָנצינדן אַ שײַטער צו לײַכטן און דערציילן פֿון אונדזער זיג(6).

---

12. פֿרייד — פֿריילעכקייט.

1. דערשײַנען — ארויסקומען.
2. נשׂיא — פרעזידענט.
3. געריכטן — שפּײַזן, מאכלים.
4. קרײַטעכץ — געוויקס, גראָז.
5. באלאגערן — ארומרינגלען.
6. זיג — victoria.

א ווײַס טײַבעלע וועט מען שיקן אין דער הייך, עס זאָל פֿליִען און אָנזאָגן די ייִדן, וואָס זײַנען צעשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט, אַז די ייִדישע מדינה, ישׂראל, ווארט אויף זיי און קוקט אַרויס, זיי זאָלן קומען!

דער טאָג פֿון מײַן קומען וועט זײַן אַ יום מנוחה ושׂמחה — רו און פֿרייד, אור ליהודים — ליכט פֿאַר ייִדן אין מדינת ישׂראל און אין דער גאַנצער וועלט!

## מ. ד. גיסער — די חלוצים

יונגע, שלאַנקע(1), ווי די צעדערס(2),
מיט אַ גאָט־געבענטשטער האַנט, —
אַזוי זײַנען די חלוצים,
וועלכע בויען אונדזער לאַנד.

פֿון דער טיפֿעניש פֿון טרוימען(4),
מיט אַ גבֿורה אומדערהערט, —
שלאָגן זיי אַרויס די שטראָמען(5),
קוואַלן וואַסער פֿון דער ערד.

וואָס די האַנט טוט נאָר באַרירן,
קומען וווּנדער מיט אַ מאָל,
און מיט בלומען נעמט זיך צירן(3)
יעדער באַרג און יעדער טאָל.

דערפֿלעך יונגע נעמען וואַקסן,
ביימער טרינקען זיך אין בליִ(6),
און אויף סאַמעט־יונגע לאַנקעס(7)
שפּרינגען פֿריילעך שאָף און קי.

תּמיד גרייט מיט פֿרייד צו בויען
און צו קעמפֿן נאָך אַנאַנד(8), —
אַזוי זײַנען די חלוצים,
וועלכע בויען אונדזער לאַנד!

---

1. שלאַנקע — גראַציעזע.
2. צעדער — cedro.
3. צירן זיך — באַפּוצן זיך.
4. טרוים — חלום.
5. שטראָם — דאָ: manantial.
6. אין בליִ — en flor.
7. לאַנקע — prado.
8. נאָך אַנאַנד — שטענדיק.



„... תמיד גרייט מיט פֿרייד צו בויען און צו קעמפֿן נאָך אַנאַנד —
אַזוי זײַנען די חלוצים, וועלכע בויען אונדזער לאַנד"...

# ח. כיסין — דער ברונעם אין ראשון לציון

זינט אונדזער קאָלאָניע איז געגרינדעט(1) געוואָרן, האָבן זיך בײַ אונדז אָפּט געביטן מאָמענטן פֿון פֿרייד און פֿון צער(2). אָבער די גאַנצע צײַט איז געהאָנגען איבער אונדזערע קעפּ אַ שווערער וואָלקן: דער ברונעם(3) האַלט שוין דרײַסיק מעטער די טיף, און קיין וואַסער זעט מען נאָך אַלץ ניט.

די שווערע וואַסער־פֿראַגע האָט אונדז ניט געלאָזט רוען: די סאַמע עקזיסטענץ פֿון אונדזער קאָלאָניע הענגט דאָך אָפּ פֿון דעם! טאָג ווי נאַכט האָט אונדז געמאַטערט די פֿראַגע: וועלן מיר טאַקע מוזן זיך פֿונאַנדערגיין און ווידער לאָזן וויסטעוועןֹ(4) אָט די פֿעלדער, וואָס מיר האָבן מיט אונדזער שווערער מי(5) צו תּחית־המתים(6) אויפֿגעוועקט?

טאָג נאָך טאָג איז זיך דער עולם צונויפֿגעקומען בײַם ברונעם, איז געשטאַנען, געוואַרט אויף דער פֿריילעכער בשׂורה און האָט זיך אומגעקערט אַהיים מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. וואָס טיפֿער מע גראָבט, אַלץ פּאַמעלעכער ווערט די אַרבעט.

די אַרבעט אין ברונעם איז געווען זייער אַ שווערע. מע פֿלעגט אונדז אַראָפּדערלאַנגען אונדזער עסן אין גרוב אַרײַן, און מיר זײַנען דאָרט געבליבן דעם גאַנצן טאָג. ווען מיר פֿלעגן אָוונטצײַט אַרויפֿקומען, פֿלעגן די קאָלאָניסטן אונדז אַרומרינגלען און פֿאַרוואַרפֿן מיט פֿראַגן. מע פֿלעגט אויפֿמערקזאַם(7) באַטראַכטן יעדער ביסל ערד. וואָס האָט זיך אָנגעקלעפּט אינעם עקבער(8). אומזיסט האָבן מיר געזוכט וועלכע־ס׳ניט־איז סימנים אין דער ערד. מיר האָבן שוין אויסגעגראָבן נײַע צען מעטער די טיף, און ס׳קומט אַרויף דאָס זעלבע זאַמד, וואָס זאָגט נאָך אַלץ גאָרניט צו...

---

1. גרינדן — שאַפֿן, אויפֿשטעלן.
2. צער (צאַר) — ליידן, ווייטיק.
3. ברונעם — pozo.
4. וויסטעוועןֹ — זײַן ניט באַאַרבעט.
5. מי — שווערע אַרבעט.
6. תּחית־המתים (טכיִאַס־האַמייסים) — צוריק לעבעדיק ווערן.
7. אויפֿמערקזאַם — cuidadosamente.
8. עקבער — taladro.

איין מאָל, ווען מיר האָבן שוין געהאַט אויסגעגראָבן אַ דרײַצן מעטער, האָבן מיר פּלוצלינג דערפֿילט, ווי דער עקבער לאָזט זיך לײַכט אַראָפּ אַלץ טיפֿער און איז מיט אַ מאָל אַרײַן אַ נײַעם האַלבן מעטער, אָן דער געוויינ־לעכער אָנשטרענגונג(10) פֿון אונדזער זײַט. האָבן מיר אים געוואָלט אַרויפֿציִען, לאָזט ער זיך ניט. ס'האָט זיך איבערגעריסן דער שטריק. מיר האָבן אָנגעקניפּט אַ נײַעם שטריק, און דער עקבער איז קוים־קוים אַרויף. ס'איז געווען אויף אים נאָר אַ צוויי־דרײַ סענטימעטער זאַמד. האָבן מיר אים ווידער אַרונטערגעלאָזט, און ער האָט זיך איצט אָפּגעשטעלט בײַ די ערשטע דרײַצן מעטער, גלײַך ווי דער האַלבער מעטער, וואָס ער האָט ערשט געהאַט אויסגעגראָבן, איז ווידער פֿאַרשטאָפּט געוואָרן. מיר זײַנען שטאַרק פֿאַרוווּנדערט געוואָרן און האָבן ווײַטער געגראָבן. דער עקבער איז לײַכט אַרײַנגעזונקען, און ווען ער איז שוין געווען אַ נײַע אַנדערהאַלבן מעטער אין דער טיף, האָבן מיר אים ווידער אַרויסגעשלעפּט. צו אונדזער גרויסער פֿאַרוווּנדערונג — איז ער ווידער געווען ליידיק. בלויז אַ קליין ביסל זאַמד האָט זיך אויף אים געוויזן! ס'האָט בײַ מיר אויפֿ־געבליצט אַ געדאַנק: „חבֿרים, — האָב איך אויסגעשריִען, — דאָ איז פֿאַראַן וואַסער!"

— ווו? ווען? וואָס פֿאַלט דיר אײַן?

— די ערדשיכט(11). ווו דאָס וואַסער געפֿינט זיך שוין, איז דאָך גע־ווים זייער ווייך, דערפֿאַר איז דער עקבער אין איר אַזוי לײַכט אַרײַן. נאָך עפּעס: צוויי מאָל איז דער עקבער שווערלעך אַרויפֿגעקומען; דאָס איז זי־כער צוליב דער בלאָטע, וואָס האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט בײַ די זײַטן.

מײַנע חבֿרים האָבן זיך קוים געקענט גלייבן אַזאַ גרויס גליק.

— פֿאַר וואָס זשע איז דער עקבער גאָרניט פֿײַכט(12)? ניין, מיר מוזן זײַן פֿאָרזיכטיק. פֿאַר וואָס זאָלן מיר פֿאַרפֿירן די מענטשן מיט פּוסטע(13) האָפֿענונגען?

דערווײַל האָט זיך אויבן צוזאַמענגעקליבן אַ געדיכטער עולם, וואָס האָט מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם זיך באַמיט אויפֿצוכאַפּן כאָטש אַ פּאָר ווער־טער פֿון אונדזערע רייד. איך האָב שוין ניט געקענט צוריקהאַלטן די בשׂורה, וואָס איך בין מיט איר אַזוי זיכער געווען, האָב איך מיטן גאַנצן כּוח אויסגעשריִען: „וואַ־ס־ער!"

מײַנע חבֿרים זײַנען אויך געוואָרן פֿעסטער אין זייער איבערצײַ־גונג(14) און האָבן נאָכגעשריִען: „וואַ־ס־ער! וואַ־ס־ער! לאַנג לעבן זאָל ראשון לציון!"

---

10. אָנשטרענגונג — esfuerzo.
11. שיכט — capa.
12. פֿײַכט — אַ ביסל נאַס.
13. פּוסטע — דאָ: אומזיסטע.
14. איבערצײַגונג — מיינונג.

משוגענע פֿריידגעשרייען האָבן אָפּגעהילכט אין דער לופֿטן.

— וואַסער! וואַסער! — האָט אָפּגעקלונגען איבערן ברונעם.

ווי אַ בליץ איז דורכגעפֿלויגן די פֿריילעכע בשׂורה איבער דער גאַנ־צער קאָלאָניע. אַלע זײַנען זיך שנעל צוזאַמענגעלאָפֿן פֿון די פֿעלדער. ס'איז ניט געבליבן אַפֿילו אַ קינד אין וויג. אַלע, פֿון קליין ביז גרויס, האָבן זיך געריסן און געצויגן צום ברונעם, צום לעבעדיקן קוואַל(15). אין דער לופֿטן האָבן זיך געטראָגן טויב־מאַכנדיקע שיסערײַען און די אויסגע־שרייען: „הידד! וואַסער!" מען איז געשפּרונגען; מען האָט געטאַנצט און געדאַנקט גאָט; מען האָט זיך אַרומגענומען און געוויינט פֿאַר פֿרייד, ווי קליינע קינדער. ס'איז ניט געווען מעגלעך אײַנצושטילן די צעהוליעטע(16) מענטשן. מען האָט אונדז אַרונטערגעוואָרפֿן אַ צעטעלע, ווו מען האָט זיך געבעטן רחמים: „נאָר איין טראָפּן וואַסער!" מיר האָבן אַרײַנגעדרייט דעם עקבער און האָבן אַרויפֿגעבראַכט נאָך אַ ביסל פֿײַכטן זאַמד. — גרויסער גאָט! וואָס טוען זיי דאָרט אויבן מיט דער בלאָטע, מע צעכאַפּט זי איינער בײַם אַנדערן מיט אַן אומבאַשרײַבלעכן גליק...

דער עולם האָט געפֿאָדערט, אַז מיר, די העלדן פֿון טאָג, זאָלן אַרויפֿ־קומען. און ווען איינער פֿון אונדז האָט זיך געוויזן איבערן ברונעם, האָט מען אים אַרומגענומען, געקושט, אים געוואָרפֿן אין דער לופֿטן משו־גענערווײַז.

אין אַ פּאָר שעה אַרום זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען געסט און אונדז וואָרעם באַגריסט.

מיר האָבן דאַן פֿאַרבראַכט אַ זעלטענעם(17) טאָג.

---

15. קוואַל — fuente.
16. צעהוליעט — זייער פֿריילעך.
17. זעלטן — אומגעוויינלעך.



| | |
|---|---|
| יוסף פּאַפּערניקאָוו | מ אַ ר אַ נ צ ן |

בלויע הימלען, גרינע ביימלעך,
זוניק־גאָלדענע מאַראַנצן —
איז אין פּרדס(1) העל און היימלעך(2),
באַקן פלאַמען, אויגן גלאַנצן.

שניטערס(3) שנײַדן, בלוטן רויש,
און עס שפּירט זיך יונגער כּוח;
טראָגן לײַכט די שווערע קויש,
שיכּור פון אָראַנזשן־ריח.

פיל, צעוויגט, אין קאַראַוואַנען —
ווי זיי וואָלטן אונטערדרעמלען —
פירן אָפּ די שטילע קעמלען:
גאָלד צו שיפן, גאָלד צו באַנען.

און פון קעסטלעך, דורך די שפּאַלטן,
אַז עס פלאַצן שיִער די ברעטער,
שרײַט מאַראַנצן־ליכט באַהאַלטן,
ווי די זון צווישן בלעטער.

---

1. פּרדס (פּאַרדעס) — מאַראַנצן־גאָרטן.
2. היימלעך — גוט, היימיש.
3. שניטערס — דאָ: די וואָס נעמען אַראָפּ די פרוכטן.





ש. ראַסקין „ביאַליקס ניגון" (אַ האָרע)

א. שמאלי

# אומגעזעצלעך אַרײַנגעקומען

א

הונדערטער חלוצים און חלוצות האָבן פֿאַרלאָזט וואַרשע אויפֿן וועג קיין ארץ-ישׂראל. וועגענער(1), אָנגעלאָדענע מיט פּעק און פֿאַרשיידענע וואַליזעס, האָבן זיך געצויגן צו דער ווינער באַן-סטאַנציע. מיט געמאָסטע-נע טריט און געזאַנג זײַנען די „עולים" געגאַנגען איבער די גאַסן פֿון שטאָט. טויזנטער מענטשן האָבן באַגלייט די פּראָצעסיע, — עלטערן און קרובֿים, חלוצים פֿון דער הכשרה(2), „שומרים"(3) און פֿיל, פֿיל קינדער.

די פּלאַטפֿאָרמע פֿאַר דער סטאַנציע איז געווען פֿול מיט באַגלייטער. מאַ-מעס האָבן געוויינט, חלוצים האָבן געטאַנצט. און די פּוילישע סטאַנציע-באַאַמטע(4) זײַנען אַרומגעלאָפֿן צעטומלטע צווישן דעם המון(5), וואָס האָט זיך אָנגעקליבן בײַ דער סטאַנציע.

צווישן דעם עולם(6) איז געשטאַנען אַ בלינדער ייִד, מיטן קאָפּ אָנגע-שפּאַרט אויף דער ברוסט, מיט אַ פֿידל אין דער האַנט, און ער האָט גע-שפּילט האַרציקע ניגונים, אָנגעזאָפּטע מיט צער(7) און האָפֿענונג, טרויער און בענקשאַפֿט...

— טאַנצט, טאַנצט, חלוצימלעך! הייבט די פֿיס, חלוצימלעך! — האָט דער בלינדער קלעזמער(8) אויסגעשריִען אַלע ווײַלע, פֿירנדיק מיטן בויגן איבער די סטרונעס פֿון זײַן פֿידל: — „פֿאָרט אַ ייִד קיין ארץ-ישׂראל מיט פֿאַרוויינטע אויגן"(9)...

צווישן דער מחנה חלוצים און חלוצות, וועלכע האָבן זיך געשטופּט מיט זייערע פּעק צו די וואַגאָנען פֿון דער באַן, וואָס פֿירט פֿון וואַרשע דירעקט

1. וועגענער — מערצאָל פֿון „וואָגן".
2. הכשרה — די צוגרייטונגס-פּונקטן פֿאַר חלוצים.
3. שומרים — דאָ: מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע „השומר".
4. באַאמטע — פֿונקציאָנערן.
5. המון — מאַסע מענטשן.
6. עולם — צונויפֿגעזאַמלטע מענטשן.
7. צער (צאַאַר) — ווייטיק, ליידן.
8. קלעזמער — מוזיקאַנט.
9. ווערטער פֿון אַ באַקאַנטן פֿאָלקס-ליד.

קיין טריִעסט, האָב איך זיך אויך דורכגעריסן. כ'האָב זיך דורכגעשטופּט צום עק וואַגאָן און האָב זיך באַהאַלטן אין אַ פֿינצטערן ווינקל צווישן אַ גאַנצן באַרג מיט פּעק און זעק. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט. די שלייפֿן(10) האָבן געזעצט און דער אָטעם איז מיר געווען שווער. אויף דער פּלאַט־פֿאָרמע האָט מען נאָך אַלץ געטאַנצט, און די טענער פֿונעם פֿידל זיינען דערגאַנגען ביז צו מיין באַהעלטעניש(11) און האָבן מיר שווער געמאַכט דאָס האַרץ: אָן אַ באַקאַנטן, אָן אַ פּאַספּאָרט און אָן אַ גראָשן אין קעשענע, אַפֿילו אָן אַ שטיקל ברויט...

די באַן רירט זיך, און איך געפֿין זיך צווישן די פֿיל חלוצים און חלוצות, וואָס פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. ווען איך בין ארויסגעקראָכן פֿון מיין באַהעל־טעניש צווישן דעם באַרג פּעק, האָבן מיך אַלע אָנגעקוקט מיט שטוינונג(12). מיין יונגער עלטער(13) האָט זיי איבערראַשט(14), נאָר זיי האָבן מיך אויפֿגענומען אין זייער געזעלשאַפֿט מיט וואַרעמער פֿריינדשאַפֿט, ווי ברי־דער און שוועסטער. מיט זייערע ליבע בליקן האָבן זיי מיך געשטאַרקט און מיר אונטערגעגעבן מוט. אייניקע מאָל האָב איך געהערט, ווי זיי רעדן צווישן זיך: ווי אַזוי מיך אויסצובאַהאַלטן פֿון די אויגן פֿון די גרענעץ־היטער...

ב

כ'בין געווען זייער מיד פֿון גרויסער אויפֿרעגונג דורך דעם גאַנצן טאָג, בין איך אַוועקגעפֿאַלן אויף די פּעק אין מיין ווינקל און האָב איינגע־דרימלט. פּלוצלינג האָב איך דערפֿילט אַ לייכטן ריר אויף מיין אַקסל, האָב איך אויפֿגעציטערט און בין אויפֿגעשטאַנען. איינגעבויגן איבער מיר איז געשטאַנען אַ בחור, אָנגעטאָן אין אַ לעדערן רעקל(1).

— שרעק זיך ניט, — האָט ער מיר געזאָגט שטילערהייט, — שטיי אויף און גיי מיר נאָך.

אין וואַגאָן איז געווען פֿינצטער, נאָר איין קליין לעמפּל האָט אים באַלויכטן. אויף די בענק און אויף די פּעק זיינען געלעגן שלאָפֿנדיקע מענטשן. געקרויזטע און צעפּאַטלטע(2) קעפּ האָבן אַראָפּגעהאַנגען פֿון די בענק, און די לאַנגע שאָטנס, וועלכע האָבן זיך באַוועגט צום טאַקט פֿונעם צוג(3), האָבן נערוועז, ווי אָנגעשראָקענע, אומגעטאַנצט און אומגעשפּרונ־גען אויף זייערע פּנימער. משונהדיקע קולות פֿון כראָפּעריי האָבן זיך גע־טראָגן איבערן וואַגאָן.

---

10. שלייפֿן — sienes.
11. באַהעלטעניש — escondite.
12. שטוינונג — גרויסע פֿאַרוווּנ־דערונג.
13. עלטער — דאָ: edad.
14. איבערראַשט — sorprendió.

1. רעקל — saco.
2. צעפּאַטלט — צעוואָרפֿן די האָר.
3. צוג — באַן.

איך בין געשטאַנען אַ צעטומלטער און אַ צעטראָגענער(4), כ׳האָב זיך געריבן די אויגן און ניט געוווּסט, ווו איך געפֿין זיך.

— מיר קומען איצט אָן צו דער טשעכאָסלאָוואַקישער גרענעץ, — האָט מיר דער בחור געזאָגט מיט צאַרטקייט(5) און האט געגלעט מײַן אַקסל, — דאַרפֿסטו זיך באַהאַלטן אין דרויסן. גיי מיר נאָך...

אין וואַגאָן איז געווען היים. ווען איך בין אַרויסגעקומען אויף דעם אָפֿענעם קאָרידאָר, האָט אויף מיר אַ בלאָז געטאָן אַ נאַסע קעלט. אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן. אין דרויסן איז געווען אַ געדיכטע, שוואַרצע און מו־ראַדיקע פֿינצטערניש.

— זעסט דעם לייטער(6)? — האָט מיך מײַן באַגלייטער געפֿרעגט און האָט אַרויפֿגעלייגט מײַן האַנט אויף אַ קאַלט שטיק אײַזן. — קריך אַרויף אַהין. אויבן, דאָרט אויפֿן דאַך, איז דאָ אַ קליינע פּלאַטפֿאָרמע. לייג זיך דאָרט אַנידער און האַלט זיך זייער שטאַרק אין די ברעטער. זײַ שטאַרק פֿאָרזיכטיק! דו טאָרסט ניט אײַנשלאָפֿן. דו טאָרסט אַפֿילו אָן אויג ניט צו־מאַכן. ווען מיר וועלן נאָר אַריבערפֿאָרן די גרענעץ, וועל איך אַרויפֿקומען צו דיר און וועל דיך ווידער אַרײַננעמען אין וואַגאָן אַרײַן...

דער צוג האָט שטאַרק געקלאַפּט, און דער בחור האָט צו מיר גערעדט זייער שטיל. נאָר פֿון די אָפּגעהאַקטע ווערטער, וואָס זײַנען צו מיר דער־גאַנגען, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז זייער ערנסט(7).

דער צוג איז געפֿלויגן זייער שנעל. אַרום און אַרום איז שטאָק פֿינצטער, און דער דאַך איז משופּעדיק(8). נאָר איין קליינער, שלעכטער ריר.... אַ קאַלטער שוויס האָט מיך באַגאָסן! נאָר כ׳האָב אָן אַנדער ברירה(9)? אין וואַגאָן וועלן די סאָלדאַטן קוקן מיט זיבן פּאָר אויגן. מיט זייערע לאַנגע שפּיזן(10) וועלן זיי שטעכן אונטער די בענק און צווישן די פּעק. הלוואי זאָלן זיי נאָר אויפֿן דאַך ניט אַרויפֿקומען...

— ווי הייסטו? — האָט מיך געפֿרעגט דער בחור, ווען ער איז מיט מיר אַרויפֿגעגאַנגען אויף די טרעפּ פֿון לייטער.

— שמואל, — האָב איך אים שטיל געענטפֿערט.

— נאַ דיר דאָס טיכל, שמואל, און וויקל זיך דערמיט גוט אַרום דעם האַלדז! — האָט ער מיר געזאָגט, עפּעס דערלאַנגט און איז באַלד צוריק אין וואַגאָן אַרײַן.

---

4. צעטראָגענער — צעמישטער.
5. צאַרטקייט — cariño.
6. לייטער — escalera.
7. ערנסט — serio.
8. משופּעדיק — שטאַרק אײַנגע־בויגן.
9. ברירה — (ברייִרע) — אויסוועג.
10. שפּיז — דאָ: באַיאָנעט.

כ'בין געבליבן איינער אליין אויפֿן דאך, אין דער גרויסער פֿינצטערניש פֿון ארום. דער ווינט האט שטארק געבלאזן, און דאס קליינע באלקאנדל איז געווען נאס און גליטשיק(1). מיט ביידע הענט האב איך זיך איינגעקלאמערט(2) אין די קאלטע ברעטער, און ווי א מענטש, וואס געפֿינט זיך ביי אן אפּגרונט(3), האב איך זיך איבערגעגעבן דער קאלטער, גרויזאמער(4) נאכט.

פֿון קליינערהייט אן בין איך געווען א יתום און פֿון קיין גוטן טאג אין מיין לעבן האב איך ניט געוווּסט. איך בין אלע מאל געווען איינער אליין און פֿארלאזט; כ'האב קיין מאל ניט אפּגעגעסן צו זאט, און גאנץ אפֿט איז מיר דאס לעבן נמאס(5) געווען. נאר ווי שטארק האב איך געוואלט דאס מאל, אז אלץ זאל שנעל אריבער און כ'זאל זיך שוין ווידער א מאל געפֿינען אינעם ווארעמען צוג! מיט וואס פֿאר א כּח כ'האב ארומגענומען די נאסע ברעטער אונטער מיר! אלץ האט מיר אויסגעזען גאר אנדערש, זינט כ'האב אריבערגעטראטן די שוועל פֿונעם וואגאן, וועלכער פֿירט קיין ארץ-ישׂראל. פֿארבארגענע(6) כּוחות האבן זיך דערוועקט אין מיר און האבן אנגעפֿילט מיין וועזן(7).

— לעבן! לעבן! לעבן! — האב איך געהערט אין דעם רוישן פֿון די רעדער איבער די רעלסן(8), און דער ווינט האט מיר אריינגעפּייפֿט אין די אויערן אריין: דארט, דארט, דארט — אין ארץ-ישׂראל!...

ביים ליכט פֿונעם לאקאמאטיוו האב איך געקענט זען, ווי אלע וואגאנען באוועגן זיך. אין דער פֿינצטערער נאכט האט מיר דער צוג אויסגעוויזן ווי א לענגענדארישע שלאנג, וועלכע שפּייט ארויס פֿון איר קאפּ פֿייער און דאמף(9). איינער נאכן אנדערן זיינען זיי מיך באפֿאלן יעדע פּאר מינוט. אט בין איך באגאסן געווארן מיט א רעגן פֿון פֿייערפֿונקען(10) און אט — מיט א שטראם קאלט וואסער...

כ'האב זיך איינגעקלאמערט אין די ברעטער און האב מיט שרעק געקוקט אין דער פֿינצטערניש אריין. מיר זיינען געפֿארן צווישן בערג. דא און דארט האבן זיך געוויזן אייניקע ליכטלעך. צייטנווייז(11) איז דאס קלאפּן פֿון די רעדער געווען שטארקער און העכער: די באן איז אריבער-

---

1. גליטשיק — resbaladizo.
2. איינגעקלאמערט — שטארק נעהאלטן.
3. אפּגרונט — abismo.
4. גרויזאם — ברוטאל.
5. נמאס (ניִמעס) — מיאוס, איבעריק.
6. פֿארבארגן — באהאלטן.
7. וועזן — el ser.
8. רעלסן — rieles.
9. דאמף — vapor.
10. פֿונקען — chispas.
11. צייטנווייז — פֿון צייט צו צייט.

געפֿאָרן איבער אַן אײַזערנער בריק... — ווען נעמט שוין אַ סוף צו דער נאַכט? ווען וועל איך שוין באַפֿרײַט ווערן פֿון מײַן געפֿאַנגענשאַפֿט(12) אויף דער פֿרײַער לופֿט? ס'האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן, און אַלע מײַנע אבֿרים(13) האָבן געציטערט. מײַנע הענט זײַנען געוואָרן ווי אײַזערנע צוואַנגען(14), און דער קאָפּ איז מיר געוואָרן שווער...

פּלוצלונג האָט דער לאָקאָמאָטיוו אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפֿן פֿײַף, וואָס האָט דורכגעשניטן די פֿינצטערניש. אַ שווידער(15) האָט מיך אַדורכגענומען און פֿון מויל האָט זיך מיר אַרויסגעריסן אַ פּחד־געשריי. כ'האָב אויפֿגע־הויבן דעם קאָפּ און כ'האָב מיט מײַן בליק דורכגענומען די פֿינצטערניש. פֿון ווײַטן האָבן געוווּנקען ליכטלעך. דער לאָקאָמאָטיוו איז זיי אַנטקעגנגע־לאָפֿן מיט אַ שטאַרקער פֿײַפֿערײַ און מיט אַ געפֿערלעכן רויש. די באַן האָט דורכגעשניטן אַ געדיכטן וואַלד, איז שנעל דורכגעפֿלויגן דורך אַ שטינקענ־דיקן טונעל. צום לעצטן האָט זי זיך געטאָן אַ שטאַרקן וואָרף אויף צוריק און האָט זיך אָפּגעשטעלט...

אַ שטאַרקע לאַמטערן־ליכט האָט פּלוצעם באַלויכטן אַלע וואַגאָנען און האָט פֿאַרפֿלייצט אויך דעם דאַך. מיר זײַנען צוגעקומען צו דער גרע־נעץ־סטאַנציע.

— פּאַסס־פּאָרטן!

— פּאַסס־פּאָרטן! — האָבן אויסגעשריגן פֿאַרשלאָפֿענע סאָלדאַטן. — פּאַסס־פּאָרטן! — ס'האָבן זיך צו מיר דערטראָגן פֿון אַלע וואַגאָנען קלינגע־רײַען פֿון סאָלדאַטן־שפּאָרן(16) און קלאַפּערײַען פֿון ביקסן־הענטלעך. כ'האָב זיך אויסגעצויגן אויף דער קליינער פּלאַטפֿאָרמע, האָב אײַנגעהאַלטן מײַן אָטעם און זיך קיין ריר ניט געטאָן.

## ד

גאַניץ פֿרי האָט מען מיך אַרײַנגעבראַכט אין דעם וואַרעמען וואַגאָן אַ פֿאַרגליווערטן(1) פֿון קעלט און ציטערנדיק ווי אין אַ פֿיבער. דער ווילער בחור (ער הייסט עזריה און ער איז אַ חבֿר אין איינעם פֿון די קי־בוצים) האָט מיר געגעבן וואַרעמע טיי און האָט מיך אײַנגעוויקלט אין וואַרעמע קאָלדרעס. כ'בין געווען זייער מיד, ביז איך באַלד אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

אָבער אויף דער גרענעץ צווישן עסטרײַך און איטאַליע בין איך אַרײַנ־געפֿאַלן צו דער פּאָליציי אין די הענט אַרײַן. די באַן איז אַהין אָנגעקומען

---

12. געפֿאַנגענשאַפֿט — אַרעסט.
13. אבֿרים (אייווערים) — גלידער.
14. צוואַנגען — pinzas.
15. שווידער — גרויסע שרעק.
16. שפּאָרן — espuelas.

1. פֿאַרגליווערט — דאָ: פֿאַרפֿרוירן.

בײַ טאָג, האָב איך זיך ניט געקענט באַהאַלטן אויפֿן דאַך פֿון וואַגאָן. א צענדליק הויכע, באַוואָפֿנטע(2) זשאַנדאַרמען האָבן אַרומגערינגלט די באַן, ווען זי איז נאָר שטיין געבליבן אויף איטאַליענישער ערד. זייערע דרײַעקיקע היטלען, די שוואַרצע פּעלערינעס(3) און זייערע שפּיציקע ביקסן האָבן אויף מיר אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד. אויך עזריה איז געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט, ווען ער האָט זיי נאָר דערזען. אַ בלאַסער האָט ער אַרויסגעקוקט אין דרויסן אויף די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אונדז אַרומגערינגלט און האָט אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן.

— דערלאַנגט מיר אַלע די פּאַספּאָרטן! — האָט ער פּלוצעם אַ שרײַ געטאָן מיט אַ שטרענגן קול. — באַלד הייבט זיך אָן די רעוויזיע.

ער האָט גלײַך אַ ווונק געטאָן צו אַ פּאָר בחורים, און זיי האָבן שנעל צונויפֿגענומען די פּאַספּאָרטן פֿון אַלע פּאַסאַזשירן אין אונדזער וואַגאָן און זיי אים דערלאַנגט. — ער האָט זיך געטראַכט: ער וועט דערלאַנגען דעם גרענעץ־באַאַמטן אַ גרויסן פּאַק, וועל איך ווי־ס׳ניט־איז זיך ווידער דורכשטופּן און וועל בשלום אָנקומען צום ברעג פֿונעם מיטללענדישן ים,

— דער ים וואָס פֿון זײַן צווייטן ברעג באַהאַלט זיך ארץ־ישׂראל...

נאָר דער גרענעץ־באַאַמטער, וועלכער איז אַרײַנגעקומען אין וואַגאָן, באַגלייט פֿון דרײַ סאָלדאַטן, האָט מיט שפּאַט(4) זיך צעלאַכט, ווען עזריה האָט אים דערלאַנגט דעם פּאַק פּאַספּאָרטן, און האָט מיט גרויס כּעס אים באַפֿוילן(5), ער זאָל זיי גלײַך פֿונאַנדערטיילן צווישן די פּאַסאַזשירן אין וואַגאָן, יעדן איינעם זײַן פּאַספּאָרט...

כ׳האָב שיער ניט אויפֿגעהערט אָטעמען. מיט אַ ציטערנדיק האַרץ האָב איך זיך אײַנגעקוקט אויף די איבערגעשראָקענע בחורים, וועלכע זײַ־נען אומגעגאַנגען און האָבן מיט ציטערנדיקע הענט פֿונאַנדערגעטיילט די פּאַספּאָרטן.

— לייגט אים אַרונטער אונטער אַ באַנק און דעקט אים איבער מיט פּעק! — האָט עזריה אויסגעשריִען אויף העברעיִש, און זײַן קול האָט דער־גרייכט ביז צום צווייטן עק וואַגאָן, ווו איך בין געשטאַנען אַ פּאַרציטער־טער און אַ דערשראָקענער. נאָר גאָר אין אַ קורצער ווײַל האָבן די זעלבע הענט, וועלכע האָבן מיך פֿריִער באַהאַלטן אינעם פֿינצטערן ווינקל, צווישן די וואַליזעס און פּעק, מיך פֿון דאָרט אַרויסגעשלעפּט: די סאָלדאַטן האָבן געשטופּט זייערע לאַנגע שפּיזן צווישן די פּעק און האָבן גענישטערט(6) און געזוכט... דעמאָלט האָט מען אָנגענומען דעם סאַמע לעצטן מיטל: איי־

---

2. באַוואָפֿנטע — מיט ביקסן, שווערדן.
3. פּעלערינע — אַזאַ מאַנטל.
4. שפּאַט — אָפּלאַכערײַ.
5. באַפֿוילן — געהייסן.
6. נישטערן — שטאַרק זוכן.

נער פֿון די בחורים האָט מיר דערלאַנגט אַ גרויסן טשײַניק(7) און האָט מיך אַרויסגעלאָזט דורכן פֿענצטער, לעבן וועלכן כ׳בין געשטאַנען, כ׳זאָל גיין אָננעמען דעם טשײַניק מיט וואַסער און זאָל אַרײַנקומען אינעם וואַגאָן דורך דער צווייטער זײַט, ווען מען האָט שוין געהאַט דורכגעקוקט די פּאַספּאָרטן... אָבער ווי כ׳האָב נאָר אַראָפּגעשטעלט אַ פֿוס אויף דער פּלאַט־פֿאָרמע, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען בײַם וואַ־גאָן, האָט מיך בייז באַטראַכט און מיך גלײַך צוריקגעבראַכט צום גרענעץ־באַאַמטן אינעם וואַגאָן...

— פּאַספּאָרט! — האָט זיך דער באַאַמטער אויף מיר צעשריִען.

— ווו איז דײַן פּאַספּאָרט?!...

אין וואַגאָן איז געוואָרן טויט־שטיל. אַ סך פּאָר אויגן האָבן אויף מיר מיט רחמנות געקוקט.

עזריה האָט געפּרוּווט עפּעס זאָגן; ער האָט גערעדט מיט אַ רחמנות־קול, ער האָט געוואָלט ווייך מאַכן דאָס האַרץ פֿונעם באַאַמטן, אָבער — אומזיסט. יענער האָט געגעבן אַ באַפֿעל צו אַ סאָלדאַט, וועלכער האָט מיך אָנגענומען און אַראָפּגעשטעלט אויף דער פֿרעמדער פּלאַטפֿאָרמע...

כ׳האָב זיך שוין ניט געקענט אײַנהאַלטן און אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין. איך בין געווען אין גאַנצן צעבראָכן. איז טאַקע מײַן גאַנצע האָ־פֿענונג אַוועק מיטן רויך? וועט מען מיך איצט צוריקשיקן צום אָרעמען און ביטערן לעבן אין פּוילן, און קיין ארץ־ישׂראל וועל איך שוין ניט קומען? מיט בענקענדיקע בליקן האָב איך געקוקט אויף דער באַן, וועלכע דערווײַ־טערט זיך פֿון מיר און טראָגט זיך אויפֿן וועג צום געגאַרטן(8) לאַנד. מײַן האַרץ איז מיר שיִער ניט אָפּגעשטאָרבן. פּלוצלינג האָב איך אַ שפּרונג גע־טאָן און בין נאָכגעלאָפֿן די וואַגאָנען, וואָס דערווײַטערן זיך אַלץ מער און מער. נאָר אַ סך פּאָר הענט האָבן מיר אָנגעכאַפּט און פֿאַרהאַלטן. ס׳איז מיר געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן; פֿונעם וואַגאָן האָט זיך צו מיר דער־טראָגן אַ יאָמערלעך(9) געוויין...

ה

פֿאָר נאַכט האָט מען מיך, אַ געבונדענעם, אַרײַנגעזעצט אין אַ פֿראַכט־באַן(1), וואָס איז אויך געפֿאָרן קיין טריִעסט. מען האָט מיך אַהין געבראַכט אונטער דער וואַך פֿון אַ באַוואָפֿנטן היטער. מײַן ציל איז דאָך גאָר געווען צו פֿאָרן קיין ארץ ישׂראל, ניט בלײַבן אין איטאַליע; איך בין איטאַליע נאָר פֿאַרבײַגעפֿלויגן, ווי אַ וואַנדער־פֿויגל, אויפֿן וועג צו מײַן אייגענעם לאַנד!

---

7. טשײַניק — כּלי אויף טיי.
8. געגאַרט — שטאַרק געוואָלט.
9. יאָמערלעך — האַרצרײַסנדיק.

1. פֿראַכטבאַן — וואָס פֿירט סחורות.

נאָך דרײַ טעג פֿאַרשפּאַרט זײַן אין אַ שמוציקן פּלאַץ, בין איך גע־בראַכט געוואָרן פֿאַרן געריכט(2). מײַן יונגער עלטער, מײַן מאָדנע קליי־דונג, מײַן בלאַס פּנים — דאָס אַלץ האָט צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמ־קייט(3) פֿון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין געריכט. אַלע האָבן אויף מיר געקוקט מיט אַ נײַגעריקן(4) שמייכל, האָבן אויף מיר גע־וויזן מיט די פֿינגער און האָבן ניט אויפֿגעהערט זיך צו סודען(5).

אַ צעטומלטער און אַ פֿאַרצווייפֿלטער(6) בין איך געשטאַנען. צי וועלן זיי פֿאַרשטיין, וואָס טוט זיך אין מײַן האַרץ אין איצטיקן מאָמענט? צי וועט דער ריכטער פֿאַרשטיין, אַז אויב ער צווינגט מיך זיך צוריקקערן קיין פּוילן, פֿון וואַנען איך בין אַנטלאָפֿן, גיט ער אויף מיר אַרויס אַ טויטאורטייל(7)?

פּלוצלינג האָט זיך פֿון די פֿאַרזאַמלטע אַרויסגערוקט אַ יונגער בחור, איז צוגעגאַנגען צום פּאָליציאַנט לעבן מיר און האָט צו אים גערעדט איטאַליעניש. דער פּאָליציאַנט האָט אים געענטפֿערט מיט אַ שמייכל; ביי־דע האָבן מיך באַטראַכט און גערעדט גאַנץ הויך.

מײַן אָטעם איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן. פֿרעדן פֿון פֿרייד האָבן זיך באַוויזן אין מײַנע אויגן. צי וועגן מיר רעדט עס דער מענטש מיטן פּאָלי־ציאַנט? איז ער אַ ייִד? צי האָט עזריה צו וויסן געטאָן דעם „ארץ־ישׂראל־קאָמיטעט" אין טריִעסט, אַז איך בין פֿאַרהאַלטן געוואָרן אויף דער גרע־נעץ, און דער בחור איז עס געשיקט געוואָרן צו פֿאַרטיידיקן(8) מיך?

— ס'וועט זײַן גוט, בחורל! — האָט דער פֿרעמדער גערעדט צו מיר אויף ייִדיש. — וויין ניט.

— ביסט אַ ייִד?! — האָב איך געפֿרעגט, אַן איבערראַשטער.

— יאָ, געוויס, — האָט דער בחור געענטפֿערט מיט אַ דערמוטיקנ־דיקן(9) שמייכל, — פֿאַרליר ניט דײַן מוט...

כ'האָב פֿרײַ אָפּגעאָטעמט. ווי אַ שטומער בין איך געזעסן דורך די טעג פֿון מײַן געפֿאַנגענשאַפֿט. כ'האָב קיין מויל ניט אויפֿגעמאַכט. דערפֿאַר וועל איך זיך שוין איצט אַראָפּרעדן פֿון האַרצן פֿאַר דעם צער און דיליידן, וואָס זיי האָבן מיר פֿאַרשאַפֿט(10) אין תּפֿיסה(11)...

---

2. געריכט — juzgado.
3. אויפֿמערקזאַמקייט — atención.
4. נײַגעריק — מיט אינטערעס.
5. סודען — (סוידעו) זיך — זאָגן אַ סעקרעט.
6. פֿאַרצווייפֿלט — desesperado.
7. אורטייל — sentencia.
8. פֿאַרטיידיקן — זיך אײַנשטעלן, אָפּהיטן.
9. דערמוטיקנדיק — וואָס גיט צו כּוח.
10. פֿאַרשאַפֿט — גענעבן, געבראַכט.
11. תּפֿיסה — cárcel.

— ווי אַלט ביסטו? — האָט מיך דער ריכטער געפֿרעגט דורך דעם בחור, דעם דאָלמעטשער(1).

— צוועלף יאָר, — האָב איך געענטפֿערט קורץ.

— פֿון וואַנען קומסטו?

— פֿון פּוילן.

— ווו איז דײַן טאַטע?

— געשטאָרבן.

— און דײַן מאַמע?

— געשטאָרבן...

— צו וואָס ביסטו געקומען קיין איטאַליע — זײַן אַ הפֿקר־מענטש(2)? — האָט דער ריכטער געפֿרעגט.

— מײַן האַר, איך בין ניט געקומען קיין איטאַליע, איך בין דאָ נאָר פֿאַרבײַגעפֿאָרן, — האָב איך געענטפֿערט. — מען האָט מיך פֿאַרהאַלטן אויפֿן וועג צו מײַן אייגן לאַנד, — און כ'האָב געוויזן מיטן פֿינגער צו מזרח־זײַט.

דער ריכטער האָט מיך דורכגענומען מיט זײַן שאַרפֿן בליק.

— האָסטו אַ פּאַספּאָרט און געלט? — האָט ער געפֿרעגט מיט כּעס.

— כ'האָב ניט! — האָב איך אויך געענטפֿערט מיט כּעס. — נאָר איך וועל זיכער קומען קיין ארץ־ישׂראל; קיין כּוח פֿון דער וועלט קען מיך ניט צוריקהאַלטן. פֿאַר וואָס האָט מען מיך געבראַכט פֿאַר אײַך, מײַן הער ריכטער? — האָב איך געפֿרעגט מיט ביטערקייט. — האָב איך דען עפּעס גענגנבֿעט? האָב איך דען בײַ אײַך געבעטן עסן? פֿאַר וואָס פֿאַרהאַלט איר מיך? איך וויל זיך אויפֿזעצן אויף דער שיף, וואָס פֿאָרט אָפּ קיין ארץ־ישׂראל, איך וויל דאָ ניט בלײַבן; איך וויל ניט איטאַליע... איך וויל מײַן לאַנד!...

אַ ציטער איז דורך דעם עולם.

— ס'איז אָבער דאָ אָרדענונג, ס'איז פֿאַראַן געזעץ, — האָט דער ריכטער געזאָגט, שוין מיט אַ ווייכערן קול.

— אַלע געזעצן זײַנען קעגן מיר! — האָב איך אויסגעשריִען מיט אַ געוויין. — ס'איז גאָר ניטאָ קיין רחמנות. אָבער איך וויל לעבן, הער ריכטער!

דער ריכטער האָט געשוויגן. דער עולם האָט געקוקט מיט נײַגעריקייט, אַ מאָל אויף מיר, אַ מאָל אויף אים...

---

1. דאָלמעטשער — איבערזעצער.

2. הפֿקר (העפֿקער)־מענטש — דאָ: אַ ליידיקגייער, אויסערן געזעץ.



„אומלעגאַלע" עולים זעצן זיך אַרויס געהיים אויפֿן ברעג פֿון ארץ־ישׂראל

לאַנג האָט געדויערט דאָס שטיל־שווייַגן, און מייַן נשמה האָט זיך דערווייַל געצאַפּלט(3) צווישן האָפֿענונג און פֿאַרצווייפֿלונג(4)...

— קענסט פֿאַרזעצן דייַן וועג... — האָט ער ענדלעך(5) אַרויסגעזאָגט.

— אויב נאָר מע וועט פֿאַר דיר גאַראַנטירן, אַז דו וועסט בלייַבן אין אי־טאַליע ניט מער ווי דרייַ טעג...

— איך וועל פֿאַר אים גאַראַנטירן, — האָט געזאָגט דער בחור, מייַן פֿאַרטיידיקער. — און דער עולם האָט זיך פֿרייַנדלעך פֿונאַנדערגעלאַכט.



דעם צווייטן טאָג האָב איך זיך אַרייַנגעגנבֿעט אויף דער שיף, וואָס איז געפֿאָרן קיין ארץ ישׂראל.




— עפֿנט אויף, עפֿנט אויף,
עפֿנט אויף דעם טויער, —
ס׳פֿאָרט אַרויס אַ חלוצל,
ס׳פֿאָרט אַרויס אַ בויער!

וואָס זשע אײַלסטו, חלוצל,
ווי די פֿערדלעך פֿליִען?
— קיין ישׂראל, אין מייַן לאַנד,
צו דער מוטער ציון.

— וואָס זשע וועסטו, חלוצל,
טאָן אין לאַנד אין ווייַטן?
— איך וועל פֿעלדער אַקערן,
זייען(1) דאָרט און שנייַדן.

— און וואָס וועסטו מאַכן נאָך,
אויסער שנייַדן, זייען?
— איך וועל העלפֿן בויען שטעט,
לייגן אויך שאָסייען(2).

— פֿאָר געזונט, דו חלוצל,
גריס דאָרט אַלע ברידער, —
ביסט אַ גוטער זון פֿון פֿאָלק,
בוי מיט פֿרייד און לידער!

---

3. געצאַפּלט — זיך געוואָרפֿן, גע־ציטערט.
4 פֿאַרצווייפֿלונג — desesperación.
5. ענדלעך — צו ענדע, צום סוף.
1. זייען — sembrar.
2. שאָסיי — וועג.

## י. מוסינזאָן | דער אויפּטו פֿון אליהו חרמון

**א**

די שיף, די מעפּילים־שיף(1), האָט געדאַרפֿט אָנקומען צום ברעג פֿון תּל־אָבֿיבֿ אין האַלבער נאַכט. די אײַנוווינער פֿון דעם בײַברעגיקן קוואַר־טאַל האָבן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם אָפּגעוואַרט די שיף, און אַפֿילו די קינדער האָבן זיך צונויפֿגעקליבן בײַם ברעג. זיי האָבן זיך אײַנגעקוקט אין דער פֿינצטערניש און זיך צוגעהערט צום רויש פֿון די כוואַליעס.

דער ים האָט אויפֿגעהויבן הויכע כוואַליעס און געברומט, ווי אַ גרויסע חיה.

— ס׳וועט זײַן אַ שטורעם, — האָט געזאָגט ירון.

ער האָט טיף אײַנגעאָטעמט די לופֿט. ס׳איז געווען שטיל אַרום, פּונקט ווי דער ווינט וואָלט זיך פֿאַרטאַיעט(2) און געגרייט זיך אַ שפּרונג צו טאָן פּלוצעם און אײַנצושלינגען שיפֿן אין ים, געצעלטן אין פֿעלד און ביימערקרוינען אין די וועלדלעך.

—יאָ, ס׳וועט שטורעמען, — האָט נאָך אַ מאָל געזאָגט ירון. — מיר דאַרפֿן דאָ וואַרטן. מע וועט אַראָפּנעמען די מעפּילים אויף קליינע שיפֿ־לעך, זיי וועלן אַרויף דאָ אויפֿן ברעג, און מיר וועלן העלפֿן זיי אַוועקצופֿירן אין די הײַזער.

— קוקט, סאַראַ הויכע כוואַליעס! — האָט אויסגערופֿן מנשה.

— ווי צווייטשטאָקיקע הײַזער! — האָט צוגעגעבן דני.

— טאָמער וועט מען ניט קאָנען אַראָפּנעמען די מעפּילים אויף שיפֿלעך, וועט זײַן זייער שלעכט, — האָט אומרויִק געזאָגט אהוד.

— ש־ש־ש! שטילער! — האָט פּלוצעם אַ שעפּטשע געטאָן ירון. — עמעץ גייט אהער. אַכטונג! אפֿשר פּאַטרולירט דאָ אַן ענגלישער פּאָליציאַנט?...

די ייִנגלעך זײַנען פֿאַרגליווערט געוואָרן אויף זייערע ערטער.

---

1. מעפּילים (מאַפּילים) — ייִדן, וואָס מע האָט זיי געבראַכט קיין ארץ־ישׂראל קעגן דעם פֿאַרבאָט פֿון ענגלאַנד.
2. זיך פֿאַרטאַיען — באַהאַלטן זיך.

אַ שײַן פֿון אַן עלעקטריש לעמפּל האָט באַלויכטן די פֿעלדזן בײַם ים־ברעג.

— װער איז דאָרט? — האָט אַ רוף געטאָן ירון.

— ס׳איז איך, אליהו חרמון.

אליהו איז צוגעגאַנגען צו דער חבֿרה. ער איז געװען אָנגעטאָן ניט מער װי אין באַדהײזלעך.

— חבֿרה, איך דאַרף אײַך עפּעס דערצײלן.

אַלע האָבן זיך אױסגעזעצט אױף די שטײנער צופֿוסנס פֿון בערגל.

— די שיף געפֿינט זיך דאָרט, — אָט אַנטקעגן אונדז, — האָט אָנגעהױבן אליהו, — אָבער מע קען ניט אַראָפּנעמען די עולים. דער ים איז שטורעמדיק, די כװאַליעס זײַנען צו הױך, מע זאָל קענען די מעפּילים אַרײַנזעצן אין די קלײנע שיפֿלעך... און אױב די שיף װעט דאָ נאָך לענגער בלײַבן נאָענט צום ברעג, װעט זי אַרײַנפֿאַלן צו די ענגלענדער...

— פֿאַר װאָס זשע צינדט מען ניט אָן קײן שײַן, כּדי צו געבן אַ סימן דער שיף? — האָט אהוד געפֿרעגט.

— הערסט דאָך, בריטישע סאָלדאַטן דרײען זיך דאָ אַרום, און אַ קריגשיף קורסירט לענגאױס דעם ברעג... די מעפּילים דאַרפֿן זײַן פֿאָרזיכטיק, און דאָ קאָן מען זײ ניט צו װיסן געבן װעגן דער סכּנה, װאָס לױערט(3) אױף זײ.

— פֿון װאַנען װײסטו דאָס, אליהו?

— איך האָב דאָס געהערט פֿון... פֿון אײנעם פֿון דער „הגנה“(4)...

אַלע האָבן מיט דרך־ארץ געקוקט אױף אליהון. אַ שטילקײט האָט געדױערט אַ היפּשע צײַט. אליהו איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעבױגענעם קאָפּ.

— װעגן װאָס טראַכטסטו, אליהו? — האָט זיך אײַנגעשטעלט מנשה צו פֿרעגן.

— װעגן מײַן מאַמען... זי װױנט אין אַן אָרעמען באַראַק... אַז איך װעל זיך ניט אומקערן צוריק — װער װעט איר העלפֿן?...

— װאָס הײסט: װעסט ניט אומקערן זיך? פֿון װאַנען?...

— כ׳האָב באַשלאָסן צו שװימען צו דער מעפּילים־שיף, — האָט אליהו געענטפֿערט. — מע דאַרף ראַטעװען די שיף. זי איז פּונקט אַנטקעגן אונדז. ס׳איז טאַקע אַ ביסל װײַט, און ס׳איז געפֿערלעך איצט... אָבער עמעצער דאַרף זיך אײַנשטעלן צו ראַטעװען די עולים.

— אָבער דו ביסט דאָך נאָך אַ קלײנער!...

— ריכטיק, אָבער איך בין אַ גוטער שװימער!... זאָגט מיר נאָר, חבֿרה, אױב כ׳װעל זיך ניט צוריקקערן, װעט איר זאָרגן פֿאַר מײַן מאַמען?

---

3. לױערן — acechar.

4. הגנה — די אָרגאַניזאַציע, װאָס האָט געפֿירט דעם קאַמף קעגן די ענגלענדער.

בײַ די קינדער זײַנען די הערצער פֿאַרקלעמט געוואָרן. בײַ ירונען איך די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן...

— דו דאַרפֿסט נים אײַנשטעלן דײַן לעבן, אליהו! — האָט ער אויסגערופֿן.

— נישקשה, איך האָף, אַז כ׳וועל מצליח זײַן...

— די כוואַליעס זײַנען איצט זייער הויך, דער ים גייט זיך צעשטורעמען... באַקלער זיך, אליהו, וואָס דו גייסט טאָן! — האָט אים געפּרוּווט אָפּרעדן מנשה.

— איך ווייס, אַז די זאַך איז אַ געפֿערלעכע, — האָט אליהו געזאָגט, — אָבער דאָרט אויף דער שיף זײַנען דאָ צוויי טויזנט מעפּילים, און די שיף קאָן נאָך ווײַטער פֿירן עולים, אויב זי וועט נאָר נים אַרײַנפֿאַלן צו די ענגלענדער. כ׳וועל זיך שעמען תּמיד פֿאַר זיך אַליין, אויב איך וועל נים פּרוּוון צושווימען צו דער שיף און זיי וואָרענען, זיי זאָלן אָפּשווימען ווײַטער אין ים אַרײַן. מאָרגן בײַ נאַכט וועלן זיי קאָנען צוקומען צו בת־ים און דאָרט וועט מען אַראָפּנעמען די מענטשן.

אליהו איז אַרײַנגעשפּרונגען אין ים.

ב

ער האָט געהאַט ווײַט צו שווימען. דאָרט, אין דער פֿינצטערניש, איז געשטאַנען פֿאַראַנקערט די מעפּילים־שיף און געוואַרט אויף אַ צייכן פֿון דעם היימלאַנדברעג. אליהו האָט אָנגעהויבן צו רודערן(5) אין די שטורעמדיקע וואַסערן. צום אָנהייב האָט ער געפֿילט אַ שטאַרקע קעלט, אָבער נאָך עטלעכע מינוט האָט ער זיך גוט צעוואַרעמט. די כוואַליעס זײַנען גרויסע, אַזוינע הויכע!... אליהו האָט זיך אומגעקוקט צום ברעג: תּל־אָבֿיבֿ האָט געפֿינקלט — אַ באַלויכטענע און שטילע... תּל־אָבֿיבֿ ווייסט גאָרנישט וועגן דעם ייִנגל אליהו חרמון, וואָס גליוערט אין די כוואַליעס פֿון ים...

אַ שוואַרצער שאָטן זעט זיך פֿון דער ווײַטנס. זאָל עס זײַן די שיף? מע דאַרף זיך אָננעמען מיט כּוח... טאָן אַלץ — און דערלאַנגען זיך צו דער שיף... די שטערנדלעך פֿון אויבן, אַזוי ווי זיי וואָלטן אים געווונקען: שווים ווײַטער, ווײַטער... און דאָ לאָזן זיך אליהון אוים די כּוחות... דאָס ייִנגל פֿילט אַ מידקייט אין גאַנצן קערפּער...

— העי! העי, בחורים! — האָט אליהו אַ געשריי געטאָן אין דעם הושך פֿון דער נאַכט.

— העי־העי, בחורים — שרײַט נאָך אַ מאָל שטאַרקער אליהו. זײַן מויל ווערט פֿול מיט ים־וואַסער, געזאַלצענע, ברענענדיקע. דאָך שווימט

5. רודערן — אַרבעטן מיט די רודערס (remos).

ער ווײַטער, גיכער. ער נעמט צונויף זײַן גאַנצן כּוח און ווילן — און רו־דערט ווײַטער, נענטער צו דער שיף.

אָט איז שוין דער שוואַרצער שאָטן נאָענט. נאָך הונדערט מעטער. אָבער וואָס איז געשען?! די שיף הייבט אָן זיך צו דערווײַטערן!... נאָך אַ רגע און זי וועט אפֿשר אַוועקרודערן צום ברעג.

— העי, אַכטונג! העי, בחורים! — שרײַט אליהו מיט די לעצטע כּוחות. שטיל אַרום. און פּלוצעם שרײַט עמעצער פֿון דעם נעפּל:

— העי! ווער איז דאָרט אין ים?

— לאָזט אַראָפּ אַ שיפֿל! דאָ איז איינער פֿון דער „הגנה".

— גוט, בסדר! מיר לאָזן אַראָפּ אַ שיפֿל. האַלט זיך — אין צוויי מינוט זײַנען מיר בײַ דיר!...

אליהו שווימט אויפֿן רוקן... זײַנע אויגן זײַנען אָנגעשטעלט אויף די שטערן פֿון אויבן. ער רודערט מער ניט, ער האַלט נאָר אײַן זײַן פּאָזיציע, ער היט זײַנע כּוחות, וואָס גייען אים אויס. ער הערט שוין אָבער, ווי מע לאָזט אַראָפּ דאָס שיפֿל, ווי די מאַטראָסן רודערן. ווי אַ גוטע מוזיק קלינגט אים דאָס גערויש פֿון די רודערס — מע קומט אים שוין צו הילף...

— העי, וווּ ביסטו? — הערט זיך אַ קול פֿון שיפֿל.

— דאָ, דאָ! רודערט לויט מײַן קול!

מע האָט אליהון אַרויפֿגענומען אין שיפֿל, אים גלײַך אײַנגעדעקט מיט אַ קאָלדרע. דאָס שיפֿל האָט געביטן די ריכטונג און אַוועקגערודערט צו דער שיף.



איינער פֿון די רודערערס האָט זיך געווענדט צו דעם יִנגל, וואָס איז געלעגן איַינגעניורעט אין דער קאָלדרע:

— האָסטו באַקומען אַ באַפֿעל צו לאָזן זיך שווימען אין אַזאַ צע־שטורעמטן ים? איך פֿאַרשטיי ניט...

— כ'האָב ניט געקריגן קיין שום באַפֿעל... דאָס האַרץ האָט מיר געהייסן.

— ביסט אַ בחור — אַ צעדערבוים!

— פּשוט, כ'האָב איַיך געוואָלט וואָרענען, אַז די שיף טאָר זיך ניט דערנענטערן צום ברעג. ביַי יפֿו דרייט זיך אַרום אַן ענגלישע קריגשיף, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט געיעג אויף מעפּילים. בריטיש מיליטער איז נאָענט פֿון תּל־אָבֿיבֿער ברעג.

די מאַטראָסן האָבן געקלאַפּט מיט די רודערס. ים און הימל. און אָט איז שוין דאָס שיפֿל צוגעקומען צו דער שיף. מע האָט אַראָפּגעלאָזט אַ שטריקלייטער, און אליהו איז אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן דעק. צוויי פֿעסטע הענט האָבן אים אַרומגעכאַפּט. אליהו האָט געפֿילט, אַז דער אָפֿיציר פֿון דער שיף דריקט אים שטאַרק צו זיַין האַרצן.

— כ'בין געווען שטאַרק פֿאַרזאָרגט, — האָט געזאָגט דער עלטסטער, — איצט דערצייל דו: וואָס הערט זיך אויפֿן ברעג?

און אליהו האָט נאָך אַ מאָל דערציילט. וואָס האָט אים געבראַכט אַהער צו שווימען. דער אָפֿיציר האָט זיך צוגעהערט מיט קאָפּ און דערנאָך געזאָגט:

— פֿאַר דעם דאָזיקן שווימען קומט דיר אַן אויסצייכענונג, אליהו!

די אויגן פֿון אַלע אָפֿיצירן און מאַטראָסן האָבן געקוקט אויפֿן יִנגל מיט כּבֿוד און ליבשאַפֿט. און אליהו האָט געפֿילט אַ שטאָלצקייט פֿון דעם לויב און אַ ביסל האָט ער זיך פֿאַרשעמט...

אַזוי האָט אליהו חרמון אָפּגעראַטעוועט אַ שיף מיט מעפּילים.



## יוסף פּאַפּערניקאָוו

# פּ ל מ ״ ח

פֿון שטאָט און דאָרף, פֿון פֿעלד און פֿון פֿאַבריק —
די ייִנגסטע זענען זיי אין אונדזער וואַך,
די ייִנגסטע אויך אין אונדזער קאַמף און קריג,
די ייִנגסטע און געוואַגטסטע: דער פּלמ״ח(1).

זיי זײַנען אַלע קינדער נאָך כּמעט,
מיט קעפּ מיט ווינט-צעקעמטע, שוואַרץ און בלאָנד,
און ס׳וואַרפֿט זיך אין די אויגן אַזאַ יאַט(2),
וואָס איבערקערן וואָלט אַ וועלט געקענט...

די ייִנגסטע זײַנען זיי — אין עול(3) געשפּאַנט,
נאָר ס׳יאָגט פֿון זיי מיט לעבן, וואָס איז פֿרײַ
און איז זיי טײַער, ווי דאָס פֿאָטערלאַנד,
פֿאַר וועלכן ס׳איז זיך מקריבֿ זײַן כּדאַי.

זיי זײַנען אונדזער אויג אין קאָפּ אַצינד,
און ס׳ווינטשט זיך ס׳לאַנד אַזעלכע זין אַ סך,
ווײַל שׂונאים האָבן מיר נאָך מער ווי הינט,
איז אונדזער טרייסט: די גבֿורה פֿון פּלמ״ח!

---

1. פּלמ״ח — פּלוגות מחץ — שטורעם-אָפּטיילונגען פֿון דער מיל טערישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין קאַמף מיט די ענגלענדער און אַראַבער אין דער באַפֿרײַונגס-מילחמה פֿאַר ישׂראל.
2. יאַט — יונגער בחור.
3. עול (אָל) — yugo.



אויף דער וואַך
בײַ דער גרענעץ

| זאבֿ וואַרדי | יונגע העלדן |
|---|---|

## א

געשען איז דאָס אין 1947, אין תּל־אָבֿיבֿ.

אין איינער פֿון די שולן איז געגאַנגען אַ לעקציע פֿון געשיכטע. דער לערער האָט געהאַלטן אין מיטן דערציילן וועגן דעם לעצטן אויפֿשטאַנד פֿון די ייִדן קעגן די רוימער. די יונגע תּלמידים האָבן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעהערט צום לערער און באַוווּנדערט דעם מוט פֿון בר־כּוכבֿאן, דעם פֿירער פֿון אויפֿשטאַנד.

פּלוצעם האָט זיך שטיל געעפֿנט די טיר פֿון קלאַסצימער, און אויף דער שוועל(1) האָט זיך באַוויזן אַ פֿאַרשפּעטיקטער תּלמיד — דער צוועלפֿיאָריקער חיים. ער האָט זיך ניט גערעכנט צווישן די בעסטע תּלמידים, אָבער ער האָט נאָך קיין מאָל אַזוי ניט פֿאַרשפּעטיקט. חיים איז געבליבן שטיין בײַ דער טיר, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אַלע תּלמידים האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו אים און... אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיקן געלעכטער: חיימס רעכטע באַק איז געווען געשוואָלן(2), ווי אַ באַרג; אַ רויט־בלויער צייכן האָט זיך געצויגן פֿון זײַן רעכטן אויג ביז דער אונטערשטער ליפּ, און זײַן רעכטע האַנט איז געווען פֿאַרבאַנדאַזשירט(3).

איינער פֿון די ייִנגלעך האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און געפֿרעגט מיט געלעכטער:

— חיימקע, וואָס האָט געטראָפֿן? האָסט זיך אָנגעשלאָגן אין אַ לויפֿנדיקן אויטאָבוס אָדער אַ טעלעגראַף־סלופּ(4) איז דיר געקומען אַנטקעגן?...

דער געלעכטער אין קלאַס איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, און דער לערער האָט געמוזט עטלעכע מאָל אַ קלאַפּ טאָן אין טיש, ביז דער טומל האָט זיך אײַנגעשטילט.

— חיים, פֿאַרמאַך די טיר און זעץ זיך אויף דײַן אָרט! — האָט דער לערער באַפֿוילן.

חיים האָט זיך צוגעשאַרט צו זײַן באַנק און זיך אַוועקגעזעצט.

---

1. שוועל — umbral.
2. געשוואָלן — hinchado.
3. באַנדאַזשירט — פֿאַרבונדן.
4. סלופּ — poste.

— און איצט, חיים, — האָט דער לערער געזאָגט, — אפשר וואָלסטו אונדז דערקלערט, פאַר וואָס דו האָסט פאַרשפּעטיקט און ווער האָט דיך אַזוי צעשלאָגן?

חיים האָט אַ לאַנגע ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן געענטפערט:

— איך... איך האָב זיך צעקריגט מיט מײַן עלטערן ברודער... און ער האָט מיך געשלאָגן... מײַן מאַמע האָט מיר פאַרבונדן די האַנט...

— ווי עס ווײַזט אויס, האָט עס געמוזט זײַן אַ שטאַרקע קריגערײַ. דאָס צווייטע מאָל, חיים, זאָלסטו זיך היטן צו שלאָגן זיך ניט מיט דײַן גלײַכן! — האָט דער לערער געזאָגט האַלב אין שפּאַס, און דער קלאַס האָט זיך ווידער צעלאַכט.

אָבער באַלד איז געוואָרן שטיל און דער לערער האָט גענומען ווײַטער דערציילן וועגן בר־כּוכבאָן. ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָט ער געלאָזט וויסן די תּלמידים, אַז אין אָוונט וועלן אַלע שולקינדער גיין צוזאַמען אין קינאָ צו זען דעם פילם „די קינדער פון קאַפּיטאַן גראַנט" און אַז באַלד וועט מען זיי צעטיילן די בילעטן.

אין דער מינוט האָט זיך דערהערט אַ געשמאַק כראָפּען פון דער באַנק. ווו חיים איז געזעסן. ווידער האָבן די קינדער שטאַרק זיך צעלאַכט. פון דעם געלעכטער האָט חיים זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך געריבן די אויגן און געקוקט פאַרשולדיקט אויף דעם לערער און די חבֿרים.

— איך זע, — האָט דער לערער געזאָגט, — אַז דו ביסט ניט אויסגעשלאָפן. האָסטו זיך אַ גאַ־אַ־אַ־נצע נאַכט געקריגט מיט דײַן ברודער?...

חיים האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן, אָבער עס זײַנען אַרויס נאָר עטלעכע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

— ווייסטו וואָס, חיים? — האָט זיך אָנגערופן דער לערער. — דו וועסט הײַנט בײַ נאַכט ניט גיין מיט אונדז אין קינאָ. וועסט בלײַבן אין דער היים און גוט זיך אויסשלאָפן.

דער לערער האָט פאַרלאָזט דעם קלאַס, און די תּלמידים — נאָך אים. חיים האָט גענומען זײַן רענצל(5) און זיך געלאָזט גיין אַהיים. אַ גרופּע יינגלעך איז אים נאָכגעגאַנגען, לאַכנדיק און שפּאַסנדיק(6) פון אים.

איינער פון דער חבֿרה, שמעון, איז אונטערגעלאָפן און אַרויסגעכאַפּט דאָס רענצל בײַ חיימען פון דער האַנט, אָבער עס איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. דאָס רענצל האָט זיך געעפנט, און פון דאָרט זײַנען אַרויסגעפאַלן אַ סך געדרוקטע בלעטלעך. חיים האָט אויף גיך צונויפגעקליבן די בלעטלעך און זיי אַרײַנגעשטופּט צוריק אין רענצל. באַלד איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן.

---

5. רענצל — טעסע, פּאָרטפעל. 6. שפּאַסנדיק — bromeando.

ב

אין אָוונט איז דער גרויסער קינאָ געווען געפּאַקט מיט הונדערטער קינדער, וואָס האָבן הנאה געהאַט פֿון דעם שיינעם פֿילם וועגן די אַוואַנ־טורעס פֿון די קינדער פֿון קאַפּיטאַן גראַנט. פּלוצעם האָט מען איבערגע־ריסן דאָס בילד מיט אַ ראַדיאָ־בולעטין:

— אַכטונג, אַכטונג! נעכטן בײַ נאַכט זײַנען צוויי יִנגלעך פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך בריטישע זשאַנדאַרמען בײַם אויסקלעפּן אויף די ווענט פֿון שטאָט אויפֿרופֿן(1) פֿון דער „הגנה"(2). איין יִנגל איז אַזוי צעשלאָגן גע־וואָרן פֿון די זשאַנדאַרמען, אַז ער געפֿינט זיך אין אַ שפּיטאָל אין אַ שווערן צושטאַנד. דאָס צווייטע יִנגל, פֿון אַ יאָר צוועלף, איז אויך שטאַרק צע־שלאָגן געוואָרן, אָבער אים איז געלונגען זיך אַרויסצורײַסן און אַנטלויפֿן. די בריטישע פּאָליציי זוכט איצט אַרום דעם אַנטלאָפֿענעם פֿאַרווונדעטן בחורל.

אויפֿן לײַוונט האָט זיך ווידער באַוויזן דער איבערגעריסענער פֿילם, און די קינדער אין זאַל זײַנען ווײַטער פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דעם בילד. נאָר איין שמעון האָט מער ניט געפֿונען קיין אינטערעס אין דעם פֿילם. אין זײַנע אויערן האָט געקלונגען דאָס געלעכטער פֿון די קינדער איבער חיימס געשוואָלענער באַק, פֿון דעם רויט־בלויען פּאַס אויף זײַן פּנים און פֿון דער פֿאַרבונדענער האַנט. פֿאַר שמעונס אויגן איז געשטאַנען חיים מיטן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און נאָך — די בלעטלעך פֿון זײַן רענצל...

איצט איז פֿאַר שמעונען אַלץ קלאָר געווען: חיים איז ניט געשלאָפֿן בײַ נאַכט, ווײַל ער האָט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן בײַם אויסקלעפּן אויפֿ־רופֿן פֿון דער „הגנה" — דאָס זײַנען דאָס די בלעטלעך פֿון זײַן רענצל — ער האָט זיי ניט באַוויזן אויסצוקלעפּן, ווען די בריטישע זשאַנדאַרמען האָבן אים געכאַפּט... ניט אַנדערש, אַז חיים דינט אין דער „הגנה".

שמעון האָט שוין ניט געקאָנט אײַנזיצן אין קינאָ. יאָ, ער מוז אָפּזוכן חיימען, ער מוז אים איבערבעטן פֿאַר דעם געלעכטער און שפּאַסן פֿון אים אין קלאַס!

ג

אויף שמעונס קלונג אין טירגלעקל איז אַרויסגעקומען אַ בחור פֿון אַ יאָר אַכצן־נײַנצן.

— איך האָב געוואָלט זען חיימען, — האָט שמעון אים געזאָגט.

— וואָס דאַרפֿסטו חיימען? — האָט דער בחור געפֿרעגט.

---

1. אויפֿרופֿן — פּראָקלאַמאַציעס.

2. הגנה — די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געפֿירט דעם קאַמף מיט ענגלאַנד.

— איך האָב אים... געוואָלט עפּעס פֿרעגן... וועגן דער היימאַרבעט, וואָס מע האָט אונדז פֿאַרגעבן... — האָט שמעון אויף גיך צוגעטראַכט אַ תּירוץ(1).

— חיים איז ניטאָ, — האָט דער בחור געזאָגט, — און ער וועט מסתּמא קומען שפּעט...

שמעון איז אַוועק אַן אַנטטוישער(2). ער האָט פֿאַרשטאַנען, וווּהין חיים איז אַוועקגעגאַנגען. מיט אַ פֿאַרוווּנדיקטער האַנט און פּנים איז ער היינט ווידער געגאַנגען קלעפּן אויפֿרופֿן, כאָטש ער ווייסט, אַז די ענגלענדער זוכן אים אַרום.

אַהיים איז שמעון געקומען אַ שטאַרק צערודערטער(3). ער האָט שוין ניט געוואָלט עסן און איז גלייַך אַרייַן צו זיך אין צימער. אין די קליידער האָט ער זיך געלייגט אויפֿן בעט, אָבער שלאָפֿן האָט ער אויך ניט געקאָנט. חיים איז אים געשטאַנען פֿאַר די אויגן, און שמעון האָט שטאַרק חרטה געהאַט אויף דעם שפּאַס און געלעכטער אין קלאַס. וואָס וועט זייַן, אויב חיים וועט הייַנטיקע נאַכט ווידער אַרייַנפֿאַלן צו די זשאַנדאַרמען אין די הענט?... ניין, ער מוז געפֿינען חיימען! ער מוז זייַן מיט אים, אים העלפֿן, אים אויסהיטן פֿון די זשאַנדאַרמען...

אויף גיך איז שמעון אַראָפּ פֿון בעט און שטיל האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט(4) פֿון שטוב. ער האָט אָנגעהויבן זיך צו שאַרן בייַ די ווענט און מויערן פֿון די פֿינצטערע גאַסן. שמעון האָט זיך געמוזט היטן פֿון די גאַסלאָמפּן און פֿון די שייַנוואַרפֿערס(5) פֿון די זעלטענע פֿאַרבייַפֿאָרנדיקע אויטאָמאָבילן. אַזוי איז ער געגאַנגען פֿון גאַס צו גאַס, זיך אייַנגעקוקט אין יעדן שאָטן, אין יעדן טויער און ווינקל פֿון גאַס.

און אָט — אויף איין גאַס האָט ער באַמערקט אַן אייַנגעבויגענע געשטאַלט(6), זיצנדיק לעבן אַ טויער פֿון אַ הויז. לעבן אים איז געשטאַנען אַן עמער. פֿאַרזיכטיק איז שמעון צוגעגאַנגען און ער האָט דערזען חיימען. יענער האָט זיך שנעל געטאָן אַ הייב אויף און געוואָלט אַנטלויפֿן.

— חיים, דאָס בין איך, שמעון! — האָט ער שטיל אַ געשריי געטאָן. — איך זוך דיך שוין אַרום מער פֿון צוויי שעה... חיים, איך ווייס אַלץ... איך האָב געהערט אין ראַדיאָ, אַז מע זוכט דיך אַרום... איך בין געקומען דיר העלפֿן!....

חיים האָט אים אָנגעקוקט. איז דאָס דער אייגענער שמעון, וואָס האָט בייַ אים אַרויסגעריסן דאָס רענצל הייַנט אין דער פֿרי?

---

1. תּירוץ (טערעץ) — פּרעטעקסט.
2. אַנטטוישט — desilusionado.
3. צערודערט — צעמישט, נערוועז.
4. אַרויסשאַרן זיך — אַרויסגיין קיינער זאָל ניט זען.
5. שייַנוואַרפֿערס — לאָמפּן פֿון די אויטאָס.
6. געשטאַלט — פֿיגור.

— איך בין געזעסן דאָ... די האַנט טוט מיר שטאַרק וויי, און איך קאָן היינט ניט קלעפּן גוט... ווילסט העלפן? גוט... אָבער דו מוזט מיר שווערן(7), אַז קיינער וועט גאָרניט וויסן, אַז דו וועסט קיינעם ניט דערציילן, ,,אַפילו ניט דיינע עלטערן, ניט דעם לערער — קיינעם! איך האָב אויך געמוזט געבן אַזאַ שבֿועה(8) אין דער „הגנה".

שמעון האָט מיט אַ ציטערדיקן קול זיך געשוואָרן, אַז ער וועט קיינעם ניט זאָגן גאָרניט. חיים האָט אים איבערגעגעבן דעם עמער מיט דעם בערשטל און אים געזאָגט, ווו און ווי אַזוי צו קלעפּן די אויפרופן. אַזוי זיינען זיי ביידע געגאַנגען און געקלעפּט, ביז זיי האָבן שוין ניט געהאַט קיין בלעטלעך מער. פאַר טאָג איז שוין געווען, ווען שמעון האָט אָפּגע־פירט חיימען אַהיים — קוים, וואָס ער איז געגאַנגען.

חיים איז געווען קראַנק אַ לאַנגע צייט, אָבער זיין אַרבעט האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט — שמעון האָט זי געטאָן יעדע נאַכט, און נאָך אַזעלכע יינגלעך, ווי שמעון און חיים.

## אַבֿרהם לעוו — קינדער פון ישׂראל

מיין ייִדיש וואָרט וועט
אַ פלאַקער(1) טאָן, פייערן —
אַ גרוס וועט עס ברענגען
אייך, קינדערלעך טייערע!

אַ גרוס פון די משהלעך,
שלמהלעך, שׂרהלעך,
וואָס האָבן צעבליט זיך
דאָ, קיין עין־הרע(2) ניט.

דער זעלנער איז ייִדיש,
און די אָפיצערן,
די ביקס און האַרמאַט(3) —
צו אונדז טוט געהערן.

אַ שווים טאָן די ימען
די בלויע אַריבער,
אַ גרוס אַט־אָ טראָגט עס
אייך, קינדערלעך ליבע!

ווייל אַלץ איז דאָ אייגנס
אַנטקעגן געגאַנגען,
אַ ייִדיש דאָס פעלד, און
ס'איז ייִדישע זאַנגען(4).

דאָ וויינט ניט קיין קינד,
איך קען פאַר אייך שווערן,
און אויב אַ מאָל יאָ,
איז מיט ליכטיקע טרערן...

---

7. שווערן — jurar.
8. שבֿועה — juramento.

1. פלאַקערן — ברענען.
2. קיין עין־הרע (איין־האָרע) — עס זאָל זיי ניט שאַטן.
3. האַרמאַט — קאַנאָן.
4. זאַנג — espiga.



אַ פֿריידיקער טאַנץ בײַם כּותל מערבֿי גלײַך נאָכן אָפּנעמען די אַלטשטאָט
פֿון ירושלים

## נעמי שמר* | ירושלים, שטאָט פֿון גאָלד

עס איז, ווי ווײַן, די באַרגלופֿט לויטער, אַ סאָסנעביימער־דופֿט(1),
און גלאָקנקלאַנג, אין שקיעה(2) רויטער, צעטראָגט זיך אין דער לופֿט;
אין טיפֿן שלאָף די ביימער, פֿעלדזן, אין חלום איז פֿאַרקלעמט, —
ווי עלנט, שטאָט, בײַ דיר אין האַרצן דער כּותל(3) שטייט פֿאַרשעמט...
ירושלים, שטאָט פֿון גאָלד,
אָ, שטאָט פֿון קופּער, פֿון ליכט, וואָס גליט, —
איך בין פֿאַר דיר, ווי אַ פֿידעלע, פֿאַר דײַן ליד!
ווי טרוקן דײַנע וואַסערגריבער, דײַן מאַרק — ווי ליידיק־ריין,
צום הר־הבית אין דער אַלטשטאָט קומט קיינער ניט צו גיין;
און פֿון די היילן, אין דעם פֿעלדזשטיין, ברומט יאָמערלעך(4) דער ווינט,
צום ים־המלח דורך יריחו קומט קיינער ניט אַצינד...
ירושלים, שטאָט פֿון גאָלד,
אָ, שטאָט פֿון קופּער, פֿון ליכט, וואָס גליט, —
איך בין פֿאַר דיר, ווי אַ פֿידעלע, פֿאַר דײַן ליד!
נאָר ווען ס׳וועט קומען דײַן געזאַנגסטאָג און קריינען דיך מע וועט,
דאַן בין איך קלענער פֿון דײַן יינגסטן, דעם מינדעסטן(5) פּאָעט...
ווײַל ווי אַ שׂרף(6) קושט די ליפּן, זיי דריקט דײַן נאָמען בלויז, —
צי קען איך, קרוינשטאָט, דיך פֿאַרגעסן, וואָס גאָלד דו ביסט דורכויס!
ירושלים, שטאָט פֿון גאָלד,
אָ, שטאָט פֿון קופּער, פֿון ליכט, וואָס גליט, —
איך בין פֿאַר דיר, ווי אַ פֿידעלע, פֿאַר דײַן ליד!

(פֿון העברעיִש: לייב אָליצקי)

---

*שמר (שעמער) — די מחברטע פֿון ליד „ירושלים של זהב", וואָס איז אזוי באַרימט געוואָרן בשעת און נאָך דער „מילחמה פֿון די זעקס טעג" אין ישׂראל.

1. דופֿט — שמעקנדיקער ריח.
2. שקיעה — זונפֿאַרגאַנג.
3. כּותל־מערבי (קויסל מאַראָווי) — די איינציקע איבערגעבליבענע וואַנט פֿון בית־המקדש.
4. יאָמערלעך — מיט אַ שטאַרקן געוויין.
5. מינדעסטער — קלענסטער.
6. שׂרף (סאָרעף) — פֿײַערדיקער מלאך.

# וּוכצעטל

## ערשטער אָפּטײל: ייִדישע אותיות



## צווייטער אָפּטײל: אונדזערע שרײַבערס

### א) שלום־עליכם



### ב) חיים־נחמן ביאַליק

## דריטער אָפּטייל: צווישן קינדער אַ מאָל און היינט



## פֿערטער אָפּטייל: שיינע הייליקע טעג

## פינפטער אָפּטייל: געדענק די העלדן און קדושים

זעקסטער אָפּטייל: לכּבֿוד יום־העצמאות

